נ. סיגאַלאָווסקי

# דער אוצר

## דערציילונגען



אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון
קולטור־גרופּע „יידיש"
נוואַרק, ניו־דזשוירזי, 1949

מיין ליבער פרוי
שרהלע
— א מתנה

# THE TREASURE

## STORIES

By

**N. SIEGALOVSKY**



Printed in the United States of America by
The Shoulson Press, New York
255

# אינהאַלט




דריי דורות ........................................ 5
אַלע דריי ........................................ 10
שטרוי ........................................ 14
נאַסטיאַ ........................................ 21
דער אוצר ........................................ 27
מרים ........................................ 54
דער פערד־גנב ........................................ 63
די רויטע קו ........................................ 68
בלעטער פאַלן ........................................ 94
די בעטלערין ........................................ 103
זון מיינער ........................................ 109
אַ שטוב מיט אַ גאָרטן ........................................ 136
אויף דער וואָך ........................................ 154
אויפן גלייכן וועג ........................................ 167
זיין אויסגעשטרעקטער אָרעם ........................................ 173
ביי אונדז אין בלאָק ........................................ 176
אינעם שאָטן פונעם בוים ........................................ 180
דער מזל־דיקער בוים ........................................ 184
די באָבע שיינע רחל ........................................ 198

# דריי דורות

**פישל** דער קאָוואַל פונם דאָרף סטריזשאַקי האָט בחורוויז קוים געקאָנט דאַוועגען אין זיין אייגענעם סידור, און דערפאַר האָט ער געהאַט אַ קליינעם פאַרנעם ניט נאָר ביי די אַרומיקע דאָרפס־יידן, נאָר אפילו די סטריזשאַקיער גוים האָבן אים גערופן „מוזשיצקי זשיד.״ (גוי׳עשער ייד) אַלע האָבן געוואוסט, אַז ווען פישל דאַרף זיך חתמענען, איז — אַנשטאָט זיין נאָמען — „לייגט ער אַוועק״ אַ קלעק מיטן פינגער.

אָבער, ווי געזאָגט, אַזוי איז פישל געווען בחורוויז.

אַז ער איז אַלט געוואָרן איין־און־צוואַנציק יאָר, האָט מען אים אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט. ער האָט געדינט אין ווייטע גרויסע שטעט און צוריק איז ער געקומען גאָר אַן אַנדער מענטש. אין וואָס די אַנדערשקייט איז אין פישלען באַשטאַנען האָט קיינער ניט געוואוסט, אָבער אַלע האָבן געפילט, אַז פישל איז שוין מער ניט דער וואָס געווען.

אַ דורכפאָרנדיקער פריץ האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן פישלס קוזניע פאַרריכטן עפּעס אין זיין קאַרעטע. פישל האָט באַמערקט ביים פריץ אין קעשענע אַ גאַזעט, און ער האָט זיך אַזוי דערפרייט, אַז ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרלוירן, און ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. אָבער נאָכדעם, ווי ער האָט פאַרריכט די קאַרעטע און דער פריץ האָט אים באַלוינט, האָט פישל מיט זיין גאַנצער גרויס פאַרשטעלט דעם פריץ דעם וועג און זיך ניט־געוואגט צעשמייכלט.

דער פריץ האָט אים אָנגעקוקט דערשטוינט און געפרעגט, וואָס ער וויל פון אים.

פישל האָט אָנגעוויזן אויף דער רוסישער גאַזעטע, וואָס האָט

אַרויסגעשטעקט פונם פּריצס קעשענע און געבעטן דעם גוטבאַזיצער, ער זאָל אים לאָזן כאַטש אַ קוק טאָן אין איר.

דער פּריץ האָט זיך צעלאַכט, נאָכלעסיק אַ פרעג געטאָן: „אַ, ביסט אַ גראַמאַטנע?" און אים אָוועקגעגעבן די צעקנייטשטע צייטונג.

פישל האָט די געדרוקטע בויגנס צעשפּרייט אין זייער גאַנצער גרויס... ער האָט מיט פרייד געזען, ווי זיי זיינען אָנגעפּיקעוועט מיט אַן אַ שיר אותיות און אותיותלאַך, און ער האָט זיך גענומען לייענען און פירן דערביי מיט אַ פינגער.

דערווייל איז דורכגעגאַנגען איוואַן רעשעטניק, אַ גוטער שכן. ער האָט געוואָלט אַביסל „באַלאַקען" מיטן יידן. ער טוט אַ קוק — פישל זיצט איבער אַ גאַזעט, טייטלט מיט אַ פינגער, לייענט און זיין פּנים שיינט יום טובדיק.

אַז פישל האָט דערזען איוואַנען, האָט ער זיך פאַרשעמט, וואָס ער האָט אין מיטן העלן טאָג אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט און זיך גאָר גענומען צו אַ גאַזעט. ער האָט זי אפילו געוואָלט באַהאַלטן, אָבער איוואַן האָט אַנטציקט און מיט באַוואונדערונג געזאָגט:

— אָ! ? אָט דאָס איז עס, וואָס דו האָסט זיך אויסגעלערנט אין די סאָלדאַטן? זייער פיין! זייער גוט! אַ־נו, פישל, לייען נאָר עפּעס, און לאָמיר הערן, וואָס טוט זיך אויף גאָטס ווייסער וועלט.

פישל, אינגאַנצן אַ פאַרענדערטער, אַ שטאָלצער אויף זיין גייסטיקן פאַרמעגן, האָט זיך שווער געדראַפּעט איבער די געדרוקטע אותיות, און איוואַן האָט מיט אַן אָפן מויל און בלישטשענדיקע גראָע אויגן, זיך איינגעהערט...

— — — — — — — — — —

אין אָוונט האָט שוין גאַנץ סטריזשאקי געוואוסט, אַז פישל קאָן לייענען אַ גאַזעט. זיינען פויערים — אפילו אַ פּאָר פויערטעס — געקומען צו פישלען אין זיין קליין שטיבל. מען האָט זיך אויסגעזעצט וואו נאָר עס איז געווען אַ שטיקעלע אָרט, די מאַנסבלען האָבן פאַר־רויכערט די גראָבע מאַכאָרקע־ציהארקעס און אַלע האָבן געהערט, ווי פישל האָט געלייענט.

אַ שטיק צייט האָט מען די צייטונג געלייענט כמעט יעדן אָוונט צו ביסלאַך. ביז דאָס פּאַפּיר איז אַזוי צעריבן געוואָרן, אַז מען האָט שוין מער ניט געקאָנט אַ וואָרט צונויפשטעלן. דאַמאָלט איז אין סטריזשאקי געוואָרן עפּעס אַזוי מאָדנע פּוסט און די גוים האָבן

דערפילט, אַז עס פעלט זיי פישל מיט זיין גאַזעט. און ווען מען איז געפאָרן אין וואָלאָסט אַריין, האָט מען פון דאָרט געבראַכט אַ ציימונג, און סטריזשאַקי האָט ווידער אויפגעלעבט.

זומער איז מען געווען פאַרהאָרעוועט, און קיינעם פון די סטרי־זשאַקיער גוים איז אין זינען ניט געווען קיין צייטונג. ווי נאָר עס האָבן זיך אָנגעהויבן די ווינטערדיקע קורצע טעג און לאַנגע אָוונטן זיינען געקומען, אַזוי איז מען געגאַנגען צו פישלען אַזוי פיל, וויפל עס האָבן נאָר געקאָנט אַריין אין זיין קליינער כאַטע.

פישל האָט געליינט, און די פויערים האָבן געהערט. שווער צו זאָגן, צי זיי האָבן עפּעס פאַרשטאַנען. עס איז אפילו אַ צווייפל, צי פישל, דער לייענער אַליין האָט עפּעס באַנומען פון זיין פאַרלייענען. זיכער איז אָבער, אַז אַלע — סיי דער פאַרלייענער, סיי די צוהערער — האָבן שטאַרק הנאה געהאַט פון דער צייטונג.

---

שפּעטער האָט פישל חתונה געהאַט, אויפגעצויגן קינדער, אָבער דעם גאַזעט האָט ער ניט פאַרראַטן. ער האָט אים געלייענט איצטער, ווי אין דער יוגנט.

פישלס זין זיינען געוואָרן גוטע קאַוואַליעס. לערנען האָבן זיי ניט געוואָלט און קיין גאַזעטן האָבן זיי ניט געלייענט. און דערפאַר האָט פישל זיינע בנים ניט ליב געהאַט און פאַר זיין בת יחידה האָט ער גענומען אַ יונגנמאַן פון אַ שטעטל. ער האָט פאַרן פאַרפאַלק גע־דונגען אַ שטיבל אין דאָרף, זיי געמאַכט אַ קלייטל, און די גוים זיינען געבליבן צופרידן פונם פרעמדן, ווייל ער איז געווען אַ גאַטס־פאַרכטיקער, האָט אַלעמען אָרנטלעך באַהאַנדלט און... האָט געקאָנט לייענען אַ רוסישע צייטונג.

אָבער יענער האָט שוין מיטן פינגער ניט געטייטלט בשעתן לייענען... ער האָט נאָר געקוקט און געזאָגט גלייך ווי אַ וואַסער...

די פויערים האָבן זיך גאָרניט געקאָנט אָפּוואונדערן, און פישל האָט געהאַט גרויס נחת פון זיין איידים.

אויסער לייענען די גאַזעטן האָט נאָך פישלס איידים געקאָנט אויסשטעלן אַ שיינעם בריוו און ער האָט אפילו איין מאָל אָנגעשריבן אַן אַדרעס אַזש קיין אַמעריקע.

די נייעס וועגן דעם איז דערגאַנגען ביז אין וואָלאָסט און דער אוריאַדניק מיט נאָך עפּעס אַ פאַרשוין אַן אַ מונדיר זיינען אַרונטער־

געקומען אין דאָרף אַריין זען, צי דער פרעמדער בונטעווער ניט דאָס פֿאָלק. זיי האָבן אויסגעפֿונען, אַז דער ייִד לייענט פֿאַר די פּויערים די זעלביקע צייטונג, וואָס מען לייענט אין וואָלאָסט. אויסער דעם איז דער ייִד לויט זיינע דאָקומענטן געווען כּשר אין אַלע אופנים, און מען האָט אים צו־רו געלאָזן.

נאָכן וויזיט פֿונם אוריאַדניק מיט יענעם אַנדערן פּאַרשוין, האָט פֿישל דעם איידעם געזאָגט, אַז ער וויל ניט האָבן קיין צרות און וויל ניט, ער זאָל לייענען די גאַזעטן. אָבער די גוים האָבן ניט אָפּ־געטראָטען פֿונם יונגנמאַן, ביז ער האָט ווידער אָנגעהויבן פֿאַר זיי פֿאַר־צולייענען . . . . .

---

פֿישלס איידעם האָט שוין זיין ייִנגל, וואָס איז אין דאָרף גע־בוירן און אויפֿגעוואַקסן, ניט געהאַלטן לעבן זיך, נאָר ער האָט אים אַוועקגעשיקט אין שטעטל צו אַ גמרא־מלמד. אין שטאָט האָט דאָס ייִנגל זיך ערגעץ אויסגעלערנט רוסיש, אַריין אין דער דאָרטיקער „אוטשילישטשע״ (שול) זיך אַריבערגעפּירט אין דער אויעזדנע גימ־נאַזיע און איז צוריקגעקומען אין דאָרף אַריין אין אַ גימנאַזיע־אוני־פֿאָרם, מיט גלאַנציקע קנעפּ . . . רוסיש האָט ער גערעדט בעסער פֿונם וואָלאָסט־שרייבער און אַ צייטונג האָט ער געלייענט שוין ניט ווי זיין טאַטע, אַבי געכאַפּט, — נאָר ער האָט יעדן זאַץ אַרויסגעבראַכט ריין און קלאָר. און די שווערע, קאַלטע רוסישע ווערטער פֿאַרטייטשט אויפֿן היימישן אוקראַייניש.

די פּויערים האָבן דערפֿילט דעם טעם פֿונם געדרוקטן וואָרט, און זיי האָבן שוין איצט ניט געדאַרפֿט וואַרטן אויף דער רוסישער גאַזעטע פֿונם וואָלאָסט, מחמת צו פֿישלס אייניקל פֿלעגן אָנקומען אַלע טאָג צייטונגען, זשורנאַלן און אַפֿילו ביכער.

דאָס ייִנגל האָט געלייענט, און ווען ער האָט ניט געלייענט, האָט ער גערעדט נאָך שענער, ווי אין דער צייטונג שטייט געשריבן. און פּויערים האָבן זיך אַזש געצלמט פֿאַר מורא און פֿאַר די זינדיקע מחשבות, וואָס זיינען זיי אין קאָפּ געקראָכן פֿונם גימנאַזיסטס רייד.

דאַמאָלט איז אין וואָלאָסט שוין געווען אַן אַנדער אוריאַדניק מיט אַן אַנדער פּאַרשוין. און זיי זיינען געקומען קיין סטריזשאַקי. דעם גימנאַזיסט האָבן זיי אַרעסטירט און פֿישלס איידים אַרויסגעשיקט.

זיינען די פּויערים אומגעגאַנגען מיט פֿינסטערע שטערנס און

געקלערט, וואָס מע טוט, און קיין עצה ניט געקאָנט געפינען. זיינען זיי אַוועק צום אַלטן פישל און מע האָט אים געבעטן, ער זאָל פאַר זיי לייענען די גאַזעטע.

פישל האָט אָנגעטאָן די ברילן, זיך גענומען צום לייענען, זיך דראפּען און קוים דורכקריכן אַ פּאָר שורות. אָבער ער האָט געפילט, אַז די גוים הערן אים ניט, אַז זיי רוקן זיך אַרויס איינציקווייז, אַז זיין לייענען וועט זיי שוין גאָרניט דערציילן.



# אַלע דריי

מיטן תבואה־שניט זיינען אָנגעקומען הייסע, ווינטיקע וועטערן, און די רייפע, שווערע קאָרנזאַנגען האָבן אָנגעהויבן פאַרלירן די קערנער. דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך דעריבער געאײַלט צום שנײַדן פאַרטאָג, און אַהיים איז מען געקומען שפּעט אין אָוונט. אייניקע שניטער זיינען פאַרבליבן אין פעלד אַרבעטן אויף גאַנצע נעכט. איין שניטערין, פּאַלאשקא קאָציובא, אַ פערציק־יעריקע, ברייט־פּלייציקע פויערטע, אַ טראָגעדיקע מיטן דרייצענטן קינד, האָט אומדערמידלעך געאַרבעט. זי האָט געשניטן פּאַמעלעך, אָבער זיך ניט אָפּגערוט. און נאָר בייטאָג, ווען די סוף יולי־זון האָט שטאַרק געברענט, האָט זיך פּאַלאשקע געלייגט שלאָפן אויף צוויי שעה. פּאַלאשקעס מאַן האָט נאָך שווערער געאַרבעט, נאָר אויף ביינאַכט האָט ער אין פעלד ניט געוואָלט בלייבן. זי אָבער האָט ניט גערוט. אַ געבויגענע, מיטן סערפּ אין האַנט, האָט זי זיך באַוועגט פאָרויס איבעם שטילן נאַכטיקן פעלד, לאָזנדיק הינטער זיך אַ ריי שווערע ענג־געבונדענע גארבן.

ערגעץ אין דער ווייט האָט אַ בלייך ליכט שטיל געוואונקען. אַ נאַכטיקער פויגל האָט אין שרעק גערופן. און פון דער נאָנט האָט זיך געהערט אַ שטענדיקער שאָרך, דאָס האָט עמיצנס סערפּ פאַרשניטן די זאַנגען.

„וואָס הערט זיך אין דער היים? האָט פּאַלאשקע געטראַכט. שטויב, שמוץ און אומאָרדענונג. די קליינוואַרג ניט געוואַשן, ניט געצוואָגען... און דאָ קומט אַזאַ צייט, אַזאַ צייט! עס קומט דאָס געבורט פון אַ ניי קינד! זי זאָל עס כאָטש אין פעלד ניט האָבן!

עס איז אַריבער אַ וואָך. און אָט האָט די פרוי דערפילט געבורט־ווייען. זי האָט זיך באַלד געלאָזט גיין אַהיים.

עס איז נאָך געווען זייער פרי. ניט ווייט פונם דאָרף האָט זי באַגעגנט דעם מאַן.

— און וואוהין גייסטו דאָס? — האָט ער די ווייב געפרעגט.

— איכל זיך גיך אומקערן — האָט זי מוטיק געענטפערט, אום זי זאָל ניט אָפּשלאָגן דעם מאַן פון אַרבעט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר, מער גאָרניט געזאָגט און אַוועק אין פעלד. און זי האָט זיך קוים דערשלעפּט אַהיים.

זי איז אַריין אין שטיבל און אין שרעק זיך אָפּגעשטעלט.

ניט נאָר די ווענט, — אפילו די סטעליע איז געווען קויטיק און פאַרשמירט. דער ערדענער דיל — נאַס און שמוציק, ווי דאָ וואָלטן זיך אויפגעהאַלטן קעלבער, און ניט קיין קינדער.

די עלטסטע, דרייצניעריקע טאָכטער איז שוין אין פעלד. זי פאַשעט דאָרט די קו, און די קלענערע, „ווי די ווערימלאַך".

די פרוי האָט לאַנג ניט געטראַכט. זי האָט גענומען דאָס ליים־עמער, אַריין אין קאַמער און פאַרקלויצעט ווייסע ליים. זי האָלט אין קלויצן מיטן שטעקעלע אין דער ווייסער פליסיקייט, און דער וויטיק כאַפּט זי אַן אַרום און אַרום. לאָזט זי איבער די אַרבעט און לייגט זיך אין בעט. דאַכט זיך, גרינגער געוואָרן. גייט פאַלאשקע צוריק אין קאַמער. ווידער איז דער וויטיק צוגעטראָטן. לייגט זיך די פרוי אין בעט. און ווען די שמערצן לאָזן נאָך, איילט זי זיך אין קאַמער, ברענגט אַריין די ליים, נעמט די באַרשט און — צו דער אַרבעט.

דער ערשטער פרישער, ווייסער שפּור אויפן האַלב־שוואַרצן סופּיט. עס ווערט שוין ליכטיק אין די אויגן... מיטאַמאָל — אַ שניידנדיקער ריס אונטערן האַרצן. פאַלאשקע טוט אַ געשריי. זי לאָזט אָבער די באַרשט פון דער האַנט ניט אַרויס און זי ווייסט די סטעליע. גיכער, גיכער!!! אָט וועט זי זיך אַוועקלייגן. וועט געבוירן ווערן אַ קינד. וועט זיין אַ הייליקער יום טוב. וועלן קומען חשובע לייט. ווער וועט צוראַמען, ווער וועט צווען? ווי נעמט מען אויף געסט אין אַזאַ שטאַל? אַרבעטן, אַרבעטן!

דער וויטיק האָט אויף אַ ווײַלע נאָכגעלאָזט און באַלד צוריק־געקומען נאָך שטאַרקער און שאַרפער ווי פריער. די באַרשט איז ביי איר פון די הענט אַרויסגעפאַלן. אויף אַלע פיר איז זי צום בעט צו־געקראָכן, נאָר אַרויף אויף דעם האָט זי שוין ניט קיין כוח. בעט זי די צעניעריקע טאָכטער ברענגען אַביסל שטרוי. די טאָכטער פאָלגט

זי שטיל. זי ברייִנגט אַרייַן אַ בינטל שטרוי און זי צעבינדט עס מיט קלײַנע, ניט־געניטע הענט און צעשפּרייט די שטרוי אויפֿן דיל.

די מאַמע קרעכצט. די קינדער רינגלען זי אַרום. זיי זײַנען דער־שראָקן און גרייט צו וויינען. פֿאַלאַשקע קרעכצט מער ניט. זי וויינט און וואַיעט, זי בייגט זיך איין, אויף אַראָפּצוזעצן זיך און לאָזט מיט איין מאָל אַרויס אַזאַ שנײַדנדיק געשריי, אַז די קינדער שפּרינגען אָפּ פֿון איר און רעוון ווי די קעלבער. זיי שטויסן זיך ביי דער טיר. עס נעמט אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג! די מאַמע הערט ניט אויף צו שרייַען. דורך די טרערן זעען די קינדער, ווי די מאַמע האַלט עפּעס אין די הענט. די מאַמע פּרוּווט, דאַכט זיך, אויפֿזעצן זיך. דאָס פּנים האָט זיך ביי איר ווי אָנגעצונדן. ווי גרויס, ווי שרעקלאַך גרויס אירע אויגן זײַנען! זיי וועלן באַלד אַרויסשפּרינגען. דאָס רויטע, ברענענדיקע פּנים וואַשט זיך אין שווייס און דער שווייס פֿאַלט אויף דער שטרוי דערביי.

די מאַמע זאָגט, דאַכט זיך, עפּעס! יאָ, די מאַמע רעדט... וואָס זאָגט זי? זי בעט עפּעס די קינדער. די גרעסטע מיידעלע אין הויז, די צעניעריקע, גייט צו צו דער מוטער. פֿאַלאַשקע שיקט די טאָכטער צו דער באָבע. די קינדער קוקן אויף דער מוטער און אויף „דעם". וואָס איז דאָס? עס איז אײַנגעאַנצן אין בלוט און עס רירט זיך! און פּלוצים גיט עס אַרויס אַ לאַנגן, דינעם, וויינענדיקן געשריי. פֿאַלאַשקע קוקט אויפֿן קינד און טרערן פֿלייצן פֿון אירע גרויס־געוואָרענע אויגן.

און אָט קומט די באָבע, די אַלטע פּראַסינע. זי שיקט אַרויס די קינדער און פֿאַרשליסט פֿון אינעווייניק די טיר.

און ווען מען לאָזט זיי שפּעטער אַרײַן, זעען זיי, אַז די מאַמע איז שוין אויפֿן הויכן בעט. פּראַסינע פֿאַרעט זיך מיטן קליינינקן קינדעלע. דאָס שטערנדל ביי דעם קנייטשט זיך, די אויגן מאַכן זיך צו און עפֿענען זיך און וויינען וויינט „עס" אַזוי פֿריילאַך, אַז די קינדער קאָנען זיך ניט באַהערשן און זיי לאַכן.

די מאַמע קרעכצט. נאָכדעם שלאָפֿט זי איין, און זי קרעכצט אויך אין שלאָף. שפּעטער הערט זי אויף צו קרעכצן.

די געוויינערין כאַפּט זיך אויף ערשט מאָרגן פֿאַרטאָג. פֿרעגט זי די צוועלפֿיעריקע טאָכטער:

— און וואו איז דער פֿאָטער?

ענטפֿערט איר די פֿאַרשטענדיקע מיידל:

— אַז איר, מאַמע, האָט ביינאַכט ניט געשניטן, האָט שוין דער טאַטע געמוזט אַרבעטן אויך פאַר אייך.

פּאַלאשקע זעט איין, ווי גערעכט די טאָכטער איז. זי קוקט זיך אַרום און זעט ווי גרויס די אומאָרדענונג איז נאָך אַלץ. דאַרף מען זיך באַלד נעמען צו דער אַרבעט.

אָבער פּראַסינע לאָזט ניט. נאָך מיטיק באַשטייט פּאַלאשקע אויף אירן. זי בינדט זיך ענג־ענג אַרום מיט אַ גרויסן האַנטוך, אַז „די קישקעס זאָלן איר ניט אַרויס״ און זי לאָזט זיך אַראָפּ פונם הויכן בעט.

און ווען דער מאַן קומט שפּעט אין אָוונט אַהיים, זעט ער, אַז די שטוב איז אויפגעראַמט, די וועטשערע גרייט און „עפּעס״ פּישטשעט אויפן דיל אין דער שטרוי.

— און וואָס איז דאָס? — וואונדערט ער זיך כלומרשט און ער מאַכט אַ פּנים, ווי ער וואָלט זיך אַנגעשטויסן, ווער דאָס איז... מיט חשד קוקט ער אויף דער ווייב. — אַ קוואָטשקע? — פרעגט ער, מיינענדיק אַ מיידל.

— אַ האָן, — זאָגט שטאָלץ די געווינערין. דער מאַן שמייכלט אין דער ברייט. און אויף מאָרגן, נעמען מאַן און ווייב מיט דעם נייגעבוירענעם און מע פאָרט „אין דרייען״ צו דער אַרבעט אין פעלד.



# שטרוי

דער ווינטער האָט זיך שוין געהאַלטן אין ענדיקן און די שווערע קעלטן, וואָס האָבן עטלעכע חדשים באַלאַגערט דאָס דאָרף לוהי, זיינען געוואָרן שוואַכער און זעלטענער. זייער קאַלטער אָטעם האָט נאָך אַלץ געגליווערט די ברעגן פונ׳ם דאָרפישן טייך.

עס איז געווען נאַכט.

די אַלטע פּראַסינע, אַ פעלדלאָזע אלמנה, איז געלעגן אויפ׳ן ניט־געהייצטן אויוון אין איר קליינעם שטיבעלע און זיך ניט געקאָנט דערוואַרעמען. זי האָט געקוקט אויף די נאַכטיקע, טונקל־גרויע קרומלעכע פענסטערלאַך און געהערט געזען דורך זיי.

עס איז געווען שטיל, נאָר אין ווינקל, אונטער׳ן „נאַמיסניק״, וואו עס זיינען אַלעמאָל געשטאַנען אַ פּאָר קריגלאַך און שיסלען — האָט אַ מויז שטיל געשקראָבעט און פונ׳ם צווייטן דאָרפישן „ווינקל״ האָט זיך אַהער דערטראָגן דאָס בילן פון אַ באַקאַנטן הונט.

„ווען ניט אָט דאָס בילן, וואָלט איך אפשר איינגעשלאָפן״ — האָט פּראַסינע מיט כעס געטראַכט, וויקלענדיק זיך אין אַלטן פעלץ, מיט וועלכן זי האָט זיך איינגעדעקט. די וואַרעמלעכע האָר פונ׳ם פעלץ האָבן איר פאַרשטעלט דאָס מויל. עס איז איר געוואָרן שווער צו אָטעמען. דאָס בילן איז, דאַכט זיך, שוואַכער געוואָרן. זי האָט באַפרייט דאָס פּנים פונ׳ם האָריקן פעלץ און דאָס בילן איז געוואָרן נאָך וואַכיקער, ווי פריער.

פּראַסינע האָט געשאָלטן דעם הונט און אין דער פינסטער אפילו מיט אַ פויסט אים געדראָט. זי האָט אויפ׳ן קול אָנגעהויבן צו רעדן און עס איז איר דערפון גרינגער געוואָרן און אפילו, דאַכט זיך, וואַרעמער... אין ווינקל איז די מויז אָנשטילט געוואָרן, ווי זי וואָלט זיך איינגעהערט אין דער אַלטער׳ס רייד.

און פּראַסינע האָט זיך געקלאָגט אויף דער קעלט, אויף הונגער

און אײנזאַמקײט. זי האָט זיך געװענדט צו גאָט, צום לאַנג־פאַרשטאָר־בענעם מאַן. מיטאַמאָל איז איר אַנגעבראָכענע שטים דורכגענומען געװאָרן מיט צאַרטקײט און בענקשאַפט: זי האָט זיך שױן איצט געװענדט צו איר אײנציקן זון, אַמעלקען. שױן דאָס פערטע יאָר, אַז ער איז אין דער מלחמה. ער האָט איר זעלטן געשריבן, און איצט האָט ער איר אינגאַנצן אױפגעהערט צו שיקן בריװ.

זעלטן איז פראַסינא אַרױסגעקומען פון איר שטיבעלע. און װען זי האָט זיך אַמאָל געװיזן אין גאַס, האָט זי — לױט איר שטאַנד — ניט געװאַגט מיט אַ לײט אַ װאָרט אױסצורעדן. דאָך האָט זי געהערט, אַז עמעצער האָט אַראָפּגעװאָרפן דעם קיסר, אַז עפּעס האָט זיך ערגעץ, װײט־װײט געביטן, אַז עס קאָן נאָך קומען אַהער. דערװײל איז דאָ, אין דעם װײטן, פאַרװאָרפענעם דאָרף, אַלץ געװען װי אַמאָל: פראַסינע האָט געהונגערט און געפרױרן און געגאַרט האָט זי נאָר אײנס, אַז װאָס גיכער זאָל דער פרילינג קומען און אינאײנעם מיט גאָטס װאַרעמ־קײט — איר אַמעלקאָ.

די אַלטע האָט ניט אױפגעהערט צו רעדן, ביז זי איז אײנגעשלאָפן. װען זי האָט זיך אױפגעכאַפּט, האָט זי דערזען, אַז די פענסטער זײנען טונקעלער געװאָרן, נאָר אין דער געדיכט־געװאָרענער פינסטערניש האָט פראַסינע דערפילט דאָס אָנקומען פון אַ נײעם טאָג.

דאָס בילן פונם הונט האָט זיך שױן מער ניט געהערט און די מױז איז שטיל געװען.

פראַסינע האָט אָנגעטאָן דעם פּעלץ, מיט װעלכן זי האָט זיך צוגעדעקט. זי איז אַרונטער פונם אױװן און אָנגעהױבן זאָגן די פרי־מאָרגנדיקע תפילה. זי האָט זיך לאַנג געצלמט און זיך טיף געבױגט פאַר די הײליקע בילדער אױף דער װאַנט. זי האָט זיך אױף די קני געשטעלט. װען זי האָט פאַרענדיקט די תפילה, האָט שױן דורך די פענצטערלאַך אַרײנגעקוקט די ערשטע נעפּלהאַפטע גרױקײט פונם אָנקומענדיקן פרימאָרגן. זי האָט געװאָלט דורכהײצן דעם אױװן, איז קײן שטרױ ניט געװען. זי האָט שױן נאָך דער תפילה געהאַט אַ רעכט צו עסן גאָטס ברױט. אָבער זי האָט דעם זיסן ביסן ניט פאַרמאָגט.

װאָס האָט זי געזאָלט טאָן?

זי האָט זיך געשטעלט בײ אײנעם פון די דרײ פענצטערלאַך און געקוקט אױף איר קלײנינקן הױף און אױף דער פּוסטער גאַס. װײט, פון יענער זײט טײך, איז אױפן באַרג געשטאַנען — נגידיש־הױך

געוואַקסן — דער גלחשער הויף; ווייטער, באַרג־אַרויף, האָבן זיך געזען די פריצישע הויכע געביידעס, און נאָך ווייטער, צום פעלד צו — זיינען ווי צוויי טונקעלע בערגלאַך געשטאַנען גרויסע סטויגן שטרוי. זי האָט איין מאָל געוואָגט צו נעמען אַ בינטל שטרוי פון יענע סטויגן — האָט זי דערפאַר דער פריצישער שומר מכבד געווען מיטן שטעקן איבערן קאָפּ.

קוקנדיק אויף דער שטרוי, האָט פראַסינע ווידער איבערגעלעבט דעם ווייטיק פון יענעם קלאַפּ. זי האָט צוגעמאַכט די אויגן. די טונקעלע גרויסע סטויגן האָבן אַ שווים געטאָן צו איר און, שווימענדיק, צו־גאַנגען געוואָרן אין דער כוואַליענדיקער פינצטערניש.

פראַסינע האָט צוריק געעפנט די אויגן און שוין ווידער גערעדט אויף אַ קול... ניט קיין גוטס האָט זי געוואונטשן דעם שומר און — זיין בעל הבית. לאַנג איז זי אַזוי געשטאַנען ביים פענצטערל און גערעדט. די זון האָט זיך שוין דערווייל געוויזן און דאָס צווייטע ווינקל פון יענער זייט טייך איז מיט איין מאָל העל באַלויכטן געוואָרן. פון אַ סך קוימענס האָבן זיך אַרויסגעריסן גלייכע זיילען בלוילעכער רויך. לייט האָבן שוין געהייצט זייערע אויוונס און אָנבייסן געקאָכט.

דאָ האָט פראַסינע דערהערט אַן אומהיימלעכן גערויש פון אַ סך לויפנדיקע טריט. האָט זיך עס איר אויסגעוויזן?... ניין, דער גערויש האָט זיך דערנענטערט. די אַלטע האָט זיך מיט מורא איינגעהערט, ווי זי וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט. זי איז אַריין אין טונקעלן פאַר־היזל און צוגעלייגט אַן אויער צו דעם שפּאַלט פון דער דרויסנדיקער טיר. „זעלנער גייען!" האָט פראַסינע אַ טראַכט געטאָן. „זעלנער גייען און איר אָמעלקאָ איז אין זייערע רייען". זי איז אַריין אין שטיבל און צו צום פענצטער. פון דאַנען האָט זי געזען, ווי איבער דער לאַנגער, שמאָלער בריק, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם טייך פון די לעוואדעס — זיינען געגאַנגען פויערים און פויערטעס פונם אַנדערן ווינקל. ביים וועג, וואָס פירט באַרג אַרויף, צו די פריצישע געביידעס, פאַרקירעווען זיך אַלע באַרג אַרויף. יענע טריט קען מען אַהער ניט הערן... אָבער דאָ האָט זי דערזען אירע שכנים, אַלע פון איר ווינקל, גייען פאַרביי איר שטיבל און אַלע איילן זיך באַרג־אַראָפּ, צו דער בריק, צום וועג וואָס פירט פון דאַנען רעכטס, צום פריץ.

פראַסינע איז ווידער אַרויס אין פאַרהיזל און פאַרזיכטיק געעפנט די טיר. איבער דער שמאָלער, האַלב־פאַרפרוירענער גאַס, איז שוין

געגאַנגען אַ נייע גרופּע פּויערים. אַט איז איר שכן, איוואַן בודזאַן. ער איז געווען אומגעווייניליך פרייל‏אַך און געקאָמאַנדעוועט: „איינס, צוויי!" „איינס, צוויי!" „אַלע אַהין! צום טייוול מיטן פּריץ!" ער האָט דערזען די דערשראָקענע אַלטיטשקע און איר פריילאַך געוואונטשן אַ גוטינקן מאָרגן. „קום, באַבעניו! — האָט ער זי געריפן — קום, וועלן מיר אַ טאָפּ טאָן דעם פּריצל!..."

די פּויערים און פּויערטעס האָבן זיך הילכיג צולאַכט פון זיינע געוואַגטע רייד און אַוועק ווייטער, און איוואַן איז צוגעגאַנגען צו דער צושראָקענער פּראַסינען און זי אַ שלעפּ געטאָן מיט זיך.

— האָט קיין מורא ניט! — האָט ער זי דערמוטיקט — דער פּריץ איז ניטאָ, פאַרשוואונדן, די כאָליערא. קומט שנעלער! אייער זון פאַרגיסט בלוט פאַר די פּריצים און איצט איז אַלץ דעם פאָלקס — אַלצדינג איז אונזערס!

פּראַסינע האָט זיך אָפּגעשטעלט. — אפשר חלום איך? — האָט זי געטראַכט. — וואַרט — האָט זי געזאָגט שוואַך. איוואַן האָט אָבער ניט געוואָלט וואַרטן. ער איז אַוועק אַנצויאָגן די גרופּע פּויערים און פּראַסינע איז געבליבן שטיין און קלערן וועגן דעם, וואָס דאָ קומט פאָר. זי האָט שוין לאַנג געוואוסט, אַז דער פּריץ איז צו רייך און זי — און אַנדערע ווי זי — זיינען צו אָרעם. דאָס איך דאָך אָבער אַלץ געווען פון גאָט! פאַרוואָס־זשע האָט גאָט פּלוצים אַלץ אַזוי געענדערט? אַ חלום איז עס, אַ חלום און ניט מער! אין קאָפּ האָט איר געשווינדלט. זי האָט אַרויפגעקוקט צום פרימאָרגנדיקן הימל. זי האָט געזוכט גאָט, זי האָט געזוכט אָן ענטפער. דער הימל איז געווען שטיל, דאָס דאָרף איז געווען שטיל. די אומרואיקע פּויערישע טריט האָבן פון וויטן אָפּגעקלונגען טויבער און שטילער. זאָל זיין אַ חלום, אַבי אַ גוטער — האָט פּראַסינע באַשלאָסן — אַבי אַ גוט ביסעלע שטרוי מיר צו קריגן און איינהייצן און אויסוואַרעמען זיך!

זי האָט זיך אומגעקערט אַהיים, גענומען אַ שטריק און אַוועק ניט צום פּריצישן הויף, וואוהין אַלע זיינען געלאָפן, נאָר צו די לאַנג־געגאַרטע סטויגן שטרוי.

ווען זי איז צוגעקומען צו זיי, האָט זי זיך נאָך אַלץ אַרומגעקוקט, צי דער וועכטער שפּירט איר ניט נאָך. אָבער היינט האָט זיך קיינער דאָ ניט געוויזן. זי האָט אויסגעצויגן דעם שטריק אויפן אַלטן דורכ־געלעכערטן שניי און זיך פלייסיג גענומען אַנלייגן שטרוי אויפן שטריק.

די שטרוי איז געווען שווער איינגעפּרעסט און די אַלטע הענט האָבן ניט געדינט. אָבער פּראַסינעס בינטל איבערן אויסגעצויגענעם שטריק איז געוואַקסן, זיך געברייטערט, זיך געהויבן, שוין באַלד די גאַנצע לענג פון שטריק פאַרשטעלט. שוין אפשר צייט געווען אויפצוהערן, אָבער פּראַסינע האָט וויטער געריסן זשמוטן שטרוי פונם סטויג.

פונם פעלד האָט שטיל געבלאָזן אַ וואַרעמער ווינט. הויך, איבערן קאָפּ, האָבן פייגל פריילעך געזונגען און פונם פריטישן הויף האָבן זיך אַהער געטראָגן שיכור־פריילעכע געשרייען פון די „געמערס".

ווען פּראַסינע האָט דערזען, אַז דאָס בינטל שטרוי איז שוין העכער פון איר, האָט זי באַשלאָסן, אַז עס איז גענוג. איצט האָט מען באַדאַרפט די שטרוי צאַמען, אַז דער שטריק זאָל זי קאָנען אַרומנעמען. זי האָט זיך אַ וואַלגער געטאָן אויפן בינטל, עס אַראָפּגעזעצט, איינגעפּרעסט די הויך, פאַרגאַרטלט די לענג, אַרומגעפּליקט די אַראָפּהענגנדיקע פּאַסמעס ביי די זייטן און זיי אַרונטערגעשטופּט אונטער דעם ענג־פאַרצויגענעם שטריק. איצט איז פאַרגעשטאַנען די שווערסטע אַרבעט: פאַרגעבן דעם בונט אויפן אַקסל און — די משא פאַרטראָגן דעם גאַנצן לאַנגען וועג, פון דאַנען ביז צו איר ווינקל און ביז צו איר שטיבל...

זי האָט זיך איבערגעצלמט, אָנגעכאַפּט דעם עק פונם שטריק און זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום בינטל. „גאָט העלף!" האָט זי געזאָגט. זי האָט זיך אַ בויג געטאָן און זיך געוואָלט צוריק אויסגלייכן מיט דער משא אויפן רוקן, אָבער די שטרוי האָט זי אַ שלעפּ געטאָן צוריק. די אַלטע האָט זיך ווידער געצלמט, זיך אָנגענומען מיט נייע כחות, אויפגעהויבן די שטרוי און שוין גייענדיק, זיך אַ וויג געטאָן אויף רעכטס און אויף לינקס. אירע פיס אין די צעריסענע פּוישטן האָבן געזונקען אין שניי, אַ שווייס איז אַרויסגעטראָטן אויפן פּנים. די שטרוי האָט זי געשלעפּט צוריק, אָבער פון וויטן האָט דאָס קליינע, ניט־געהייצטע שטיבעלע געלאָקט און געמונטערט.

עס האָבן זי אָנגעיאָגט און איבערגעיאָגט פּויערים און פּויערטעס מיט פּריטיש מעבל אויף די פּלייצעס. אייניקע האָבן געלאַכט פון איר. איר האָט אָבער זייער געלעכטער ניט פאַרדראָסן. זי האָט נאָר געבעטן גאָט, ער זאָל איר געבן כח צו פאַרטראָגן די ליבע, שווערע משא אהיים.

זי איז אַרונטערגעגאַנגען דעם באַרג ביז צו דער בריק און זיך פאַרדרייט לינקס, באַרג־אַרויף. פון אָנשטרענגונג איז איר געל געוואָרן

אין די אויגן. ס'האָט איר פאַרכאַפּט דעם אָטעם, אין די קני איז איר אַריין אַ ציטערניש. ס'האָט אויסגעזען, אַז דאָס גרויסע בינטל שטרוי וועט זי אומוואַרפן און דערדריקן. אַראָפּלאָזן אויף דער ערד האָט זי מורא געהאַט, ווייל זי וועט עס צוריק ניט קאָנען אויפהויבן, און אַלע וואָס זיינען דאָ דורכגעגאַנגען זיינען געווען אַזוי ווילד, אַז קיינער וואָלט איר ניט געהאָלפן, סיידן איר זון אַמעלקאַ זאָל זיך מיטאַמאָל דאָ באַווייזן.

שווער האָט זי זיך געבויגן אונטער דער שטרוי דעם גאַנצן באַרג אַרויף און דאָ, שוין לעבן איר הויז מער ניט אויסגעהאַלטן און געלאָזט פאַלן דעם בונט אין לויז־געוואָרענעם שניי. זי האָט לאַנג און האַסטיק געאָטעמט. און שוין טריט־ביי־טריט צוגעשלעפּט די שטרוי צום טויערל, און פון דאָרט — אין שטיבעלע אַריין. זי האָט אָבער צוערשט דאָס בינטל געמוזט צענעמען אין דרויסן ביי דער טיר, ווייל ס'האָט ניט געקענט אַריין אין דער עפענונג. און ווען זי האָט דאָס גאַנצע שטרוי אַריינגענומען אין שטיבל, איז עס געוואָרן פול.

גיך איז זי געלאָפן צו אַ שכנה נאָך אַביסעלע פייער. זי האָט דאָס שטרוי־זשאַר געטראָגן אין אַ שוואַרצלעך שערבעלע. דאָס שערבעלע האָט זיך פונם זשאַר באַלד אָנגעוואָרעמט און די וואַרעמקייט האָט דורך די אַלטע, ציטעריקע הענט געשטראָמט איבער אַלע אירע גלידער. פראַסינע האָט צוגענומען דאָס „טירל" פון דער אויוון־עפענונג, אַריינגעלייגט דאָס ביסל זשאַר אין קאַלטן טוכלע אויוון, און אויפן זשאַר — אַ זשמוטל שטרוי. אַ קורצע ווײַלע איז די שטרוי געלעגן, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט מיט זיך פאַרשטיקט דאָס ביסל פייער. נאָר אָט האָט זיך די שטרוי אַ ריר געטאָן און אַ בלוי־לעכער רויך האָט אַ שפּאַר געטאָן פון איין זייט און פון אַ צווייטער און באַלד האָט אַ פלעמל זיך באַוויזן, זיך אַ ריס געגעבן אַרויף, זיך פאַרדאָפּעלט, פאַרדרייפאַכט, אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן זשמוטיק שטרוי, געוואָלט אַ שפּרונג טאָן אויף דער שטוב און — ביים שוואַרצן קוימען זיך מיט אַ פלאַמיקען שטראָם אויסגעבויגן און זיך אַריינגעגאָסן צוזאַמען מיט אַ שטראָם פונקען אין דער שוואַרצער עפענונג פונם קוימען.

פראַסינע איז געשטאַנען ביים אויוון. איר אַלט, געקנייטשט פנים האָט זיך גערויטלט אַקעגן דעם פלאַם. זי האָט געלייגט אין אויוון זשמוט נאָך זשמוט און געפילט, ווי די ליבע וואַרעמקייט נעמט דורך ניט נאָר זי, נאָר אויך די ווענט און די סטעליע און דעם דיל פונם

שטיבעלע, וואָס איז שוין וואָכן לאַנג ניט געהייצט געוואָרן און וואָס האָט זיך — זינט אַמעלקאַ איז אַוועק אין דער מלחמה — קיין איין מאָל ניט אַנגעוואַרעמט.

איצט איז געווען צייט צו זאָגן אַ תפילה און דאַנקען גאָט פאַר זיין חסד, אָבער פראַסינע האָט קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען פון אירע ציטערדיקע ליפּן. אַריבער דער שטרוי, וואָס האָט פאַרפילט דאָס שטיבל, האָט זי געקוקט אויף די הייליקע בילדער און דורך טרערן געברומט ווי אַ שטומע.



# נאַסטיאַ

פונם שטאַטישן פּאַליט־ביוראָ האָט מען מיך קאָ־מאַנדירט אין אַ דאָרף אַריין צו גיבן דאָרט אַ רעפּעראַט וועגן קינדער־דערציִאונג. איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב קיין חשק ניט געהאַט צו פאָרן אין דאָרף, ווייל איך האָב זיך ניט פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי די מוזשיקעס וועלן מיך אויסהערן, ווי אַזוי זיי וועלן זיך קאָנען האַלטן רואיק, ווען אַ לעקטאָר וועט פאַר זיי רעדן אַ שעה, אַנדערהאַלבן.

צו מיין גרויס וואונדער האָבן מיך די דאָרפסמענטשן אויסגעהערט ניט נאָר אויפמערקזאַם, נאָר אפילו מיט יראת הכבוד, און איך האָב זיך אַזוי צעוואָרעמט, האַלטנדיק מיין פאָרטראָג, אַז איך האָב אפילו פאַרגעסן אַ קוק טאָן אויף מיין זייגערל, ווי איך טו עס געוויינטלאַך אין שטאָט צום סוף פון מיינע רעדעס.

אָנגעהויבן האָב איך דעם רעפּעראַט אַ פּאָר שעה נאָכמיטיק, און ווען מיר זיינען אַרויס פון דער דאָרפישער שקאָלע, וואו איך האָב פאַר די פּויערים גערעדט, האָט זיך שוין די זון געזעצט.

די מוזשיקעס זיינען געווען אַזוי צעוואָרעמט פון מיין רעדע, אַז איך האָב געפילט זייערע באַגייסטערטע הייסע אויגן אויף מיר פון אַלע זייטן. אייניקע האָבן געזאָגט: „ער האָט אַזוי שיין גערעדט, אַז מען האָט אפילו פאַרגעסן אָן דער וועטשערע".

יינגערע פּויערים האָבן זיך געשטופּט צו מיר און מיר געדריקט די האַנט. ווי אָנגענעם מיר איז ניט געווען זייער אָנערקענונג, האָב איך דאָך געוואָלט זיך אַרויסרייסן פון די נאַאיווע מענטשן. איך האָב געכאַפּט דעם דאָרפישן לערער אונטערן אָרעם און מיר זיינען אַרויס אין דרויסן.

ס'איז געווען אַ זומערדיקער זונטיק פאַרנאַכט, אַ לויטעדער, אַ שטילער און אַ וואַרעמער. פּויערים האָבן זיך דאָך דערמאָנט אָן זייער וועטשערע און זיינען זיך צעגאַנגען אין זייערע היימען, אָבער

אַלע ווײַלע האָט זיך אימיצער פֿון זײַן אָפּגעשטעלט און זיך אומגעקוקט צו מיר מיט מײַן באַגלייטער.

— אפֿשר וואָלטן מיר אויך עפּעס געגעסן? — האָט מיר דער דאָרפֿישער לערער פֿאָרגעלייגט. איך האָב אים אָפּגעדאַנקט און האָב אויסגעדריקט מײַן פֿאַרלאַנג זיך אַביסל דורכשפּאַצירן אין דער וואונדערלעכער שטילקייט פֿונם דאָרפֿישן פֿאַרנאַכט.

און מיר האָבן אַוועקגעשפּאַצירט מיטן שמאָלן וועג.

די זון האָט זיך פֿון יענער זײַט טײַך ביז האַלב פֿאַרשטעקט אין טשערעט און געוואָרפֿן מיט פֿײַערדיקע שטראַלן אויף אַ שטיק הימל אין מערב זײַט. זי האָט אים געוואָלט אָנצינדן, אָבער אַ טונקעלע געלקייט האָט זיך געררוקט פֿון אַלע זײַטן און האָט פֿאַרשלונגען די פֿײַערדיקע ווײַט מיטן לעצטן שפּור פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון.

אין טײַך האָבן זיך קליינע קינדער געפּליוסקעט. באַרג אַרויף, פֿון יענער זײַט טײַך, זײַנען געווען די פּויערישע גערטנער, און פֿון דאָרטן ערגעץ, פֿון יענער זײַט טונקעלע בוימער, דורך וועלכע עס האָבן שעמערירט ווײַסע פֿלעקן פֿון אויסגעקאַלכטע הײַזלאַך, — האָבן מוטערס געשריגן:

— וועַ־טשע־ראַ־טי! וועַ־טשע־ראַ־טי!! (קומט עסן אונטער־ברויט!)

— אי־אי־! — האָט דאָס ווידערקול פֿון נאָענט און פֿון ווײַט הילכיק זיך אָפּגערופֿן.

עס האָט פֿאַרשמעקט מיט טוי.

מיר האָבן ווײַטער שפּאַצירט. ביסלעכווײַז זײַנען די פּויערים אַרײַן אין זייערע הויפֿן, און נאָר איינער, אַ לאַנגער גוי מיט אַן אויסגעבויגענער פּלייצע, איז געגאַנגען מיטן וועג אַ היפּשע שטרעקע פֿאַר אונדז און האָט אין ערגעץ ניט פֿאַרקערעוועט, נאָר ער האָט זיך געלאָזט אויף יענער זײַט דאָרף.

איך האָב געפֿרעגט דעם לערער:

— איז מען מיך געקומען הערן פֿון אַן אַנדער דאָרף אויך?

— ער איז אַן אונדזעריקער — האָט מיר דער לערער געענטפֿערט.

— וואוהין־זשע גייט ער עס? — האָב איך ניט פֿאַרשטאַנען.

— אָ, — האָט דער לערער אַ מאַך געטאָן — עס איז אַ גאַנצע געשיכטע.

— דערציילט מיר טאַקי די געשיכטע! — האָב איך געבעטן דעם לערער. ער האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן און דערציילט:

— באַלד פון יענער זייט דאָרף, וואוהין יענער פויער איז אַוועק־גענגאַנגען, געפינט זיך דער צווינטאר (בית עולם) און טאַקע אַהין גייט ער עס.

איך האָב דערשטויגט אַנגעקוקט מיין באַגלייטער. דאָס איז געווען אַ הויכער פויער, שוין אין די מיטעלע יאָרן. ער איז דאָ געווען לערער נאָך פאַרן צאַר און ער האָט מיר אפשר טאַקי געקענט מיטטיילן עפּעס זייער וויכטיקס פונם דאָרפישן לעבן.

— וואָס קוקט איר מיך אָן ? — האָט ער מיט אַ שמייכל געזאָגט. עס איז זייער אַ פּשוטע זאַך. אָט וועל איך אייך דערציילן.

„דעם היגן פּריץ האָט איר ניט געקענט ? געווען אַ הויכער מאַנס־פּאַרשוין און אַ שיינער און געהאַט האָט ער דריי זין, זיינען זיי געווען נאָך העכער פון זייער פאָטער. אַ גאַנצן ווינטער האָט מען זיי דאָ ניט אַנגעקוקט. נאָר אויף זומער־רו פלעגן זיי אַראָפּקומען. זיי פלעגן אַרומשפּאַצירן איבערן דאָרף, און דאָס פאָלק האָט זיך פאַר זיי ביזן גאַרטל געבוקט און די פּריצישע הענטלאַך געקושט.

„אינעם פּריצישן הויף איז געווען אַ פּיאַנאָ און פידלען און מאַנדאָ־לינעס. און אין אָוונט פלעגט זיך פון דאָרט טראָגן מוזיק ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

„די פּאַניטשעס (פּריצישע זין) פלעגן פאָרן אויף יאגד. זיי האָבן רייטנדיק אויף זייערע פערד, זיך געיאָגט איבערן דאָרף, ווי די טייוואָלים. איינמאָל האָבן זיי אַ פויערטע אויף טויט איבערגעפאָרן, אַן אַנדערש מאָל צעקאַליעטשעט צוויי קינדער, דאָס פאָלק האָט געליטן און געשוויגן און ניט אויפגעהערט צו באַוואונדערן די שיינע יונגע פּריצים און זייערע ביסטרע פערד.

„שטעלט אייך פאָר, אַז אין איינעם פון די דריי שיינע זין פאַרליבט זיך אַ פּראָסטע פויערשע טאָכטער, אַ געוויינלאַך שיקסל פון אַ יאָר פערצן. זי האָט דערפון קיינעם קיין וואָרט ניט געזאָגט, אָבער ווען זי דערזעט פאָרן דעם מיטלסטן פּאַניטש אויף זיין פערד, (אַ דיבינקער איז ער געווען אַזאַ, מיט גראָע אויגן און בלאָנדע לאָקן) גייט זי אים נאָך אַזוי לאַנג, ביז זי זעט, אַז פון אים מיטן פערד איז שוין אין וויטן וועג געוואָרן אַ קנויל שטויב. דאַמאָלט קערט זי זיך אום אַהיים, איז טרויעריק, שווייגט און בענקט, און קיינער ווייסט ניט וואָס און פאַרוואָס.

„מע האָט ניט געוואוסט, מע האָט ניט געוואוסט, ביז מע האָט זיך דערוואוסט. האָט מען אָנגעהויבן לאַכן פון איר. זי ענטפערט קיינעם גאָרניט, נאָר גייט אַרום — ניט אויף דעם עולם. נאָר אַז מען טוט אַ קוק אויף איר בלייך פנים מיט די גרויסע קאַרע אויגן, ווייזט זיך אויס, אַז זיי זעען גאָרניט, נאָר אים, סטאַסיק׳ן.

ביי אירע עלטערן איז זי איינע. און אַז די מוטער דערזעט איר בת יחידה „גייט איין ווי אַ ליכט", — קומט זי צולויפן צו מיר.

„— לערער, טייערינקער! איז זענט דאָך אַ געבילדעטער, אַ קלוגער — ראַטעוועט מיך! איך בין שוין געווען, זאָגט זי, ביי באַבקעס און אפילו ביים קיטאַרעדער טאַטער, און קוויטלאַך איר געגעבן טרינקען, און עס העלפט ניט!

„ברענגט די מוטער די מיידל, לאָזט זי אַריין צו מיר אין צימער.

„— וואָס וועט זיין דער תכלית פון דיר? — פרעג איך זי.. — ברייננסט אום דיין נשמה פאַר גאָרנישט.

„שווייגט זי. און אַז איך שטיי צו צו איר מיט מוסר, זאָגט זי:

„— אַז ער האָט מיר פאַרכישופט מיין האַרץ! אַז ער איז שענער פון אַלע יונגען אין דאָרף און פון אַלע פּאַניטשעס אין דער גאַנצער וועלט! און ער רעדט אַזוי שיין! און ער איז קיין מענטש ניט! — זאָגט זי, און די אויגן אירע קוקן אויף מיר און זעען מיך ניט. — ער איז אַ מלאך, גאָטס מלאך!

„סטאַסיק האָט זי איינמאָל שיר דערשאָסן.

„עס איז געווען אַזוי:

„ער איז געפאָרן אויף יאגד, און זי האָט אים שוין געוואָלט זען וואָס גיכער. איז זי אַוועק אַהער, וואו מיר גייען אַצינד, און זי טראַכט: זי וועט זיך פאַרזעצן איז גראָז, ביים וועג און קוקן אים גלייך אין פּנים אַריין בשעת ער וועט דורכפאָרן.

„זיצט זי און זיצט אַ שעה און צוויי — ניטאָ סטאַסיק! מיטאַמאָל, סאיז שוין געווען טונקל — האָט זי דערהערט דעם רויש פון אַ רייטער. און דאָ איז פינצטער. זי וועט אים שוין אַלץ איינס ניט קאָנען גוט זען, און עפּעס אַ מורא איז זי באַפאַלן, און עס רוקט זיך אָן די פינצטערניש, און נאַסטיא קוקט זיך אום דערשראָקן און זעט, אַז אויבן, איבער די שפּיצן בוימער העגגט נאָך די ליכטיקייט, ווי אַ גרויער פאָרהאַנג. טראַכט זי ניט קיין סך — און אַרויף אויפן העכסטן

טאָפּאָל. זיך אָנגעטשעפּעט אָן אַ צווייג און קוקט. דער פּאַניטש קומט אָן מיט זיינע ברידער.

— אַ שלעכטער טאָג געווען: ווינציק פויגלען אין טאַש — זאָגט דער עלטערער ברודער.

— שיס אַ נאַכט־פויגל, — ראָט אים דער צווייטער.

— איך האָב פיינט נאַכט־פייגל — רופט זיך אָפּ סטאַס, ער טוט אַ קוק אויף די בוימער און דערזעט עפּעס שוואַרצט זיך צווישן די צווייגן... וואָס זאָל איך אייך זאָגן?... ער האָט שיר אויסגעשאָסן. זי האָט אָנגעהויבן בעטן: „ביי גאָט, פּריצל ליכטיקער, שיסט ניט!!!״ די פּאַניטשעס האָבן זיך אַביסל דערשראָקן, אָבער זיי האָבען געפרעגט: „און ווער איז דאָרט?״ זי האָט זיי ניט געענטפערט, און ביז זיי זיינען אַראָפּ פון די פעדער, איז זי שוין געווען פאַרשטעקט אין גראָז, ערגעץ צווישן די בושן אַגרעסן. די פּאַניטשעס האָבן זי געזוכט, געזוכט, און זיינען אַוועק מיט גאָרניט.

עס איז אָנגעפאָרן אַ פורל. אַ רויטבערדיקער פויער האָט פונם וואָגן זיך פרייַנטלאַך געגריסט מיט אונדז און איז אַוועקגעפאָרן ווייטער.

מיר זיינען שוין געווען הינטערן דאָרף. פון איין זייט האָט זיך געטונקלט דער אַמאָליקער פריצישער גאָרטן און ווייטער אַביסל, פון דער אַנדערער זייט, באַרג אַרויף, איז געווען דער צווינטער.

די טונקלקייט האָט אָנגעהויבן ווערן אַזוי געדיכט, אַז מען האָט שוין פון וויטן נאָר געקאָנט אונטערשיידן די הויכע צלמים, און צווישן זיי איז געשטאַנען דער הויכער, אויסגעבויגענער פויער.

— ... שאט, שאט!... — האָט מיך דער לערער אָנגענומען ביים אָרעם, ווען איך, אַן אומגעדולדיקער, האָב געבעטן פאַרזעצן „די געשיכטע״.

מיר האָבן זיך איינגעהערט און קוים געקאָנט אויפכאַפּן אייניקע קלאַנגען פון דער תפלה, — ווערטער, וואָס דער גוי האָט דאָרט, אויפן צווינטער געזאָגט.

— דאָס זאָגט ער אַ תפלה פאַר א י ר, — האָט דער לערער מיר דערקלערט.

— זי איז דען טויט?! — האָב איך דערשראָקן געפרעגט.

— זי איז טויט, און נאָך מיט אַ שלעכטן טויט געשטאָרבן.

„דער סטאַסיק, דער „מלאך״, פלעגט ניט נאָר פאָרן אויף שפּאַציר און אויף יאַגד, נאָר ער פלעגט אויך אַרויספאָרן מיט די שומרים היטן די

פעלדער און דעם רייכן גאָרטן, אַז פּויערים זאָלן קיין שאָדן ניט אָנטאָן.

„אַז סטאַסיק איז געפאָרן אויף דער וואָך, האָט ער מיטגענומען אַ בייטש און אַפּילו אַ ביקס.

„האָט ער איינמאָל פאַרנאַכט געפּאַקט אָט דעם לאַנגן גוי מיט אַ זאַק עפּל אויף די פּלייצעס, טאַקי דאָ, אין דעם גאָרטן. און דאָס מיידל אונדזערס האָט סטאַסיקן נאָכגעקוקט און געזען, ווי איר מלאך האָט געכאַפּט דעם פּויער, ווי ער שלאָגט אים. האָט זי געשוויגן און גאָרניט געקאָנט טאָן אין איר באַהעלטעניש, אָבער ווען זי האָט דערזען סטאַסיקן אַראָפּנעמען די ביקס פונם אַקסל און זי אָנשטעלן אויפן צעשלאָגענעם, טויט־דערשראָקענעם מענטשן, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש איז צוגעלאָפן צום פּאַניטש און אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט.

„שטייט ער און ער קוקט אויף איר, און ער ברענט פון כעס. און זי שטייט, אַ בלייכע, מיט גרויסע, קאַרע אויגן, און בעט זיך:

„פּריץ טייבעלע! פּריצל טייבעלע!!!

„דער מוזשיק איז דערווייל אַנטלאָפן. דער פּאַניטש טוט זי מיט־אַמאָל אַ וואָרף פון זיך און קוקט זיך אום — דער פּויער איז ניטאָ. האָט ער זיך פון גרויס כעס גענומען צו נאַסטיען און האָט זי געשלאָגן. און נאָך יעדן קלאַפּ האָט ער איר געשריגן:

— גנבטע! נאַ־דיר, גנבטע!

„ער שלאָגט זי און שלעפּט זי צום דאָרף. ער איז אַזוי צעווילדעוועט געוואָרן, אַז ער האָט איר פאַרהויבן דאָס קליידל, איבערגענומען עס איבער איר קאָפּ און אַזוי געשלעפּט.

„ווען ער האָט דערהערט, אַז זי וואָרפט זיך שוין מער ניט, האָט ער זי אָפּגעלאָזט זיך אומגעקערט אין גאָרטן, זיך געזעצט אויף זיין פערד און איז אַוועק אַהיים זיך באַרימען פאַר זיין טאַטן און פאַר זיינע ברידער, אַז ער האָט געפּאַקט צוויי גנבים. עס האָט אים נאָר באַנג געטאָן, וואָס ער האָט זייערע נעמען ניט געוואוסט כדי מען זאָל זיך מיט זיי אָפּרעכענען און משפּטן זיי, ווי עס קומט זיי".

„אין עטלעכע וואָכן אַרום איז נאַסטיע געשטאָרבן".

דער דערציילער איז אָנשוויגן געוואָרן. איך האָב געוואַרט. אין דער אַרומיקער טונקעלער שטילקייט האָט זיך דערהערט אַ שאָרך. אין הימל האָבן זיך געצונדן שטערן. און דאָרטן, אויפן צווינטער, איז נאָך אַלץ געשטאַנען און געזאָגט זיין תפילה דער לאַנגער פּויער, וואָס האָט צווישן די פינצטערע צלמים, שוין אַליין אויסגעזען, ווי אַ צלם.

# דער אוצר

איך טראָג אויף מיין געוויסן דעם טויט פון מיין לע־
רער. אמת, איך בין ניט אינגאַנצן שולדיק אין אָט־דעם אומגליק. אָבער
פאַרוואָס איז מיר אַזוי שווער זיך צו דערמאָנען אָן זיין ביטערן סוף?
אפשר האָב איך אים געדאַרפט אָפּשלאָגן פונם געפערליכן שריט?
נאָר ער וואָלט מיך סיי ווי ניט געוועזן געפאָלגט, מחמת ע ר איז
געוועזן מ י י ן לערער. אָבער כאָטש איך האָב נישט געגלויבט אינם
א ו צ ר, דאָך האָב איך אים צוגערעדט מיטן מויל, מיט די אויגן.
איך האָב אין יענעם שטילן זומער־בייטאָג געפילט, אַז איך ברען מיט
מיין לערערס פאַרלאַנג. ווען ער, דער לערער, האָט זיך צו מיר גע־
ווענדט נאָך הילף, בין איך אַזוי באַרוישט געוואָרן, אַז איך האָב סיי
מיט מיינע רייד, סיי אויך מיטן האַלטן זיך אים נאָך מער אָנגעצונדן.

איך שרייב פון אַ פאַרגאַנגענער עפּאָכע, וואָס לעבט בלויז אין
אונדזער געדעכעניש; איך דערצייל פון אַן אוקראַינער דאָרף אינעם
אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. ערגעץ ווייט האָבן מעכטיקע
שטורעמס געטרייסלט די וועלט; רעגירונגען האָבן זיך געוואַקלט.
צייטונגען האָבן צו אונדז געבראַכט נייעס פון אומרו און רעוואָלט,
אָבער אונדז, איינוואוינער פונם דאָרף ווערביווקע, האָבן די נייעס
געקלונגען ווי אַ מעשהלע. ביי אונדז איז געווען רו און אָרדענונג.
אין יעדן הויז איז אויף אַן אָנגעזען אָרט געהאַנגען דער פּאָרטרעט
פון ניקאָלאַי דעם צווייטן, דעם הערשער פון גרויס־רוסלאַנד און אַ סך
לענדער אַרום. אין ווערביווקע איז ניקאָלאַי געווען פאַרטראָטן דורכן
דאָרפישן סטאַראָסטע, קוזמא קוציובא. אויפן אָנגעזעענסטן אָרט אין
דאָרף האָט זיך געהויבן צו די הימלען דער ווייס־געפאַרבטער צוויי־
גאָרנדיקער הויף פונם ווערביווקער גוטבאַזיצער, דעם פּריץ וואַר־
ניצקי. אויפן צווייטן אָנגעזעענסטן אָרט איז געשטאַנען דער קלויסטער.
ביידע געביידעס האָבן ממש געאָטעמט מיט גאָט און מאַכט, מיט אייביקן
גאָט און מיט אומבאַרירלעכער, אומפאַרענדערלעכער מאַכט.

די איינציקעווירקלעכע זאַך, וואָס האָט אונדז פּאַראייניקט מיט דער ווייטער וועלט, איז געווען די אײַזנבאַן, צוויי ווערסט פון ווער־ביוזקע. דער רויש פון די שטאָלענע באַן־רעדער אויף שטאָלענע רעלסן איז געווען פרעמד און אויסטערליש אין אונדזער שטילער געגנט. ער פלעגט זיך אַריינרייסן, ווי אַ באַצווינגער. נאָר קוים איז דער צוג אָפּ, איז נאָכדעם די שטילקייט נאָך גרעסער, נאָך טיפער געוואָרן. אין וואַרעמע, פייכטע וועטערן פלעגט זיך אין ווערביזוקע הערן דאָס פייפן פון דער באַן, און אַט דער ווייטער קלאַנג פלעגט אויף אַ ווייל אַרויסרופן אַ בענקשאַפט צו די ווייטן.

און מיינט ניט, אַז מיר האָבן גאָרניט איבערגעלעבט. דאָס גאַנצע דאָרף, פיר הונדערט משפחות, צו אַכט, צען און מער אין אַ פאַמיליע (געווען אויך געציילטע קלענערע משפחות, צווישן זיי צוויי יידישע מיט בלויז איינציקע קינדער) זיינען געווען פאַרנומען מיט אַן אוצר, וואָס איז ערגעץ אין, אָדער אַרום ווערביזוקע, געווען באַגראָבן, און מען האָט נאָר באַדאַרפט האָבן געדולד און זוכן... דער פּאַן וואַרניצקי, וואָס האָט אויסגעזען רייך און מעכטיק, פאַר וועמען אַלע יידן און גויים האָבן אַראָפּגענומען די היטלען און אים געקושט די האַנט, איז, אַפּנים ניט צופרידן געווען מיט זיין וואוילטאָג. ער האָט געשיקט רופן מיין זיידן, וואָס פלעגט מיט אים פאָרן אויף די יאַרידן און קיין קיעוו „אויף קאָנטראַקטן" — און ער האָט געהייסן באַשטעלן פויערים, וואָס זאָלן גראָבן און נישטערן.

אָנגעהויבן האָט זיך די גרויסע אַרבעט צווישן דער פאַרענדיקונג פונעם תבואה־שניט און דעם אָנהויב פון גראָבן בוריקעס און קאַרטאָפל, אַ צייט, ווען פויערים קאָנען זיך אָפּרייסן פון זייער פעלד־אַרבעט און דערלויבן זיך צו פאַרדינען אַ זייטיקן רובל.

עס איז געווען באַלד נאָך ראש חודש אלול, און ביי אונדז אין הויז האָט שוין באַצייטנס געשוועבט דער הייליגער אומעט פון די אָנקומנדיקע ימים נוראים. איך, מיינע צוויי יינגערע ברידער און אַפילו די שוועסטער אונדזערע, האָבן שוין געלערנט די תפילות. מיר זיינען געזעסן ביים גרויסן, ניט־פאַרשפּרייטן טיש אין שפּייזצימער, געזאָגט די תפילות אויף אַ קול, און יעדער וואָרט פאַרטייטשט אויף יידיש. דער לערער איז דער־ביי געלעגן אויפן געשמידטן קאַסטן ביי דער הרובע, מיט אַ נאַסן קאָמפּ־רעס אויף די אויגן. פון צופיל לערנען און לייענען האָט ער זיך „געריירט"

די אויגן. אַלע תּפילות און אַלע זייערע ניגונים האָט ער געדיינקט און ער האָט בריה׳ש אָנגעפירט מיט אונדז.

עס האָט זיך דערנענטערט די מיטיק־שעה, ווען דער לערער האָט באַדאַרפט גיין צו אַן אַנדער יידישער פאַמיליע אין צווייטן עק דאָרף, צו מיין פעטער הערשלען און נאָך פיר אַזייגער — צום נייעם יידישן עקאָנאָם, וואָס האָט געוואוינט אין אַ פּריצישער געביידע, ניט ווייט פונעם גרויסן פּריצישן הויף.

איך בין געווען דער בכור און איך בין דעמאָלט אַלט געווען דאָס פערצנטע יאָר. מיין לערער איז אַלט געווען אַכצן יאָר, און איך בין שוין באַלד געווען אַזוי גרויס ווי ער. און זאָל ער מיר מוחל זיין דעם סוד, וואָס איך ברייננ איצט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט. מיר זיינען ביידע געווען פאַרליבט אין איין מיידל, אסתר, אָדער ווי מען האָט זי אין יענע צייטן גערופן גאָר מיט אַנדערע דריי פאַרשיידענע נעמען: עספיר, פירא און פּיראָטשקאָ. דאָס איז געווען די ערשטע שיינהייט, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געזען. זי איז געווען די עלטסטע טאָכטער פונעם נייעם יידישן עקאָנאָם, וואָס האָט זיך ערשט דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער אַריינגעקליבן קיין ווערביווקע. זי איז אַלט געווען פופצן, אָדער זעכצן יאָר און אויסגע־זען ווי פון ניינצן.

אָט ווי איך האָב פירען דערזען צום ערשטן מאָל :

איך פלעג אָפט גיין צום וואָקזאַל איינקויפן נויטיקע זאַכן פאַר דער הויז, פאַר זיך אַליין, אָפּנעמען די בריוו, די צייטונגען און די זשורנאַלן און, דערהויפּט, באַגעגענען דעם צוג.

צום וואָקזאַל האָט מען געקאָנט גיין מיט דריי פאַרשיידענע וועגן, אָבער איך האָב אויסגעקליבן דעם לייכטסטן, לעבן פּריצישן הויף, ניט ווייל דאָרט אַרום איז געווען נענטער, נאָר מחמת איך האָב געהאָפט, אַז פאַן יאַסני, דער נייער עקאָנאָם וועט אפשר אָנפאַרן און מיך אַריינגעמען אין זיין שיינער, געל־געפאַרבטער בריטשקע אויף רעסאָרן. עס האָט מיר שוין ניט איין מאָל אָפּגעגליקט.

עס איז געווען אַ זוניקער שבת נאָמיטיק. מיר, דאָרפישע יידן, האָבן היינט, ווי אַלע שבת, געדאַוונט במנין ביי אונדז אין הויז. נאָכן זאָטן מאָלצייט זאָגט מיר מיין לערער, (גערופן האָבן מיר אים „גאָספּאָדין אוט־שיטיעל״):

—ניוניא, (איך הייס בנימין) לאמיר זיך דורכגיין צום וואָקזאַל. גיין צום וואָקזאַל אין אַ שבת בייטאָג איז ביי מיר מיטן לערער גע־

ווען אַ געוויינלעכע זאַך. מיינע ברידער און מיך שוועסטער זיינען מיר מקנא געווען, וואָס איך בין דער אויסדערוויילטער צו באַגלייטן דעם לע־רער. עס האָבן מיר אויך מקנא געווען די אַנדערע יידישע קינדער פון ווערביווקע. איך האָב אָבער געוואוסט, אַז דער לערער האָט אויסגע־קליבן אַ מיטגליד פון מיין משפחה, ווייל ביי אונדז האָט ער איצט געגעסן און ביי אונדז געשלאָפן. איך האָב זיך ניט געגאַרט, און דאָך איז מיר געווען אַנגענעם.

מיר זיינען ביידע געווען אָנגעטאָן אין ברייטע גוט־אויסגעפּרעסטע גרויע הויזן, ווייסע בלוזעס מיט בלויע קוטאַסן, ווייכע געלע סאַנדאַלן, און נאָר אונדזערע היטלען האָבן אונטערגעשטראָכן דעם גרויסן און ווייטן אונטערשייד צווישן מיר און דעם לערער: מיין היטל, כאַטש מיט אַ שיי־נעם דעניק און אַ גלאַנציקן דאַשיק, איז געווען, ווי אַלע שיינע דאָרפישע היטלען פונעם בעסערן סאָרט. דעם לערעס היטל אָבער איז שוין געווען אַ סטודענטישע, פון איינעם, וואָס האָט געענדיקט אַ רוסישע מיטלשול און קאָן אַריין אין אַן אוניווערסיטעט.

מיר זיינען אַרויס אין דרויסן און זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ, צו דער בריק. יענער שבת נאָכמיטיק איז נאָך געווען פאַר שניטצייט, און פּויערים האָבן זיך געגרייט צו דער שווערער פעלד־אַרבעט. נאָך איצט הער איך יענע העלע, פריילעכע קלאַנגען פון געשאַרפטע קאָסעס און סערפּן. די קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן פון אַ סך פּויערישע הויפן, ווי זיי וואָלטן זיך איבערגערופן. די הייסע לופט האָט געשפּילט מיט זיי אויף פאַרשיידענע טענער. מיר האָבן זיך דערוויטערט פון זיי, און זיי האָבן אונדז נאָכגע־יאָגט, אָנגעיאָגט מיט קלאַנגען און נאָכקלאַנגען און ווידערקולות, וואָס האָבן זיך געטוקט אין ביידע טייכן און, דאַכט זיך, דערגרייכט די הויכע זון איבער אונדז.

און ווען מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען דעם פּריצישן הויף און אַרויס אין פעלד, האָבן מיר דערזען אויף איין זייט וועג די רייפע קאָרן־זאַנגען און פון דער אַנדערער זייט דאָס ווייץ, אַביסל נידריקער געוואָקסן, אָבער דערפאַר מיט שווערערע „קעפּלאַך" קערנער.

— זינגט עפּעס — האָט דער לערער מיך געבעטן, און איך האָב דערפילט, ווי אומעטיק אים איז. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף אים. ער האָט אויסגעזען עלטער פון זיינע יאָרן. פון אונטער זיין שיין סטודענטיש היטל האָבן זיך געזען די שווערע, טונקעלע קרוילן. זיי האָבן נאָך שוואַר־צער ווי זיי זיינען געווען, אָפּגעשלאָגן איבערן ווייכן ווייסן קאָלנער פון

דער בלוזע. די גרויסע מענטשעלעך פון זיינע לענגלעכע אויגן, איינגע־ראַמט אין גרינלעך־בלוי, האָבן ווי געוויינט אַן טרערן. דאָס ברייטלעכע מויל ערנסט און אַנטשלאָסן, ווי ביי אַ באַיאָרטן. ער האָט זייער שיין געקאָנט ריידן וועגן טשעכאָוון און איבערהויפּט—וועגן לעאָניד אַנדרע־יעוו.ן האָב איך געוואָגט זיך צו דינגען מיט אים:

— אויב איר וועט עפּעס זאָגן, וועל איך זינגען.

אויסגעפּירט האָט ער, און איך האָב געזונגען דאָס אוקראַיניש לידל, קוקנדיק אויף די רייפע זאַנגען:

„אוי, פאַרזייען וועל איך ווייץ
און אויך ווינטער קאָרן.
וויפל בראַווע, אוי, קאָזאַקן
דאָ געטויט געוואָרן!"

מיין לערער איז ניט געווען צופרידן. ער האָט זיך געקרימט. דאָס וואָרט „קאָזאַקן" האָט אין אים אַרויסגערופן ווידערווילן.

— זאָלן זיי גיין צו אַלדי גוטע יאָר! — האָט ער געזאָגט — כוליגאַנעס רופן אין מיר אַרויס עקל און, — ער האָט זיך פאַרהאַקט — און — — מורא. זינגט עפּעס, עס זאָל זיך גלוסטן טאַנצן. איך האָב אים צוליב גע־טאָן און ער האָט אַפילו מיטגעזונגען.

גיך האָבן מיר דערהערט הינטער זיך דעם רויש פון אַן אָנקומענדיק פורל. עס איז געווען דעם עקאָנאָמס גוטער שאַראַבאַן. מיר האָבן גע־פּרואווט טרעפן, צי יאַסני פאָרט איצט שטילערהייט אום שבת, נאָכן דאַוו־נען בציבור. אָבער בלויז דער פורמאַן, סילאַ, איז געזעסן אויף די הויכע קאָזלעס און געטריבן די ביסטרע גניאַדע פערד. דער מיטליעריקער סילאַ איז געווען אָנגעטאָן אין ברייטע פּלודערן און אין אַ שמאָל רעקל מיט געלע גלאַנציקע קנעפּ. אַ סימן, ער איז געפאָרן נאָך אַ געהויבענעם גאַסט. זיינע קליינע שוואַרצע אויגן האָבן פריילעך געגלאַנצט. ער האָט אונדז געגריסט און זיך אָפּגעשטעלט.

— און וואוהין גייען דאָס די יונגע פריצים?

— צום וואָקזאַל, פאַרשטייט זיך — האָט מיין לערער געענטפערט.

— „פאַרשטייט זיך" — האָט סילאַ נאָכגעזאָגט מיט באַדייטונג און גוטברודעריש צוגעוואונקען. דאָ האָב איך דערזען, ווי מיין לערער איז רויט געוואָרן. — נו, דאָס איז גאָרניט — האָט סילאַ געטרייסט דעם רויט־געוואָרענעם לערער. — שעמען דאַרף מען זיך ניט. זעצט זיך בעסער אַריין, וועט איר זי גיכער דערזען.

איך בין געווען אין אַ פֿאַרלעגנהייט: איך האָב ניט געוואוסט, פֿון וואָס די ביידע ריידן. סילאַ האָט געקוקט אויף מיר און ברייט געלאַכט.

— ער וועט עלטער ווערן — האָט ער געשפּאָטט — וועט ער זיך אָנ־שטויסן. כאַ־כאַ־כאַ!

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס האָבן זיי גערעדט וועגן פּיראָן, וואָס האָט באַדאַרפֿט אָנקומען פֿון אומאַנער גימנאַזיע אויף זומער־וואַקאַציע. איך האָב זיך אויף מיין לערער ניט באַליידיקט. נאָך אַלעמען בין איך בלויז געווען זיין תּלמיד, און ער האָט מיר ניט באַדאַרפֿט דערציילן זיינע סודות. אָבער ווען איך האָב שפּעטער דערזען די הויכע דינע מיידל מיט די שוואַ־רע טונקעלע צעפּ, מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן און מיטן קליינעם רויטן מיילכל, בין איך פֿאַרשטיינערט געוואָרן. איך וואָלט געוואָלט זאָגן אַן אַנדער וואָרט, אָבער עס קומט מיר ניט צו דער האַנט. איך האָב קוּ־קנדיק אויף אָט־דעם אומגעוויינטלעך־שיינעם פּנים דערפֿילט, ווי מיינע אויגן ווערן גרעסער און גרעסער. מיין האַרץ האָט אין מיר מיט איין מאָל שטאַרק אויפֿגעקלאַפּט ביז וויטיק, און באַלד זיך אָפּגעשטעלט. עס איז מיר געווען שווער צו אָטעמען. זי האָט אַפֿילו קיין קוק אויף מיר ניט געטאָן. מיין לערער האָט אַראָפּגענומען פֿאַר איר זיין היטל. ער האָט זיך געבויגט, און איך האָב געזען, ווי די קאָלירן בייטן זיך אין זיין פּנים. ער איז געזעסן לעבן איר אויפֿן געבעטן אָרט, הינטן אין דער בריטשקע, און איך מיט סילאַן — אויף די הויכע קאָזלעס. מיין לערער האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן אין מיר. איך האָב זיך געוואָלט אומקוקן — און ניט געוואָגט. איך האָב געהערט מיין לערערס שטים — אַ מענלעכע, אַ פֿולע, דורכגע־נומען מיט אַ נייעם אומגעוויינטלעכן ציטער. און סילאַ האָט באַוואונדערט זיין רוסיש און אַלעמאָל אויסגערופֿן צו מיר:

— אָט רובאַיע פּאָ נאַשאָמו!*)

סילאַ האָט, דעם גאַנצן וועג אַהיים, אונטערגעשטראָכן דעם לערערס פֿאַרצוג איבער מיר. אומזיסט! איך אַליין האָב עס געפֿילט און איך בין געווען אַזוי קליין, אַזוי נישטיק קליין ביי זיך, אַז פֿון באַליידיקן זיך האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. איך האָב נאָר געוואָלט קוקן אויפֿן שיינעם מיידלשן פּנים, און איך האָב עס ניט געקענט טאָן, ווייל איך בין געזעסן מיט די פּלייצעס צום מיידל. איך האָב גראָד געהאָט אַ געלעגנהייט דאָס

*) אָט בראָקט ער אויף אונדזער לשון!

צו טאָן: איך האָב זיך געקאָנט אַנטשולדיקן, וואָס איך זיץ ניט העפֿלעך, מיטן רוקן צו דער דאַמע, אָבער איך האָב ניט געוואַגט.

דערפֿאַר, ווען מיר זײַנען צוגעפֿאָרן צום שײנעם הויפֿל פֿון די יאַסניס, האָב איך ווי אַ באַנומענער, אַ כאַפּ געטאָן בײדע שווערע רענצלעך און זײ געטראָגן אין די צימערן. ערשט האָט זי אַ קוק געטאָן אויף מיר און מיך ליבלעך באַדאַנקט. איך בין אינגאַנצן פֿאַרגאָסן געוואָרן פֿון אַ געדיכ־טער היץ. טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן. איך האָב איר געוואָלט עפּעס זאָגן, איר ענטפֿערן אויף איר פֿרײַנדלעכן שמייכל און אויף אירע וואַרעמע פֿאָר ווערטער, אָבער מײַן שווער־געוואָרענע צונג האָט זיך ניט באַוועגט. ניט וויסנדיק, וואו אַהין צו טאָן זיך פֿון בושה און פֿאַר־לוירנקייט, האָב איך געטאָן אַ לויף, ניט צום וועג, נאָר טיפֿער אין הויף אַרײַן. איך בין אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם הויף פֿונעם גאָרטן. איך בין אַרײַן אין גאָרטן, דורכגעלאָפֿן דעם גאַנצן באַרג אַראָפּ ביז צום טײַך און מיט דער שמאָלער קאָסע סטעזשקע, אַוועק אינעם פּריצישן וועלדל. איך האָב דערהערט די שטימען פֿון די שפּאַצירער, פֿון דער דאָרפֿישער יונגוואַרג, און איך האָב זיך פֿאַרשטעקט הינטער די בושעו, זיך אַ וואָרף געטאָן אין גראָז און געבליבן ליגן. איבער מײַן קאָפּ האָבן שטיל געפֿליסטערט די יונגע ראַבינע־בוימלעך און אַ שטיק לויטערער הימל האָט צוגעזען מײַן פּײַן.

2

איך האָב שוין דאַמאָלט געהאַט אַ כלה, מײַן פֿעטער הערשלס מיי־דעלע, חנה. זי איז געווען ייִנגער פֿון מיר מיט אַ יאָר און אַ האַלב, און אַלע ייִדן אין דאָרף, און אויך אייניקע פּויערים, זײַנען באַשטאַנען, אַז חנה איז פֿאַר מיר אַ גלײַכער שידוך. איך האָב זי ניט געוואָלט, איך האָב בכלל ניט געוואָלט חתונה האָבן, און איך האָב זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז בײַ מיר וועט עס קיינמאָל ניט געשען. אָבער אַלעמענס רייד וועגן דעם שידוך האָבן שטאַרק געווירקט אויף חנהלען, און זי האָט זיך איבערגענומען מיט איר חתן. זי האָט מיר צוגעזאָגט, אַז זי וועט מיר נאָך דער חתונה אַוועק־געבן די גאַנצע הויט פֿון דער געבריטער מילך און אַלע גריוון פֿון אַלע געגנדז וועלן זײַן מײַנע. זי האָט מיר געזונגען דעם אַלט־אַלטן ייִדישן ראָ־מאַנס. יעדע שורה פֿאַרענדיקט זיך מיט די דרײַ ווערטער „מײַן טײַער לעבן״ און דאָס וואָרט לעבן ווערט דערבײַ אַרויסגערעדט שטאַרק אונטער־

שטראָכן, מיט אַ סך האַרץ — „לעיבן״ איך האָב איר אַפילו אַמאָל צוליב געטאָן און מיטגעזונגען מיט איר, און זי איז דערפון געווען זייער גליקלעך.

איצט, מיטן אָנקומען פון פירען, האָב איך פאַרגעסן ניט נאָר אין חנה׳ן נאָר אין אַלע מיינע יידישע און ניט־יידישע חברים. איך האָב געלייענט די צאַרטע, געטלעכע ליבע־ווערטער פון פושקין, טיוטשעוו און פעט. זיי האָבן זיך אין מיין מויל אָנגעגליט, און זיי זיינען אַרויסגעקומען ווי הייסע קוילן. דאָס לייענען איז מיר ניט געווען גענוג. האָב איך די לידער איבערגעשריבן, און איבער יעדן געדיכט האָב איך אויפגעשריבן: „פון ב. פּ. צו פּ. י.״ דאָס האָט געמיינט: פון בנימין פּרילוצקי צו פּירע יאַסני. איך האָב זיך געשעמט דערמיט און איך האָב זיך געשראָקן, און איך האָב געהאַט אַן אַרבעט צו צערייסן און צו פאַרברענען די באַשריבענע בלעטלעך. ביז איינמאָל האָט מיך דער לערער געכאַפּט ביי דער אַרבעט פון איבערשרייבן די רוסישע לידער. איך האָב דערוואַרט אַ שטראָף, אָבער מיין שרעק איז געווען אומזיסט. דער לערער האָט גענומען מיין לאַנג, שמאָל בויגעלע פּאַפּיר אין זיין גרויסער מענלעכער האַנט, ער האָט אַ בליק געטאָן אויף דעם „פון ב. פּ. צו פּ. י.״ און זייער ערנסט געזאָגט: „דאָס וועט בלייבן צווישן מיר און דיר.״ עס איז געווען אומגלויבלעך. איך האָב געוואָלט אַ קוק טאָן אויף מיין לערער און זען, צי ער מיינט עס, אָבער איך האָב זיך אַזוי געשעמט, אַז איך האָב עס קיין כוח ניט געהאַט צו טאָן.

די היצן זיינען געוואָקסן און זיך געשטאַרקט. אין די פעלדער איז די אַרבעט אימפּעטיק אָנגעגאַנגען. גאַנצע שטרעקעס ווייץ און קאָרן זיינען שוין געווען אָפּגעשניטן, און האַלבע שאָקן זיינען אין רייען געשטאַנען און געוואַרט אַראָפּגעפירט צו ווערן אין דער פּריצישער עקאָנאָמיע, ווי אויך אין די פּויערשע הויפן. דאָס לערנען איז מיר זייער שווער געווען. אָבער מיין לערער האָט מיך ניט באַשטראָפט. האָט ער מיך פאַרשטאַנען? האָט ער געוואוסט, וואָס איך לעב איבער? האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אַז צום וואָקזאַל גיי איך איצט נאָר מיט איין איינציקן וועג, לעבן פּריצישן הויף צו קאָנען כאטש אַ בליק טאָן אויף פּירע׳ן? אַוודאי האָט ער געוואוסט, אָבער קיינמאָל האָט ער מיר אַפילו קיין וואָרט וועגן דעם ניט געזאָגט.

יאָ, איך בין אָפטער ווי ווען עס איז פריער, געגאַנגען צום וואָקזאַל, און ניט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זען פּירע׳ן אַליין, מיט אירע

צוויי אינגערע ברידערלעך, אָדער מיט מיין לערער שפּאַצירן. זי האָט זעלטן אויף מיר אַ קוק געטאָן, און ווען יאָ, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זי זעט מיך ניט. זי איז, דאַכט זיך, אַביסל פולער געוואָרן. איר ליכטיק פּנים וואָס איך האָב דאָס ערשטע מאָל ביים וואָקזאַל דערזען און עס האָט מיר דאַמאָלט אויסגעקוקט ווי מיט שניי געוואַשן, איז איצט געווען צוגעברענט פון דער דאָרפישער זון, אָבער די צוגעברענטקייט האָט זי נאָך שענער געמאַכט.

איך האָב געקאָנט געווען צוקומען צו איר, רעדן צו איר אַ וואָרט. איך האָב געקאָנט צוקומען צו איר דורך אירע ברידער. אָבער זיי האָבן זיך גרויס געהאַלטן קעגן מיר, ווייל זייער טאַטע איז געווען דער עקאָנאָם, דער הויפּט־פאַרוואַלטער פונעם פּריצישן מאַיאָנטעק און מיין טאַטע — דער „אָמעננע", אַ געהילף־פאַרוואַלטער. זיי האָבן גערעדט בלויז רוסיש, אָדער פּויליש און פון מיין יידיש האָבן זיי אָפּן געלאַכט. דערפאַר האָב איך אַ סך בעסער פון זיי געקאָנט לשון קודש און שפּראַכן. און אַפילו איצט איז מיר ניט אָנגעשטאַנען זיך מיט איין מאָל איינבעטן ביי זיי און איך זאָל דער ערשטער אָנהויבן רעדן צו די גדלנים. איך האָב זי אויך אָפט געזען שפּאַצירן מיט מיין לערער, און איך האָב זי אַפילו ניט געוואַגט צו באַגריסן. פונדעסטוועגן פלעג איך טראַכטן, אַז ווען עס טרעפט זיך מיט איר, חלילה, עפּעס אַן אומגליק, (איך האָב געטרוימט דערפון,) וואָלט איך אַ רגע ניט געקלערט און זי געראַטעוועט. מיין לעבן וואָלט איך מיט פרייד איינגעשטעלט צו פאַרשאַפן גליק אָט דער שיינער מיידל. אָבער אויף וואָס האָט זי געדאַרפט מיין הילף? זי האָט געשפּאַנט אַזוי זיכער, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געלעגן ביי אירע פיס, גרייט זיך אָפּצורוקן פאַר איר. איין זאַך האָט זי פאַר מיר אויפגעטאָן: זי האָט מיך שיער אויסגעגלייכט מיט מיין שטרענגען לערער. איך האָב שוין איצט געזען, אַז מיר געפינען זיך ביידע אין דער זעלבער לאַגע, כאָטש אים איז געווען בעסער פון מיר: ער האָט געקאָנט מיט איר רעדן און ביים איבערגיין די שמאָלע גאַס, האָב איך געזען, אַז ער האָט זי געהאַלטן אונטערן אָרעם.

און ווען מען האָט די לעצטע סנאָפּעס פון די פעלדער אַראָפּגעפירט, האָט זיך ביי אונדז אין דאָרף אָנגעהויבן די בהלה מיטן אוצר. גרופּעס פּויערים מיט שאַרפע, גלאַנציקע גראָבאייזנס, שווערע טעמפּע רידלס מיט לאַנגע־בולאַווע־הענטלעך און אומגעוויינלעך־לאַנגע ברעכשטאַנגען, זיינען אומגעגאַנגען אַרום די געביידעס פונעם פּאַן וואַרניצקי און געגראָבן

די ערד. די אויפרעגונג אין ווערביוווקע איז געוואַקסן. אַלע האָבן זיך גע־וואָלט באַטייליקן אין דער אַרבעט פון זוכן דעם אוצר. מיין זיידע, וועמען מען האָט גערופן גענעראַל צוליב זיין שיינער באָרד און דעם ווירדיקן גאַנג, האָט אין עטלעכע טעג אַרום אָנגעוואוירן דאָס געדולד. ער האָט געלאַכט פונעם פּריץ און געזאָגט, אַז ער איז פונעם זינען, אַז אָנשטאָט זוכן אַן אוצר, באַגראָבט ער אים טיף טייער אין דער ערד, ווייל עס קאָסט אים אָפּ אַ פאַרמעגן דאָס זוכעניש.

יאָ, אַלע דאָרפסמענטשן האָבן זיך געוואָלט אָנשליסן אַן דער זוך־עקספּעדיציע, אָבער שטרייַנגע פּריצישע שומרים האָבן קיינעם ניט צוגעלאָזט. זיי האָבן געטריבן די נייגעריקע אין די היימען און מען האָט געמוזט פאָלגן: עס איז געווען אַ געפאַר אַרעסטירט צו ווערן. ביינאַכט איז מען אומרואיק געשלאָפן. יעדן האָט זיך געדאַכט — אָט, אָט, און די גרעבער וועלן זיך באַווייזן ביי זיין שטיבל און אָנהויבן זיך דערגרונטע־ווען צום אוצר.

אַוודאי איז מען ביי אונדז אין שטוב געווען נאָך אומרואיקער, ווי אין די פּויערשע כאַטעס, ווייל מיר האָבן געוואוינט אין אַ פּריצישער דירה. און ווען דאָס איז געשען, האָבן אַפילו ימים נוראימדיקע תפלות אונדז ניט געקענט איינהאַלטן ביים טיש. אויך דער לערער איז געווען אויפגערעגט. ער האָט זיך אַזוי פאַרענדערט, אַז איך האָב אים ניט דער־קענט. ער איז קיינמאָל קיין לוסטיקער ניט געווען. איך האָב אים זעלטן געהערט לאַכן, זינגען. ווי איצט זע איך אים לייענען, אַ שטייענדיקן, איבער אַן אָפענעם בוך. די זון האָט זיך שוין געזעצט. די ווינקלען אין אונדזערע גרויסע צימערן הויבן שוין אָן צו טונקלען. און ער שטייט איבערן בוך און, לויטן פאַמעלאַכדיקן דרייען מיט זיין געקרוילטן קאָפּ, זע איך, ווי ער פירט מיט די אויגן פון איין עק שורה צו דער צווייטער, אַרונטער, צום אונטערשטן ברעג פון בלעטל. און אָט מישט ער איבער דאָס בלאַט און איך הער דעם שאַרך פונעם פּאַפּיר. די מאַמע קען שוין מער ניט צוזען, ווי דער לערער „נעמט זיך אַרויס די אויגן" און זי טראָגט אים אַריין דעם אָנגעצונדענעם לאָמפּ. ער דאַנקט איר, ניט אומקוקנדיק זיך און לייענט ווייטער.

זייער אַ סך האָט ער געלייענט די לעצטע עטליכע טעג, אַזוי פיל גע־לייענט, אַז ער איז אפילו ניט געגאַנגען שפּאַצירן מיט פירען. אַלע ביי אונדז אין הויז האָבן געוואוסט דעם לערערס ווייטיק, און קיינער האָט דערפון ניט גערעדט: אויף שבת איז ביי די יאַסניס געווען צו גאַסט יאָ־

קירס זון פון אומאַן. צום מזל איז ער ניט געקומען, און קיינער פון די דאָרפסיידן האָט זיך אויף אים ניט באַליידיקט, מחמת ער איז געווען אַזוי רייך, אַז עס וואָלט געווען אַ וואונדער, ווען ער קומט יאָ. דער פעטער הערשל האָט זיך לאַנג געס׳סוד׳ט מיטן טאַטן. די באָבע און די מאַמע האָבן געפּרואווט כאַפּן אַ וואָרט. איך האָב געפילט, אַז אַלע זיינען פאַראינטערעסירט אינעם רייכן זונדל, וואָס איז, ווייזט אויס, מיט אַ מיין געקומען צוגאָסט אין דאָרף אַריין. איידער דער פעטער הערשל איז אַרויס פון אונדזער הויז, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „אַזוי איז דאָס — געלט גייט צו געלט.״

קיינער האָט מער קיין וואָרט ניט גערעדט דערפון, אָבער איך האָב פאַרשטאַנען דעם צוועק פון יקירס קומען אַהער: ער האָט געוואָלט צונעמען פירען ביי מיין לערער. וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? מיט וואָס האָב איך געקאָנט באַהילפיק זיין?

איך בין געשטאַנען לעבן מיין לערער ביים זעלבן פענצטער אין דער זומער־קיך, צום גאָרטן צו און איך האָב געהערט זיין שווער אָטעמען און איך האָב געזען, ווי פון זיינע אויגן האָט געשלאָגן אַ שטילער, גרינלעכער פלאַם.

עס איז געווען אַרום צען אַזייגער אין דער פרי.

אין אונדזער גאָרטן האָבן שוין געפעלט די ציבעלע, דער קנאָבל. עס זיינען נאָך געבליבן דער מאָן, רעטעכער, די בוריקעס און קאַרטאָפל. דער זיידע האָט צוגעפירט די גרופּע פויערים צו די אויסגעגראָבענע בייטן פון די ציבעלעס און ער האָט מיט זיין שטעקן געמאַכט אַ צייכן. צום אָנגעצייכנטן אָרט איז צוגעקומען גנאַט דער לאַנגער און מיטן גראָב־אייזן זיך איינגעשניטן אין דער ערד. באַלד האָבן אים די אַנדערע פויערים פאַרשטעלט. עס האָט געדויערט ביי אַ דריי פערטל שעה ביז די פויערים האָבן זיך צערוקט, און מיר האָבן דערזען, אַז סיי גנאַט, סיי נאָך צוויי גוים זיינען שוין „ביזן האַרצן״ אין אַן אויסגעגראָבענער גרוב. זיי בויגן זיך אַראָפּ און וואַרפן אַרויס אין גאָרטן די צעגראָבענע ערד.

עס איז צוגעקומען קאַרפּאָ וויטראַק און אַריינגעשטעקט אין דער גרוב אַ לאַנגען שוואַרצלעכן ברעכשטאַנג. ער איז כמעט אַזוי לאַנג ווי דריי פויערים. באַלד האָט מען אַריבערן גרוב אָוועקגעשטעלט זייער הויכע קאָזלעס. ווען די פויערים האָבן זיך אויף זיי אַרויפגעשטעלט, האָבן זיי באַלד דערגרייכט דעם אויבערשטן שפּיץ פונעם לאָם. איין פויער האָט פון זיינע קאָזלעס צוגעהאַלטן דעם לאָם און דער אַנדערער האָט מיט אַ

גרויסן שווערן האַמער דערלאַנגט אַ זעץ איבערן קאָפּ פונעם אייזן. עס האָט זיך דערהערט אַ טויבער, טעמפּער קלאַנג און אַן אָפּגעהאַקט ווי־דערקול האָט זיך באַלד אָפּגערופן. דער לאָם איז שוין געשטאַנען אַליין. דאַן האָט אויך דער צווייטער האַמער זיך אַראָפּגעלאָזט מיט אַ זעץ. נאָך אַ זעץ האָט יעדער פון די צוויי פויערים אַרויסגעלאָזט אַ געשמאַקן האַך.

דער שטאַנג איז געזונקען טיפער און טיפער. דערביי האָבן אַ גרויסע ראָל געשפּילט די צוויי כלי־זמר פון ווערביוועקע, דער פידלער, דער ליאַך סטעפּניצקי און דער פּויקער, דער אוקראַאינער, זאַכאַרענקאָ. מיט זייער מוזיקאַלישן געהער האָבן זיי באַדאַרפט אויפכאַפּן דעם געווינטשטן קלאַנג פון מעטאַל.

פּום־פּום! האָט עס אַלעמאָל אָפּגעקלונגען וואָס ווייטער אַלץ טעמ־פּער און דינער. די צוויי פויערים מיט די שווערע האַמערס האָבן זיך איצט אָפּט אָפּגערוט און די מוזיקאַנטן האָבן זיך איינגעהערט. סטעפּניצקי מיט דער געדיכטער באָרד, וואָס איז איין מיטן געווען פון אַן אַנדער קאָליר ווי ביי די זייטן און דער מיטלסטער טייל האָט אויסגעזען ווי דורכגענומען פון רויך, — ער האָט אָנגעפּירט מיט דער קלאַנגען־עקספּערטיזע. זאַ־כאַרענקאָ, מיט שטעכיקע וואָנציעס, אײנגעצן אָן אַ באָרד, ער האָט זיך אַלע זונטיק געגאָלט מיט זיין שאַרפער האַק, האָט בלויז מיטן קאָפּ צוגע־שאָקלט און דערביי געדרייט איין וואָנצע, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט פאַרדרייען.

דאָ האָבן מיר דערזען, ווי סטעפּניצקי האָט וואָרנענדיק אַ מאַך געטאָן מיט זיין לאַנגן אָרעם און מיט אַן אויסגעשטרעקטען פינגער. באַלד האָט זיך די אַרבעט אָפּגעשטעלט. סטעפּניצקי איז אַרויף אויף די הויכע קאָזלעס, צוגענומען דעם האַמער ביים פויער און אַ קלאַפּ געטאָן... ער האָט זיך איינגעהערט אינעם קלאַנג און ווידער אַ קלאַפּ געטאָן. זיינע גרויע אויגן, ווי באַהויכט מיט בלוי, האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. צווישן זיינע באָרד און וואָנציעס האָב איך דערזען צוויי רייען ווייסע שמייכלענדיקע ציין... איך האָב דערפילט מיין לערער דריקט מיר די האַנט ביז ווייטיק.

— עפן די פאַרטאָטשקע! — האָט ער הייס געפליסטערט. איך האָב אים געפאָלגט, אָבער איך האָב נאָך אַלץ ניט געהערט, וואָס סטעפּניצקי רעדט. איך האָב אָבער געזען, ווי ער גיט צוריק איבער דעם שווערן האַ־מער דעם פויער, לעבן אים אויף די קאָזלעס. דער פויער האָט אַ זעץ געטאָן און זיך פאַרקרימט פון ווייטיק. סטעפּניצקי האָט הויך געלאַכט. זאַכאַרענקאָ האָט נאָכגעלאַכט. דער זיידע האָט אויך עפּעס אַ זאָג געטאָן.

דער צווייטער פויער האָט אויך דערלאַנגט אַ זעץ איבערן קעפּל פונעם לאַם, און זיך פאַרקרומט. דער לאַם איז ווייטער ניט געגאַנגען.

האַסטיק האָבן די פויערים זיך גענומען גראָבן די ערד. וואָס טיפער אַרונטער, אַלץ פרעמדער איז זי געוואָרן. דער אויבערשטער שוואַרצער שיכט האָט זיך גענומען בייטן, געוואָרן ליכטיקער, גרוי, געלבלעך און דערגרייכט דעם קאָליר פון געלער ליים. דערפאַר איז אָבער דער טיפע־רער גרונט געוואָרן געדיכטער און האַרטער. אַלץ פעטער און גלאַנציקער זיינען געפאַלן זיינע שטיקער אַרום גרוב. זיי זיינען געווען דורכגענומען מיט קליינע שטיינדלעך און גרויסע ווערים.

איך האָב שוין געהאַט געעפנט דאָס גאַנצע פענצטער, און מיר האָבן איצט געקאָנט ניט נאָר בעסער זען, נאָר אויך הערן. אין עטלעכע מינוט אַרום (ווער האָט עס אים מודיע געווען?) איז שוין דאָ געווען פאַן וואַר־ניצקי אַליין. דאָס אַלטע געקנייטשטע פּנים זיינס אויסגעגאָלט ביז בלוי, אין אַ שיין־געשניטענער וויזיטקע, שמאָלע הויזן און אין לאַנגע ווייכע שטיוול, איז ער געשטאַנען און זיין לאַנג שטרענג פּנים איז געווען ווי פאַרגליווערט. די פויערים האָבן זיך געוואָרפן אים קושן די האַנט, אָבער ער האָט שטרענג באַפוילן: „אַרבעט!״ בלויז דער זיידע און אַן אַלטער פויער האָבן צייט געהאַט אַריינצוכאַפּן אַ קוש.

מען האָט שוין אַרויסגעשלעפּט דעם לאַם. אין טיפן גרוב איז אַריין סטעפּניצקי און געהאָלפן זיך דערגרונטעווען צו דער האַרטקייט. פון ווייטן האָבן זיך געהערט אויפגערעגטע שטימען. דאָס האָבן נייגעריקע פויערים זיך געריסן צום גאָרטן, און די וועכטער האָבן זיי ניט צוגעלאָזן.

נאָך אַ וויילע האָט זיך פונעם גרוב אַרויסגעזען סטעפּניצקיס שווערע באָרד. באַלד האָט זי אָנגעהויבן ווערן קירצער. דער פידלער איז גע־זונקען טיפער און טיפער. און אָט איז ער שוין אינגאַנצן געווען אין דער ערד, און נאָר זיין שאַרפע גלאַנציקע לאָפּעטע האָט זיך נאָך געוויזן מיט ערד איבערן גרוב. אָבער באַלד איז פאַר אים געוואָרן אוממעגלעך צו דערלאַנגען דעם אויבערפלאַך פונעם גאָרטן. מע האָט די גרעבער אַראָפּ־געלאָזט גרויסע הילצערנע צעבערלעך. זיי האָבן די כלים דאָרט אָנגע־פילט מיט ערד און זיי אַרויסגעגעבן צו די, וואָס זיינען געווען אויבן.

דער פריץ האָט פאַררויכערט אַ לאַנגן דינעם פּאַפּיראָס, און איך האָב דערשמעקט דעם טייערן איידעלן טאַבאַק־אַראָמאַט. דער פריץ האָט אַ קוק געטאָן אין מיין זייט. ער האָט דערזען מיך מיטן לערער ביים ברייט־צעעפנטן פענצטער, און ער האָט אַ מאַך געטאָן אויף אונדז מיט דער

האַנט, ווי מיר וואָלטן געווען פליגן. מיר האָבן אַריינגעכאַפּט אונדזערע קעפּ און פאַרהאַקט דאָס פענצטער. איך האָב זיך גוט דערשראָקן. מיין לערער איז געווען בייז און פול מיט פּראָטעסט. ער האָט געזידלט דעם אַלטן גוטבאַזיצער און האָט געדראָט אַרויס אין גאָרטן. די מאַמע און די באָבע האָבן פון זייער באַהעלטעניש דערהערט זיינע רייד. זיי זיינען ביידע אַריין און אים קוים איינגעבעטן, ער זאָל זיך באַרואיקן, ניט אַריינברענגען דעם פּאַן אין כעס און ניט שטערן דעם אומגעוויינלעכן ספּעקטאַקל, וואָס האָט אונדז אַלעמען, גרויס און קליין, יונג און אַלט, אַזוי פאַרכאַפּט.

וואָס, געוואַלד, וואָס איז דאָס טאַקע געווען פאַר אַ האַרטקייט אין דער טיף, וואָס האָט ניט דערלאָזן דעם לאָם גיין ווייטער?

מע האָט שוין אין גרוב אַריינגעשטעלט אַ לייטער, און דורך אים האָט מען אַרויפגעטראָגן די הילצערנע צעבערלעך, אָנגעפּילטע מיט נייער, פרישער ערד, שוין ווידער שוואַרץ און גלאַנציק. אַרום דעם גרוב האָבן זיך געהויבן קלענערע און גרעסערע בערגלעך. גרויסע גלאַנציקע ווערים, אייניקע מיט אָפּגעהאַקטע עקלעך, זיינען זיך צע־קראָכן איבערן גאָרטן און דערגרייכט דאָס פענצטער פון דער קיך.

דער אויבערשטער שיכט פון דער אויסגעגראָבענער ערד האָט שוין אָנגעהויבן טריקענען. ער איז געווען דורכגענומען מיט קליינע ראָויטלעכע שטיינדלעך און שטיקלעך גלאָז. זיי האָבן געבלענדט מיט קליינע שניידנדיקע זונען. עס האָט זיך געדוכט, אַז פאַרזונקענע שטערן האָבן צוריק אויפגעלויכטן און גליען אַרויס פון דער צעגראָ־בענער ערד.

ענדלעך איז געוואָרן שטיל אַרום גרוב. עס איז צוגעקומען דער פּריץ און זיך אַריבערגעבויגן. הינטערן פּריץ האָט זיך מיט גרויס אָפּשיי געשטעלט דער זיידע. איבער דער עפענונג פון דער גרוב האָט זיך באַוויזן אַ צעבערל מיט אַ טונקעלן שטיין. דער פּריץ האָט געהייסן גראָבן ווייטער. זיין באַפעל האָט אונטערגעכאַפּט דער זיידע, נאָכדעם — סטעפּניצקי. מען האָט דעם לאָם אָנגעהויבן אַריינצוזעצן פונעם דעק פון גרוב, נאָך אַ גאַנצן לאָם די טיף. „אָבער וואָס טיפער, — האָט דער זיידע שפּעטער דערציילט — איז דער לאָם געגאַנגען ווי אין אַ קאַשע.‟

## 3

יענער ערב־האַרבסטיקער טאָג, יענער פאַרנאַכט און דער שטילער דאָרפישער אָוונט, — זיי שטייען פאַר מיינע אויגן ניט נאָר ווי דריי צייטן פונעם מעת־לעת, נאָר ווי דריי שטופן, די לעצטע שטופע — פינצטערניש.

נאָכן לערנען ביי אונדז, פלעגט דער לערער גיין צום פעטער הערשלען און פון דאָרט — גלייך צום עקאָנאָם, פאַן יאַסני. יענעם נאָכמיטיק איז ער אָבער פונעם פעטער הערשלען געקומען צוריק צו אונדז און מיך געבעטן, איך זאָל אים באַגלייטן צום עקאָנאָם. איך האָב זיין אָנבאָט מיט פרייד אָנגענומען. איך האָב געהאָפט ווידער כאַפּן אַ בליק אויף פירע׳ן. די צייט פון איר אָפּפאָרן האָט זיך דערנענטערט, און איך האָב געוואָלט אויסנוצן יעדע געלעגנהייט זי צו זען. איך ווייס ניט, צי דער לערער האָט פאַרשטאַנען מיין אמתע כוונה. אוודאי האָט ער עס געוואוסט. ער האָט זיך אָבער געמאַכט ניט וויסנדיק, פונקט ווי איך האָב זיך געמאַכט תמעוואַטע וועגן דעם וואָס איך ווייס. און איך האָב געוואוסט, אַז מיין לערער איז פאַרליבט אין פירע׳ן, אַז אויך זי האָט אים ליב, אַז זי פאָרט איצט קיין אומאַן אין דער גימנאַזיע און עס איז שווין מער צו יאַקירן, ווי צום לערנען.

מיין לערער האָט קיינמאָל ניט דערמאָנט פאַר מיר פירע׳ס נאָמען. אויך איצט האָט ער גערעדט גאָר עפּעס אַנדערש... ער האָט גאָר גערעדט וועגן די ימים נוראימדיקע תפילות. ער איז געווען, האָט ער מיר געזאָגט, באַצויבערט פון זייער געטלעכן אָטעם און ער האָט זיי געוואָלט איבערזעצן אויף רוסיש. „באַטירלעך, האָט ער איינגעטענהט מיט זיך און מיט מיר — רוסיש קומט ניט צו העברעאיש, אָבער שיין וואָלטן די יעלות דאָך געקלונגען אין רוסיש!"

דאָס מאָל האָט ער לאַנג ניט גערעדט.

מיר זיינען אַראָפּגעגאַנגען צום טייך. ער איז מיט איין מאָל אַנט־שוויגן געוואָרן. איך האָב דערפילט, אַז ער האָט מיר עפּעס אומגעווייב־לעכס צו זאָגן.

— הער, — האָט ער אָנגעהויבן און זיך אָפּגעשטעלט. אויך איך בין געבליבן שטיין. איך האָב אים אָנגעקוקט מיט דערוואַרטונג. ער איז געווען עטוואָס העכער פון מיר. ער האָט אַראָפּגעקוקט צו מיר, און דערפון איז זיין שיינע לענגלעכע נאָז לענגער געוואָרן. זיין אויבער־

שטע ליפּ האָט אַלעמאָל געוואָלט באַהאַלטן אַ קרומלעכן צאָן, וואָס האָט אויסגעזען ווייסער און שפּיציקער פון די אַנדערע. — הער, ניוניא, ביסט מיר גרייט צו העלפן?

העלפן מיין לערער? איך האָב אים געוואָלט קושן, וואָס ער קומט אָן צו מיר נאָך הילף. איך האָב זיך בלויז געשעמט דאָס צו טאָן. האָב איך מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ אים געענטפערט:

— איך? מיט וואָס קאָן איך העלפן דעם הער לערער?

— דו קאָנסט — האָט ער געזאָגט און געשמייכלט מיט געבעט. מיין לערער האָט מיך געבעטן! אויב איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, וואָס דאָס מיינט... ער האָט מיך געלערנט, פאַר אים בין איך געשטאַנען אָן אַ היטל ביים לערנען און אַנדערש, ווי "הער לערער" אים ניט געוואַגט צו טיטולירן; ער האָט פאַר מיר באַדאַרפט עפענען די טירן פון דער רוסישער גימנאַזיע, און ער — נאָר ווי אַן עלטערער ברודער האָט ער איצט אויסגעזען — דו קאָנסט, — האָט ער געזאָגט... — לאָמיר גיין! — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן: מע טאָר אונדז ניט זען שטיין.

מיר האָבן זיך פאַרקערעוועט רעכטס און זיינען אַריין צווישן די ליפּאָווע בוימער. זייערע שווערע, ברייט־באַבלעטערטע צווייגן זיינען זיך איבער אונדז צונויפגעקומען און פאַרשטעלט די בייטאָגיקע זון. שפּערלינגס האָבן זיך ארומגעטראָגן אויפן קילן שמאָלן וועג, אויסגע־שאָטן מיט ליכטיק־געלן זאַמד. אייניקע פון זיי האָבן זיך געוויגט ערגעץ אין די צווייגן און האָבן הילכיק געצוויטשערט. פון וויטן האָט זיך געהערט דאָס געזאַנג פון די שיקסעס, וואָס האָבן געאַרבעט אינעם פּריצישן גאָרטן. פאַר אונדז האָט זיך געזען די ווייסע וואַנט פונעם פּריצישן הויף. פון וויטן האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז גאָר אַ שטיק בלייכער הימל. באַלד האָט זיך אַהער דערטראָגן דאָס בילן פונעם פּריצס הינט, ווי זיי וואָלטן געפרעגט: "ווער וואָגט עס צו קומען מיטן פּריצישן וועג?" מיר האָבן ווירקלעך ניט געוואָגט. אַ שטיק וועג פאַרן הויף זיינען מיר אַרויס פון דער טונקעלער אַלייע און אַרויף אויפן שטויביקן וועג. דערווייל זיינען מיר געוועזן ווי אין אַ הייל, אָפּגעטיילט פון אַלץ און אַלעמען אַרום אונדז.

— דער שטיין, — האָט מיין לערער אָנגעהויבן, און איך האָב תיכף פאַרשטאַנען און דערפילט, וואָס ער מיינט. איך האָב "דערזען" די גוים מיט גראָב־מכשירים. איך האָב "דערהערט" זייערע קולות

און „דערזען" זייערע טעמפּע און פאַרגאַפטע פּנימער. אין איין אויגנ־בליק האָב איך איבערגעלעבט די נעכטיקע סצענע אויף אונדזער גאָרטן. — איך, — האָט דער לערער פאַרגעזעצט, — האָב גערעדט מיט סטעפּניצקין. ער האָט מיך ניט פאַרשטאַנען. אָבער ער האָט מיר אויסגעזאָגט, אַז דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס זיי האָבן זיך דערגראָבן צו אַזאַ מין גרויסן שטיין. פאַרשטייסט? — האָט ער מיך מיט באַדייטונג געפרעגט.

איך האָב זיך געשעמט צו זאָגן, אַז איך פאַרשטיי ניט, כאָטש מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך פאַרשטיי יאָ.

— אויב דו פאַרשטייסט, איז גוט! דעם אוצר מוז איך קריגן! איך האָב זיך דערמאָנט, ווי מיין זיידע בטלט אויס אַלע בייזע חלומות אויפן פריצס קאָפּ, און איך האָב געפרעגט:

— וואָס פאַר אַן אוצר מיינט איר?

— האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו פאַרשטייסט? — ער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט. — דו גלויבסט ניט? — האָט ער שטרענג און מיט שרעק געפרעגט. אויף אַזאַ שוואַכקייט, אויף אַזאַ געפאַלנקייט האָב איך זיך ניט געריכט. איך האָב געשטאַמלט:

— ניין... פאַרקערט... אוודאי גלויב איך! — איך האָב אים ניט גענאַרט! איך האָב שוין ווידער געגלויבט!

— הער זשע, ניוניא: איך גיב דיר איבער מיין הייליקסטע געהיימניס און איך באַשווער דיך, אַז אַזוי לאַנג ווי מיר ביידע לעבן, וועט קיינער חוץ אונדז דערפון ניט וויסן! דער גאַנצער געשפּרעך איז אָנגעגאַנגען אויף רוסיש. מיטאַמאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן אויף יידיש:

— איך וויל ביי דיר אַ תקיעת כף!

זיין שרעקיקער פאַרשיכורטער טאָן האָט מיך אַזוי באַרוישט, אַז די גאַנצע ווירקלעכקייט אַרום מיר האָט זיך פאַרוואַנדלט אין חלום, עפּעס אַזאַ ערנסטע, פייערלעכע שפּיל, וואָס האָט מיך אינגאַנצן פאַר־כאַפּט און איך האָב אים געגעבן די רעכטע האַנט.

— ...פּירא, — האָט ער געזאָגט, און זיין שיין, ברייטלעך מויל האָט פאַרעקשנט אַ שמייכל געטאָן. — איך האָב עפּעס אויסגעפונען וועגן איר און וועגן איר גאַסט פון אומאַן. דו ווייסט וועמען איך מיין. אוודאי ווייסטו — דעם פאָטער שאַצט מען אין הונדערט טויזנט רובל. עס זיינען דאָ דריי קינדער. וואָס קאָן איר אָנקומען? ווייסט וואָס פּירע

האָט מיר געזאָגט נאָכדעם, ווען יקיר איז אַוועק? „ווען איר זייט כאָטש אַ קליין ביסעלע רייך!" פאַרשטייסט? פאַרשטייסט?! — האָט ער מיך אָנגעגריפן.

— אוודאי, זיכער! נו ווי זשע דען? איך האָב אים געזאָגט, אַז איך פאַרשטיי אַלץ זייער גוט. נאָר דער אוצר האָט אים געפעלט. אָבער מיט וואָס האָב איך אים געקאָנט באַהילפיק זיין?

— טאָ הער, גיוניא... אויב עס וועט ניט רעגענען היינט ביינאַכט, וועל איך זיך אַראָפּכאַפּן אין גרוב און אַ גראָב טאָן.

— דער גרוב איז דאָך שוין פאַרשאָטן!

— דאָס איז גאָרניט. איך האָב אַלץ באַזאָרגט. דו, גיוניא, דאַרפסט נאָר שטיין אויף דער וואַך. פאַרשטייסט? ווען אַלע וועלן שלאָפן, וועל איך שוין זיין ביים פענצטער פון דער זומער־קיך. וועסט מיר עפענען די טיר און מיר'ן אַרויסכאַפּן דעם לייטער. און דורכן פענצטער וועסטו מיר אַרויסגעבן אַ לאָמטערן, אַ רידל און אייער גרויסן ברעכשטאַנג.

איך האָב זיך דערשראָקן.

— טאָמער כאַפּט מען אונדז?

— דאַרף מען זען, אַז מע זאָל ניט כאַפּן. — ער האָט באַמערקט, אַז איך קווייקל זיך און מיר געזאָגט: — הער, גיוניא: איין זאַך זאָלסטו וויסן, אַז איך נעם אויף זיך די גאַנצע שולד. איך וועל זאָגן, אַז איך האָב דיך איבערגערעדט. גוט?

איך האָב געשוויגן.

— גוט?... — האָט ער איבערגעפרעגט. איך האָב זיך ניט געקענט שטעלן קעגן אים, און חוץ דעם האָט אין זיין טאָן געקלונגען אַזוי פיל גלויבן אינעם אוצר, אַז איך האָב פאַרגעסן אָן מיין זיידנס ליצנות און איך האָב ניט נאָר צוגעשטימט, נאָר איך האָב שוין אויך ווי אַ באַנומענער גערעדט וועגן דער מעגלעכקייט פונעם אוצר ביי אונדז אין גאָרטן, אין דער זעלבער גרוב, וואו מען האָט געפונען דעם שטיין. איך האָב גערעדט און מיין לערער האָט מיך דאַרשטיק געהערט און מיך ניט איבערשלאָגן, ביז איך האָב אויסגעשעפּט מיין גאַנצן רעזערוו ווערטער.

— הער, — האָט ער מיר פייערלעך פאַרשפּראָכן — אויב עס וועט מיר אָפּגליקן, זאָג איך דיר צו, איך גיב דיר מיין הייליגע שבועה, אַז דיין גאַנץ לעבן וועסטו ניט דאַרפן זאָרגן, וואו נעמט מען געלט איך האָב גוט געוואוסט, אַז איין אוצר וועט אים ברייגגען דעם

צווייטן, דעם בעסטן, דעם זיסטן, אָבער איך האָב מיין לערער פֿאַר־גונען זיין פּירע׳ן. איך האָב אַזוי שטאַרק געוואָלט, אַז זי זאָל ווערן זיינע, אַז איך אַליין בין גרייט געווען פֿאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַן אוצר. כאָטש איך האָב געלערנט רוסיש, דייטש און פֿראַנצויזיש און האָב שוין צו יענער צייט אפֿילו פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון אַ פּאָר פֿאַר־באָטענע ביכער, בין איך דאָך געווען זייער גלויביק, און איך האָב געבעטן: „גאָט, העלף מיין גוטן לערער! העלף אים געפֿינען דעם גרויסן אוצר פֿון דימענטן און בריליאַנטן! און אויב דער אוצר איז אין אונדזער גאָרטן־ערד ניטאָ, פֿאַוואַנדל מיך, גרויסער גאָט, אין אַן אוצר, אַז מיין לערער זאָל שעפּן פֿון מיר גליק זיין גאַנץ לעבן, אַז די שיינע, איידעלע הענט פֿון דער געטלעכער פּירא זאָלן מיך באַרירן און נעמען פֿון מיר טיילן און טיילעכלעך, אַז מיינע טיילן זאָלן באַצירן אירע קליינע ראָזע אויערן, איר הויכן, שטאָלצנעם האַלדז און אירע לאַנגע, דינע, ווייסע הענט! אויף יעדן פֿינגער אירן זאָל איך שיינען מיט רובינען און סמאַראַגדן! גאָט! גאָט!! גאָט!!!״

איך וואָלט זייער געוואָלט דערציילן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט יענעם נאָכמיטיק, דעם פֿאַרנאַכט און דעם אָוונט, אָבער אַזאַ געפֿיל האָט מיך באַהערשט, עפּעס אַזאַ טעמפּ געפֿיל, וואָס איך קאָן מיט ווערטער ניט אַרויסברייננגען. אַזוי ווי עמיצער וואָלט מיר דערלאַנגט איין קלאַפּ איבערן גאַנצן קערפּער, איבער אַלע איברים מיט איין מאָל. עס איז ניט געווען קיין ווייטיק, נאָר אַ געפֿיל, ווי איך וואָלט אומגע־גאַנגען איינגעוויקלט אין אַ פּראָסטיקן וואָלקן.

אויפֿן בריטן בעט אינעם זומערדיקן קיכל בין איך געשלאָפֿן מיט מיין קלענערן ברודער בערל, אָדער ווי מיר האָבן אים אין יענער צייט גערופֿן „באַריא״. ער האָט געהאַט אַ טבע, באַלד ווי ער איז אַנשלאָפֿן געוואָרן, פֿאַרוואָרפֿן אויף מיר איין פֿוס, נאָכדעם — ביידע. אלא ניט פֿלעגט ער זיך אויסדרייען אין דער ברייט פֿונם געלעגער און מיך מיט אַ האַלבן קערפּער צופּרעסן צום בעט. איך פֿלעג מוזן מלחמה האַלטן מיט אים און וועקן אין מיטן דער נאַכט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס מאָל האָב איך באַריאַן ניט געוועקט. איך בין געלעגן לעבן אים, זיך איינגעהערט ווי די שטילקייט אין דאָרף ווערט גרעסער און טיפֿער, ווי זי שפּרייט זיך אין יעדן ווינקעלע פֿון אונדזער גרויסער פּריצישער הויז און ווי זי קוקט אַריין אינעם לאַנגען פּירשוויביקן קיך־פֿענצטער, מיט אַ טונקל געזיכט, ווי זי ציטערט־

אויף יעדעס מאָל, ווען דער נאַכט־וועכטער בלאָזט אין זיין קליין פייפעלע.

אַרום האַלב נאָך צען איז אויך דער שומר שטיל געוואָרן. די איינציקע נאַכטיקע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך צו מיר דערטראָגן זיינען געווען דאָס גרילצן פון די גרילן אין גאָרטן, דאָס ווייטע קוואַקען פון די זשאַבעס אין טייך און מיין זיידנס כראָפּען.

איך האָב זיך קוים באַפרייט פון באַריאַן. איך האָב זיך אין דער פינצטער אָנגעטאָן און בין צוגעגאַנגען צום פענצטער. איך האָב זיך איינגעקוקט און געזען דעם משופּע׳דיקן ערדענעם דאַך פון אונדזער קעלער און דעם גרויסן באַרנבוים דערביי. קיין לבנה איז ניט געווען. די שטערן האָבן העל געפינקלט. וואו איז מיין לערער? אפשר האָט ער חרטה געקראָגן? איך האָב אַריינגעקוקט אין גראָז, און אים ניט געזען. די פינצטערניש האָט זיך ביים פענצטער געהויבן, ווי אַ טונקעלע וואַנט, וואָס איז, וואָס העכער אַלץ העלער געוואָרן, און אפילו ביים שפּיץ פונעם באַרנבוים ניט דערגרייכט דעם קאָליר פונעם הימל, נאָר — ווי אַ טונקעלער בלייכער שאָטן זיינער. איך האָב אַ קליין קלעפּעלע געטאָן מיטן נאָגל פון מיין פינגער אין דער שויב, און איך האָב באַלד דערזען דעם לערער. אייגנטלעך האָב איך נאָר געוואוסט, אַז דאָס דאַרף ער זיין, אָבער איך האָב אים ניט דערקענט. ער האָט אויסגעזען פרעמד, העכער און דינער ווי אַלעמאָל. איך האָב געעפנט דאָס פענצטער.

— אָהער — האָט ער הייס געפּליסטערט. איך האָב אים געגעבן דעם לאַמטערן, דעם גראָבאייזן און דעם ברעכשטאנג. ער האָט גענומען די זאַכן, און איך האָב געזען, ווי ער זינקט אין דער פינצטערניש, אַזוי ווי אין אַ שוואַרצן טייך. צוערשט האָב איך אויפגעהערט צו זען זיינע פיס, באַלד — זיין רוקן. עס האָט אַ שווינדל געטאָן זיין קאָפּ און די פינצטער האָט אים פאַרשטעלט. באַלד איז ער געווען צוריק.

דריי טירן האָב איך באַדאַרפט עפענען: די טיר פונעם קיכל צום זאַל, די טיר פונעם זיידנס און באָבעס שלאָפצימער צום פירהויז און די דרויסענדיקע טיר. יעדע פון זיי האָט ביים פאַרמאַכן און ביים עפענען אויפגעשפּילט אַן אַנדער ניגון. אָבער דערפאַר האָב איך זיך ניט געשראָקן: גיין ביינאַכט אין דרויסן איז געווען אַ געוויינלעכע זאַך אין דאָרף. מען האָט געמוזט, איז מען געגאַנגען. אויב מען וועט

מיך אפילו פרעגן, האָב איך אַ פּאַרטיקן תירוץ, וואָס אַלע אין הויז געבן. וועמען וועט איינפאַלן מיר נאָכקוקן, נאָכשפּירן?

דורכגעוואָרפן האָט זיך בלויז די באָבע און פרידלעך געפרעגט:

— ס'איז דו?

— איך, איך, באָבע.

אויף דער וואַנט האָט געקלאַפּט דער אַלטער זייגער מיט די צוויי לאַנגע מעשענע וואָגן. אויפן ברייטן פענצטער־געזימס איז גע־שלאָפן די קאַץ. איך בין דורכגעגאַנגען לעבן איר און געהערט, ווי זי האָט געאָטעמט. פונעם פריצישן הויף האָט געשלאָגן אַ שטאַרקע שיין. אין אַנדערן ווינקל האָבן הינט געבילן. שקצים האָבן ערגעץ געלאַכט און איינער פון זיי האָט געקוויטשעט ווי אַ פויערטע. באַלד האָבן זיי זיך צעזונגען, און זייער הילכיק געזאַנג האָט דורכגענומען דאָס גאַנצע דאָרף. אויף זייער געזאַנג האָט זיך דער דאָרפס־שומר אָפּגערופן אַ פּאָר מאָל מיט זיין פייפל. עס האָבן שוין אויך געבילן די הינט אויף אונדזער ווינקל און אונדזער שכנס בייזער הונט האָט זיך געריסן פון דער קייט און געקלונגען מיט איר. ערגעץ ווייט האָט געקלאַפּט אַ ליידיקער פויערשער וואָגן. דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס האָט זיך אָפּגעהאַקט, און נאָר די גרילן זיינען זיך פאַרגאַנגען, ווי זיי וואָלטן געוואָלט איבערשרייען די זינגענדיקע דאָרף־יונגען. פונעם דערוואַכטן גערויש איז מיר געוואָרן היימלעכער. איך האָב געעפנט די דרויסנדיקע טיר, בין אַריין אין דער טיף פונעם פינצטערן פירהויז. דאָרט איז געשטאַנען דער לייטער, אויף וועלכן מיר פלעגן „קריכן" אויפן בוידעם. ער איז געווען ווי איינגעוואַקסן אין דער ערד. איך מיטן לערער האָבן אים קוים גערירט און אים אַרויסגעטראָגן אין גאָרטן.

ווען איך בין צוגעקומען צו דער פאַרשאָטענער גרוב, האָב איך דאָרט געטראָפן דריי מענטשן.

— מיינע געהילפן — האָט מיר דער לערער איינגערוימט. עס איז געווען סטעפּניצקי און נאָך צוויי שקצים פונעם פריצישן הויף.

די פויערים האָבן זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט, און סטעפּ־ניצקי האָט מיר שטיל געזאָגט:

— אַזוי וואָלטן אַלע פריצים געדאַרפט טאָן. באַצאָלט אין פאָרויס!

— און ער האָט אויף מיר אָן אָטעם געטאָן מיט רויע בוריקעס,

בראָנפן און פויערישן טאַבאַק. — פּאַרוויס, אַזוי זאָל איך טאָג דער־לעבן! — אויך די פּאַרובקעס זיינען געווען שיכּור.

איך בין געשטאַנען, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן.

— און דו — האָט מיר דער לערער געזאָגט — זעץ זיך אַנידער אויפן אָנשיט איבערן ריוו און קוק אין אַלע זייטן. ווערסט עמעצן דערזען, דערהערן — לאָז וויסן.

— גוט — האָב איך קאָנספּיראַטיוו געענטפערט און זיך געלאָזט גיין צום הויכן אָנשיט איבערן גראָבן, וואָס האָט אָפּגעטיילט אונדזער גאָרטן פונעם וועג. דער דאָזיקער אָנשיט איז שטענדיק פאַרוואַקסן מיט געדיכטע שטעכיקע ריטלעך אַ דריי פוס די לענג. איך האָב שוין מער ניט געדאַרפט פאָלגן מיין לערער. איך האָב זיך געפילט ווי אַ גלייכער שותּף צו דער אונטערנעמונג. אימפּעטיק האָב איך געשטעלט אַ שפּאַן פאָראויס און באַלד האָט זיך מיין פוס אָנגעקלאַפּט אָן עפּעס זייער האַרטס. פון ווייטיק האָב איך אויסגעשריגן. דאָס איז געווען דער פאַרבליבענער שטיין, וואָס איז דאָ נעכטן פון דער טיפּעניש אויס־געגראָבן געוואָרן. קיינער פון די פיר האָט זיך אויף מיין אויסגעשריי ניט אָנגערופן. פול מיט ווייטיק און מיט דערשטיקטן געוויין, האָב איך זיך צוגעשלעפּט צום גראָבן און זיך אַראָפּגעזעצט. פון דער פאַרשאָטענער גרוב ביז צום גראָבן איז געווען אַ הונדערט שפּאַן. זיי האָבן דאָרט אַזוי שטיל געאַרבעט, אַז איך האָב ניט געהערט קיין קלאַנג. איך האָב זיך איינגעקוקט און געוואָלט דערזען די גרעבער, מיין לערער. די פינצטערניש האָט זיי פון מיר פאַרשטעלט, און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי זיינען אַוועק, און איך בין דאָ געבליבן אַליין. מיטאַמאָל האָב איך דערהערט דעם קלאַנג פון צוזאַמענגעשטעלטע גראָבאייזנס. ניין, איך בין ניט געווען אַליין. איך האָב זיך ווייטער איינגעהערט צום גאָרטן און צום וועג, צו דער נאָענט און צו דער וויים. איך בין געווען בלויז געהער.

שפּעטער האָב איך זיך אַביסל צוגעוואוינט צו מיין לאַגע. די שטילקייט אַרום מיר מיט אירע נאַכטיקע קלאַנגען איז געשטאַנען ניט פאַרענדערט. איך האָב זיך אַרומגעקוקט. אונדזער הויז איז געווען דאָס עקסטע אין דאָרף, און פון דאַנען, וואו איך זיץ, ווען מען שטעלט זיך אויף, איז גוט צו באַטראַכטן אַלע גאַסן און געסלעך פון ווערביוווקע. איצט אָבער האָב איך בלויז געקאָנט זען די קאָנטורן פון די דערביי־

איקע קלויסטער־קעפּ און איניקע דעכער פון די נעענטסטע פּויערשע שטיבלעך.

די צעבויגענע שטעכיקע ריטלעך, וואו איך האָב זיך פאַרשטעקט, האָבן געפּרואווט זיך אויסגלייכן, און זיי האָבן דערביי אַרויסגעגעבן אַ שוואַכן טרעשטש. איך האָב זיך צוגעוואוינט צו דער פינצטערניש, און איך האָב שוין געקאָנט זען אויך די דעכלעך פון די אויבערשטע קלויסטער־טיילן און נאָך אַ פּאָר דעכער פון הייזער, אָבער דערפאַר איז דער אַרום ווי אויסגעוואַקסן, און איך האָב זיך דערפילט אַזוי קליין און ווייך. איך האָב מינוטנווייז געהאַט דאָס געפיל, אַז איך צעגיי. איך האָט געטאַפּט מיינע גלידער און איך האָב זיך געפרייט, וואָס איך בין דאָ. מען האָט מיר געהייסן קוקן. וואָס קאָן איך דען זען? סיידן עמיצער זאָל אַראָפּפאַלן פונעם הימל, וואָלט איך אים אויך דערזען ערשט איבער מיין קאָפּ. אויב ניט דערזען, וועל איך „אים" אפשר דערהערן.

עס האָבן מיר אָנגעהויבן ווי טאָן די פיס פון זיצן איינגעקאָר־טשעט. איך האָב זיך דורכגעריסן דורך די דינע, געדיכט־געוואַקסענע שטעכיקע ריטלעך ביזן ברעג פונעם פאַרהאַרטעוועטן אָנשיט, און איך האָב אַראָפּגעלאָזט די פיס איבערן טיפן גראָבן. ווער ווייסט, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, זיי גראָבן דאָרטן, און דאָ, אונטער מיינע פיס, קאָן זיין, געפינט זיך דער אוצר.

מיטאַמאָל האָבן די שקצים אויפגעהערט זינגען און עס האָט זיך דערהערט, ווי אַ שווערער שטיין וואָלט אַרייגעפאַלן אין טייך. איך האָב זיך גוט איינגעהערט און צו מיר האָבן זיך דערטראָגן טריט אַהער, באַרג אַרויף. איך האָב דורך די ריטלעך זיך געמאַכט אַ וועג צוריק, צום גאָרטן, צו די גרעבער. איך האָב דאָרט געטראָפן דעם לערער זיך סוד׳ען מיט סטעפּניצקין.

— איך הער טריט — האָב איך געזאָגט.

— שטיי דאָ — האָט סטעפּניצקי זיך אָנגערופן און געטאָן אַ גיי אַריין אין דער פינצטער. אין אַ מינוט אַרום איז ער צוריקגעקומען.

— דאָס זיינען יונגען פון אונדזער ווינקל, — האָט ער געזאָגט.

— ששששש! — האָט מיין לערער זיך געבעטן. איך האָב אַריינ־געקוקט אין גרוב. ער איז שוין געווען די טיף פון אַ מענטשן. אויפן דעק אין אַ ווינקל האָט געברענט מיין לאַמטערן. די צוויי שקצים האָבן געגראָבן טיפער און טיפער.

— נו, וואָס שטייסטו? — האָט מיך דער לערער געמונטערט.
איך בין צוריק אַוועק צום ריוו, אָבער איך האָב ניט געקענט געפינען דאָס דורכגעטויטשעטע אָרט. איך האָב געמוזט דורכרייסן אַ נייעם וועג. עס האָט מיך פאַרדראָסן. איך האָב זיך אויסגעניכטערט מער און מער, און דאָס ערשטע מאָל האָב איך היינטיקן אָוונט אַ גענעץ געטאָן. שטילער און שטילער איז דאָס דאָרף געוואָרן. די נאַכט איז געוואַקסן, געוואָרן גרעסער און עלטער. פאַרשלאָפן האָט אַ זשאַבע אַ קוואקע געטאָן, און אפילו די גרילן האָבן שוין מער ניט געגרילצט אין כאָר, נאָר זיי האָבן זיך מידע איבערגערופן. מיט איין מאָל האָב איך דערפילט אַן אויסגעלאָשענעם בליץ פאַר די אויגן. איך האָב ניט פאַרשטאַנען פון וואַנען און פון וואָס דאָס קומט. ערשט האָב איך דערפילט, אַז עפּעס פעלט מיר פאַר מיין בליק. איך בין געוואָרן אומרואיק. איך האָב זיך איינגעקוקט אין דער פינצטער אַרום און אַרום און ערשט דערזען, אַז דאָס שאַרפע ליכט, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשלאָגן אַהער פונעם פּריצ׳ס הויף, איז אויסגעלאָשן געוואָרן. הייסט עס, אַז עס איז שוין נאָך עלף, און אפשר צוועלף. געשמועסט האָט מען, אַז דער פּריץ לעשט אַליין אויס דאָס ליכט ניט פריער פון צוועלף ביינאַכט. זאָל זיין, אַז איך זיץ שוין דאָ אַזוי לאַנג? ווער ווייסט? אַזוי לאַנג, ווי איך זע קיינעם ניט און הער קיינעם ניט אָנקומען, וועל איך זיצן, ביז דער לערער וועט קומען צולויפן. ער וועט האַלטן עפּעס אין זיינע פאַרמאַכטע הענט. און ווען ער וועט קומען צו מיר, וועט ער די פאַרמאַכטע הענט אַ צעעפן טאָן, און אין דער פינצטער וועלן אויפשיינען דימענטן מיט זייער אייגן ליכט!

איך בין געזעסן, און מיינע אויגן זיינען פון אָנגעשטרענגטקייט געוואָרן מידער און מידער, אָבער דערפאַר האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי וואַקסן אויף מיין פּנים, אַז זיי זיינען שוין אַ סך גרעסער ווי געווען, גרעסער פון מיר אינגאַנצן, אַז זיי זיינען זיך צונויפגעקומען אין איין שטיק זעעניש, ווי אַ שפּיגלדיקער טייך, אין וועלכן עס שטייט דער גאַנצער אַרום. די איבערלעבונג איז געווען אַזוי שאַרף, אַז איך האָב צוגעמאַכט די אויגן. און ווען איך האָב זיי געעפנט, האָב איך ערשט דערפילט, ווי מיד איך בין. איך האָב זיי ווידער צוגעשלאָסן, בלויז אויף אַ ווײַלע . . . איך בין דאָך דערמיט באַגאַנגען אַ פאַרברעכן! איך האָב שוין ווידער געקוקט, און וואָס מידער מיינע אויגן זיינען געוואָרן, אַלץ אַנדערע געשטאַלטן האָבן זיי אַרויסגערופן פון דער

אַרומיקער פינצטערניש. טונקעלע מענטשלעכע שאָטנס האָבן געשוועבט ביי דער ערד און אין רייען זיך געטראָגן אויף מיר. זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין גאַנצע מענגעס און זיי האָבן אין שווערן זיך געדרייט דאָ מיט די פּנימער, דאָ — מיט די רוקנס צו מיר. זיי זיינען צוגעקומען ביז צום עקסטן פויערשן שטיבל און פאַרשוואונדן, אָבער פון דאָרטן, פון דער לאַנגער בריק, וואָס האָט זיך געהויבן איבער ביידע טייכן, — זיינען אָנגעקומען נייע און נייע, און איך האָב, דאַכט זיך, געהערט זייער שטילן רויש.

איך האָב ווידער געגענעצט. קיינער איז ניט געקומען, קיינער אין דאָרף האָט ניט געוואוסט, וואָס איך טו דאָ, אויפן אָנשיט און וואָס דער לערער מיט די פּויערים טוען ביי אונדז אין גאָרטן. איך בין געוואָרן רואיקער און רואיקער. אַ גליווערניש האָט ביסלעכווייז אָנגע־הויבן אַריינצודרינגען אין מיינע גלידער, די זיסע טעמפּע גליווערניש פונעם אָנקומענדיקן שלאָף. איך האָב זיך אַ וויג געטאָן און זיך אויפ־געכאַפּט. איך בין דען געשלאָפן? ניין, איך בין ניט געשלאָפן! איך שלאָף ניט און איך וועל ניט שלאָפן! איך בין אויף דער וואָך. מען האָט מיר אָנגעטרויט אַ וויכטיקן סוד. דער לערער, מיין לערער האָט מיר אַנטפּלעקט זיין הייליקסטע געהיימניש. איך האָב אים געגעבן אַ תקיעת־כּף. אַט דאָ זיך איך צום הערן, צום שפּירן און דערשפּירן!

איך האָב זיך אַ קניפּ געטאָן אין פוס און בין אינגאַנצן וואַכנדיק געוואָרן. די מחנות שוועבנדיקע שאָטנס האָבן זיך מער ניט געוויזן. עס איז, דאַכט זיך, ליכטיקער געוואָרן. עס האָט זיך דערהערט אַ ווייט־ווייטער רויש. ער איז מיר געווען באַקאַנט. דאָס איז געווען דער רויש פון דער באַן, קנאַפּע צוויי ווערסט פון דאַנען. איך האָב ליב געהאַט די באַן. פון דער נאָענט איז זי געווען ווי אַן אָנגרייפנדיקער דראָענ־דיקער ריז, גרייט צו פאַרפּלייצן און צו פאַרניכטן. זי פלעגט זיך אָנ־טראָגן מיטן רויש פון אַ מאַסע לויפנדיקע שטאָלענע רעדער, מיט אַ שוואַרצן גלאַנציקן לאָקאָמאָטיוו פאָרויס. ער האָט מעכטיק געאָטעמט מיט האַסטיקע שטראָמען דאַמף, מיט וואָלקנס רויך, דורכגענומען פון פלאַם און פונקען. הונדערטער מאָל האָב איך אים שוין געזען אָנקומען מיט רויש ביז באַטויבונג, און זיין מעכטיקער צויבער איז ניט געמי־נערט געוואָרן. איצט, פון דער ווייט האָט דער רויש פון דער באַן געקלונגען ווי אַ קינדער־וועגעלע. אַ פּאָר מינוט האָט דער ווייטער קלאַנג אָנגעהאַלטן און ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען. אין אַ לויטערער

לבנה־נאַכט קאָן מען פונעם גרויסן באַרנבוים, ווען מען קלעטערט אַרויף אויף זיין העכסטער צווייג, זען די באַלויכטענע פענצטער פון די וואַגאָנען. פון דאַנען טראָגן זיי זיך פאַרביי ווי פליענדיקע פירעקן.

עס איז צוריק שטיל געוואָרן. עס האָט זיך שוין אויך באַרויקט דעם שכנס בייזער הונט אויף דער קייט און די שטימען פון די גרילן זיינען געוואָרן נאָך זעלטענער און נאָך שוואַכער ווי פריער.

איך האָב געזוכט די שטערן אין הימל, „מיינע" שטערן, וואָס איך האָב פריער נאָכגעקוקט. זיי זיינען דאָ מער ניט געווען. אויף זייער אָרט האָבן זיך געוויזן אַנדערע, פון אַן אַנדער גרויס און פון אַן אַנדער שיין. איך האָב געקוקט צום גאָרטן. איך האָב געוואָלט אויפ־כאַפּן אַ קלאַנג פון די גרעבער. איך האָב געהערט דעם קלאַנג פון אויסגעשאָטענער ערד, וואָס איז געפאַלן מיט אַ שטילן שיפּען. צו דעם ביז איך שוין געווען געוואוינט פון פריער. איך האָב געוואָלט דערהערן דעם אויסגעשריי פון פרייד און שרעק. איך האָב געזען דעם באַרנבוים און דורך אים — איינציקע שטערן. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואַקסן אויף זיינע צווייגן. דאָ, וואו איך האָב געזען די שטערן, האָב איך געקאָנט אויפכאַפּן די קאָנטורן פון די בלעטער. און אָט איז איבערן בוים געבליבן הענגען אַ קרום פּאַסיקל פון דער לבנה. עס איז געווען שוואַך און בלייך און עס האָט געקלעטערט איבערן הימל, ווי אַ קריכערל אויף אַ גרויסן באַרג. איך האָב ממש געזען, ווי די לבנה באַוועגט זיך, און איך האָב ניט געקענט אָפּרייסן מיין בליק פון איר. דאָס קרומלעכע פּאַסיקל האָט מיטאַמאָל אַ גיי געטאָן אַהער און אַהין, אַראָפּ און אַרויף, עס האָט אַ שווינדל געטאָן, זיך באַדעקט מיט נעפּל, אַראָפּ צו מיר, אַן איינגעהילטס, און אויך מיך איינגעוויקלט.

איך בין אויף דער אמתן אַנשלאָפן געוואָרן.

אויפגעכאַפּט האָב איך זיך פון אַ ריס ביי די האָר.

— איי איי! — האָב איך אויסגעשריגן און דערפילט סטעפּניצקיס אָפּשיילעכן אָטעם.

— אַן אומגליק! אַן אומגליק, פריצל! נו, קום, קום! וואָס קוקסטו, ווי אַ קאַלב? קום, זאָג איך דיר!

איך בין אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט געשפּאַנט פאַרויס אַזוי זיכער, ווי דאָס וואָלט געווען אין מיטן טאָג און גערעדט: —

„... אַזאַ'ן עקשן! מיר אים: „טיפער קען מען ניט" און ער — זיינס! אַרונטער און געוואָלט מאַכן אַן איינגראָב, אין דער טיף, אין

דער זייט. פאַרשאָטן, דערשטיקט אים, נאָר איין פוס שטעקט אַרויס אויפן סאַמע דנאָ.

— וואָס רעדט איר? וואָס רעדט איר? — האָב איך זיך געווענדט צו סטעפּניצקין און געפילט ווי די ציין קלינגען מיר אין מויל.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צום גרוב, זיינען שוין דאָרט די שקצים ניט געווען: ווייזט אויס, פון שרעק אַנטלאָפן. סטעפּניצקי האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און מיר צוגעלויכטן אַרונטער, אין גרוב אַריין. איך האָב גאָרניט געזען. די גרוב איז געווען פאַרגאָסן פון אַ פינצטערניש ווי פון אַ שוואַרצער פליסיקייט.

— שטיי דאָ — האָט סטעפּניצקי מיר געזאָגט. ער איז מאָמענטאַל פאַרשוואונדן און איז באַלד צוריק דאָ געווען מיט אַ זשמוט שטרוי אין זיין האַנט. ער האָט די שטרוי אָנגעצונדן.

ערשט האָב איך דערזען אויפן סאַמע דעק פון דער גרוב דעם באַשוכטן פוס פון מיין לערער.

— וואָס טוט מען? — האָט סטעפּניצקי מיך געפרעגט מיט אַ פאַרהילצערט פנים.

— איך האָב געוואָלט שרייען און ניט געקענט.

— און איך... און איך... — האָט סטעפּניצקי געשטאַמלט, ווי ער וואָלט מיר געדראָט — און איך וועל שרייען געוואַלד!

און באַלד האָט זיך דערהערט זיין קול איבערן גאַנצן גאָרטן, פריער שוואַך און ווי איינגעטריקנט, דערנאָך שטאַרקער און שטאַרקער און צעצויגענער איבערן גאַנצן דאָרף:

— געוואַלד! געוואַלד!! געוואַלד!!!



# מרים

דאָס דאַרף האָט זיך אָנגעהויבן דורכצעוואַרפן פון שלאָף די יונגע שיינע גאָטספאַרכטיקע מרים האָט אין דרעמל זיך איינגעהערט אינעם ניגון פונעם וואָכעדיקן שחרית. זי האָט פויל געעפנט איין אויג, געזען דעם יונגן מאַן אירן שטיין ביים טיש, מיטן פּנים צום פענצטער. כייקל האָט זיך געשאָקלט, און דער שווערער טלית האָט זיך איבער זיין נאַקן געהויבן און צוריקגעפאַלן.

„היינט איז מיטוואָך!" האָט מרים מיט איין מאָל אינגאַנצן דערוואַכט. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז שוין פון חול המועד פּסח אָן לעגט זי אָפּ דאָס פאָרן אין שטאָט איינצוקויפן פאַרן קלייטל. איצט איז שוין באַלד שבועות. זי מוז שוין אויפשטיין און זיך גרייטן אין וועג אַריין.

דאָס פאָרן קיין דיביוועקע איז פאַר מרים׳ען געווען אַן אָנשטרענגונג און אַ מורא. דאָס טרייסלען זיך אויפן פויערשן וואָגן פּופּצן וועדסט האָט זי ניט אַזוי געאַרט, ווי דאָס בלייבן מיט אַן ערל אַליין אין פעלד אויף עט־לעכע שעה נאָכאַנאַנד. זי וואָלט דאָך געקאָנט שיקן כייקל׳ען, טויג ער אָבער ניט צו מסחר. ער איז אַן איידעלער, אַ טאָטנס אַ קינד, דאַוונט זייער שיין פאַרן עמוד, נאָר קיין פונט זאַלץ קאָן ער ניט אָפּוועגן. מוז זי פאָרן אַליין. איצט איז איר שוין גוט. זי קאָן שוין מיטנעמען מיט זיך יאָסעלע׳ן. יאָסעלע איז שוין דאָס אַכטע יאָר אַלט. מיט אים אין דער פויערשער פור איז איר היימלעכער.

זי איז אַראָפּ פון איר געלעגער, אויפגעוועקט דעם זון, אים אויף גיך אָנגעטאָן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די מאַמע קיצלט אים און ער האָט געלאַכט.

— נו־אָ! — האָט זיך כייקל געבייזערט ביים דאַווענען.

מרים האָט אויפגעזאָטן ציקאַריע, איילנדיק איבערגעביסן. זי האָט זיך גליקזעליק איינגעהערט, ווי יאָסעלע האָט פאַרן עסן געזאָגט „מודה אני". זי האָט אין איין האַנט געהאַלטן אַ גרויסן קאָשיק, מיט דער אַנדע־

רער האָט זי געפירט דעם זון צו דער טיר. מאַמע און זון האָבן זיך אָפּ־געשטעלט.

— זיי געזונט, — האָט מרים געזאָגט.

— זיי געזונט, — האָט יאָסעלע געוואונטשן דעם טאַטן. דער פֿאָ־טער איז איצט געשטאַנען שמונה עשרה, מיטן רוקן צום ווייב און צום זון. מרים האָט גאָטספאַרכטיק צוגעלייגט אַ פינגער צום שיינעם מויל און זי האָט שטיל פאַרמאַכט די געבעטע טיר הינטער זיך.

זיי זיינען אַרויס אין דרויסן.

עס איז געווען אַ שטילער זומער־פרימאָרגן. די זון איז געהאַט נאָר וואָס אויפגעגאַנגען, און אירע שטראַלן האָבן זיך פריידיק אָפּגעשפּיגלט אין די פאַרטויטע בוימער און אין די צלמים פונעם דאָרפישן קלויסטער. וואו ניט וואו האָט פון אַ פויערש הייזל, איבערן נידריקן קוימען, זיך גע־צויגן אַ קורץ, דורכזיכטיק רויכל. פויגלען האָבן זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ פריילעך צוויטשען. דער פאַסטוך פון דער טשערעדע שאָף, אַ קליינגע־וואוקסיקער אַלטיטשקער, מיט אַ געדיכט פאַרוואַקסן פנים און אַ לאַנגע פאַטלע ניט־פאַרקעמטע, שטויביקע האָר, איז שוין אומגעגאַנגען פון הויף צו הויף. מיט זיין גרויסן שטעקן האָט ער אָנגעקלאַפּט אין יעדן טויער און גערופן. „טרייבט אַרויס די שאָף!"

טויערן האָבן זיך מיט אַ ריפּ און סקריפּ געעפנט, און פון יעדן צע־עפנטן טויער זיינען עטלעכע שוואַרצע שאָף אַרויס אין גאַס. זיי האָבן זיך געריבן איינע אָן דער אַנדערער מיט די שטויביקע האָריקע זייטן און זיי זיינען אין גאַנג געשפּרונגען איינע איבער דער צווייטער.

עס איז אָנגעפאָרן יאַקיוו רינקיוו, אַ פויער פון עטלעכע און דרייסיק יאָר, אַ בעל גוף. זיין רויטער אייזערנער וואָגן איז געווען געשפּאַנט אין צוויי טייערע גניאָדע פערד. אַ גרויסער הונט האָט זיין פור באַגלייט. יאַ־קיוו האָט זיך פאַרגונען טראָגן טאַקי ביליקע, אָבער דאָך שוין ניט קיין ווייסע, גראָבע לייוונטענע הויזן, ווי אַ געוויינלעכער פויער, נאָר בלויע, פאַרטאַטשיש־אויפגענייטע פּליודערן. זיין געוואַנטן רעקל איז שיין גע־זעסן אויף זיין גלייכער, ברייטער פּלייצע. אַ היטל האָט יאַקיוו היינט אָנגעטאָן אַ בלויס, הויך אויפגעשטעלט.

יאַקיוו'ס שוואַרצע אויגן האָבן געזונט און צופרידן אַרום זיך גע־קוקט. זיינע שיין פאַרדרייטע, שוואַרצע וואָנציעס האָבן שטענדיק באַ־האַלטן אין זיך אַ צופרידענעם שמייכל.

ער האָט דער יידישקע אָפּגעגעבן אַ פריילעכן גוט מאָרגן. ער האָט

פון איר שטאַרק געהאַלטן פאַר איר ערלעכקייט און פאַרן אויסקומען פרידלעך מיטן „פאָלק.“ חוץ דעם איז זי טאַקי געווען אַ שיינע און זי האָט אַזוי שיין געקוקט מיט אירע שוואַרצע אויגן, אַז עס פלעגט זיך אים קיינמאָל ניט גלוסטן אַוועקגיין פון מרים׳ס קלייטל. זי איז געוואַקסן אין דאָרף און זי האָט זייער שיין גערעדט אוקראַיניש.

— אָט אַזאַ מין יידישקע אָפּשמדן! — האָט יאַקיוו ניט איינמאָל געטראַכט, — וואָלט דאָס געווען אַ מענטשיכע!

אינעם זוניקן פרימאָרגן האָט די שיינע מרים אויסגעזען שענער ווי שטענדיק.

יאַקיוו האָט שטאַרק אָנגעצויגן די לייצעס. די אויסגעפּאַשעטע, אויסגערוטע פערד זיינען ניט איינגעשטאַנען.

—איר ווילט אין שטאָט אַריין? — האָט ער געפרעגט.

—יאָ, — האָט מרים צופרידן געענטפערט, ווייל הינטער יאַקיוו׳ס פלייצעס איז אין דער שטרוי געזעסן זיין נייניעריקע נאַסטוניאַ.

„טייערע צוויי שומרים!... די כפרה זאָל זי זיין פאַר יאַסעלע׳ס מינדסטן נאָגל,“ האָט מרים געטראַכט. זי איז צוגעקומען צום וואָגן. יאַקיוו האָט די שטרוי אין וואָגן ענג איינגעבעט, זי איבערגעדעקט מיט אַ ווייסער רעדנע, מעשה מבין באַטראַכט זיין אַרבעט און געזאָגט:

— אונדזער מרימוניו וועט ביי מיר פאָרן ווי אַ פּריצה.

אויפן הויף־אויסגעבעטן הינטערשטן זיך האָבן זיך איינגעמאָסטעט מרים מיט איר יאַסעלע׳ן. נאַסטיא איז געבליבן מיטן פּנים צו די פאַרשוינען.

די פור האָט זיך גערירט.

דעם גאַנצן וועג אין שטאָט אַריין האָט יאַקיוו אַלע ווײלע זאָרגפעליק נאָכגעפרעגט. „נו, ווי זיצט זיך?“ „עס קוועטשט ניט?“ „עס טרייסלט ניט?“

און באַקומענדיק פון דער שיינער מרימוניו אַ דאַנק, האָט ער איר געקוקט אין אירע שוואַרצע אויגן, אויף אירע פולע, בלייך־ראָזע ליפּן... אין זיין האַרץ האָבן הייסע כוואַליעס געשלאָגן. זיינע צופרידענע אויגן האָבן זיך געצונדן מיט אַן אומהיימלעך פייערל. ער האָט לעבעדיק געפּאַכעט מיט דער בייטש איבער די רוקנס פון די פערד און זיי אונטערגעגעבן חשק צו לויפן מיט אַ „ע־ע־ע־עך“. דער דאָזיקער „הע־ע־ע־עך“ האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין ברוסט אַ פולער און אַ ברייטער און האָט זיך הילכיק צעטראָגן איבער די שטילע דרעמלענדיקע תבואות אַרום.

און מרים האָט ביי זיין יעדער „הע־ע־ע־עך״ אַ ציטער געטאָן. אירע שיינע, פולע ליפּן האָבן שטיל געפּליסטערט. „גאָטעניו, באַשירעם מיך!״ זי האָט געפילט יאָסעלע׳ן לעבן זיך און נאָסטיע׳ן אַקעגן. זי האָט זיך באַרואיקט און געטראַכט, ווי קומט מען שוין איבער דעם טאָג מיט דער נסיעה און מען איז שוין צוריק אין דער היים!

יאָסעלע האָט די ערשטע עטלעכע ווערסט זיך געפונען אין אַ האַלב־דרעמלענדיקן צושטאַנד. נאָר ווען די זון האָט זיך אויפגעהויבן און מען איז אַרויס אויפן טראַקטאָווע וועג, און פון אַלע זייטיקע שמאָלע וועגן זיינען אַהער אָנגעלאָפן אַסך פויערשע פורן, איז יאָסעלע געוואָרן וואַכ־דיק און זיך ערשט צוגעקוקט צו נאַסטיע׳ן. זי האָט זיך מיט איין האַנט אָנגעהאַלטן אָן וואָגן און די רויטע קרעלן האָבן אויף איר שיין אויסגע־נייטן העמד געטאַנצט. ביי יעדן טרייסל פונעם וואָגן האָבן דער שיקסלס גרויע, לוסטיקע אויגן אויסגעדריקט שרעק און באַלד האָט זי געלאַכט.

— אוי, מאַמעלע, כ׳בין שיר אַרויסגעפאַלן! — פלעגט זי אויסשריי־ען, און בעטן דעם צעהויליעטן פאָטער צו פאָרן פּאַמעלעכן.

יאָקיוו האָט צוליב געטאָן דער טאָכטער. ער האָט פאַרשטעקט די בייטש אין דער שטרוי, די לייצעס אָנגעוויקלט אויף ביידע הענט און זיי אַזוי אָנגעצויגן, אַז די פערד זיינען מיט איין מאָל שטיין געבליבן. יאָ־קיוו האָט זיך צופרידן אומגעקוקט צו מרים׳ען.

— זעסט: זיי זיינען ביי מיר אַזוי ווי די ליאַלקעס. ער האָט אָפּגע־לאָזט די לייצעס און אַ פייף געטאָן. די פערד האָבן ווידער אַ טראָג גע־געבן. יאָקיוו האָט ווידער געפּאָכעט איבער זייערע רוקנס שוין ניט מיט דער בייטש, נאָר מיט זיין גרויסער האַנט, און געררופן „הע־ע־ע־עך!״ נאָר דער וועג איז שוין איצט געווען פאַרפלייצט מיט אַזוי פיל פורן, אַז פאָרן גיך איז געווען אוממעגלעך.

יאָסעלע האָט געוואוסט, אַז די מאַמע וועט אים קויפן נייע שיך אויף שבועות. ער האָט זיך שוין באַצייטנס געשפּיגלט אין זייער גלאַנץ און געשמעקט דעם גערויך פון נייעם לעדער. ער האָט אַפילו געהערט דעם סקריפּ פון זיינע נייע שיך. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי די יינגלעך פון די אַרומיקע דערפער, וואָס קומען מיט זייערע טאַטעס צו יאָסעלע׳ן דאַווענען, רעדן וועגן זיינע נייע, שיינע שיך מיט סקריפּ, ווי זיי זיינען אים מקנא.

ער האָט געקוקט אין נאָסטיע׳ס אויגן, איר געוואָלט דערציילן פון זיינע שיך, האָט ער מורא געהאַט פאַר דער מאַמען. דערצו האָט ער איר

געוואָלט צוליב טאָן: זי איז אַזאַ גוטע. אַלץ גיט זי אים נאָך, ער זאָל זיך נאָר ניט חבר'ן מיט קיין „חזירימלעך". איז ער געזעסן און אומגעדולדיק געשוויגן, ביז דאָס מיידעלע האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס וועט דיר דיין מאַמע קויפן?

מער האָט שוין יאָסעלע ניט געקאָנט אויסהאַלטן און דערציילט נאָסטיע'ן אינגאַנצן, אינגאַנצן.

— און מיר — האָט דאָס שיקסעלע מודה געווען — וועט מיין טאַטע קיין שטיבלעטן ניט קויפן. „ניט פאַר קיין פויערטע", זאָגט ער. וועט ער מיר קויפן פּאָסטעלעס, איך זאָל ניט צעשטעכן מיינע פיס, ווען איך פּאַשע די קי אין פעלד.

מרים האָט זיך „געקאָכט", צוזעענדיק, ווי איר קדיש איז פאַרפלאָמט פונעם געשפּרעך מיט דער שיקסע. פאַרוווּרן דעם זון רעדן האָט זי איצט ניט געקאָנט. זי איז געזעסן אַ פאַרצווייפלטע און געהערט ווי איר קינד רעדט פון בהמות און פעלד, פון הינט און חזירים... זי וועט זיך שוין אין דער היים מיט אים אָפּרעכענען!

---

דער טאָג אין שטאָט איז אַריבער אין לויפעניש איבער די קראָמען אין דינגען זיך און אין אַרומזוכן מציאות. אַ צוויי שעה פאַרנאַכט איז שוין מרים מיט איר זון געווען ביים וואָגן.

נאַסטיא איז געזעסן אין דער שטרוי, אַרומגענומען דעם הונט מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער האָט זי פאַר אים געכאַפּט פליגן און זיי געוואָרפן אין זיין צעעפנטן פּיסק. דער הונט האָט פון גיריקייט געצי־טערט, און יעדעס מאָל, ווען ער האָט דערפילט אַ פליג אויף זיין אויס־געשטרעקטער צונג, האָט ער מיט אַ קנאַק צוזאַמענגעדריקט זיינע ציין. ער האָט אַראָפּגעשלונגען די פליג, אַרויסגעלאָזן אַ בורטשע ווי פון בויך אַרויס און ווידער, פול מיט דערוואַרטונג און חיה'שער אומגעדולד, ברייט צעעפנט די מאָרדע.

נאַסטיא האָט אים ניט איין מאָל אָפּגענאַרט. דער הונט האָט אומ־זיסט געקלונגען מיט צוזאַמענקלאַפּטע ציינער. און דאָס האָט די קליינע געמאַכט צו לאַכן ביז טרערן.

מרים האָט פון דער שפּיל אויסגעשפּיגן. יאָסעלע'ן אָבער איז דאָס זייער געפעלן. ער האָט געכאַפּט אַ פולע זשמעניע פליגן און זיי אַריינ־געוואָרפן דעם הונט אין פּיסק. מרים האָט דעם זון מכבד געווען מיט אַ פּאַטש.

— איכ׳ל זיך ערשט אין דער היים צערעכענען מיט דיר, — האָט זי אים מבטיח געווען.

נאַסטיא האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס די יידישקע רעדט. זי האָט געזען, ווי יאָסעלע׳ס באַק איז פון דער מאַמעס פּאַטש רויט געוואָרן. אין זיינע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. נאַסטיע האָט דערפילט אַ פאַרדראָס אויף מרימ׳ען. זי האָט באַלד איבערגעריסן די שפּיל מיטן הונט און אים אַראָפּגעטריבן פונעם וואָגן. זי איז אויך אַראָפּ אויף דער פאַרמיסטיקטער ערד. דאָ האָט זי דערפילט די נייע פּאָסטעלעס אויף די פיס.

— זעסט ? — האָט זי געפרעגט און צונויפגענומעןביידע פיס אַזוי, אַז ביידע פּאָסטעלעס האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ פּאָר. — דער טאַטע זאָגט, אַז דאָס זיינען אויסלענדישע. און די רויטע זאָקן זעסטו ?

יאָסעלע האָט פאַרגעסן אָנעם פּאַטש און זיך איבערגענומען מיט זיינע שיך.

— וואו זשע זיינען זיי ? — האָט נאַסטיע געפרעגט.

—אין פידלע — האָט יאָסעלע געענטפערט און זייער חשק געהאַט אַט דאָ באַלד טאַקי אַרויסנעמען די שיך מיט די שוואַרצע קנעפּלאַך און מיט די „פעטשאַטן״ אויף די גלאַנציקע פידעשוועס. און זאָל זי זען, נאַסטיא, וואָס פאַר שיך ער, יאָסעלע, האָט און זאָל זי זיך מיט אירע גוי׳עשע פּאָסטעלעס ניט איבערנעמען . . .

— פאַרוואָס האָסטו זיי ניט אָנגעטאָן ? — האָט נאַסטיא געפרעגט.

— ס׳איז אויף יום טוב, אויף אונדזער גרינעם יום טוב — האָט יאָסעלע דערקלערט. נאַסטיא האָט קוים פאַרשטאַנען.

— ווייז מיר דיינע שיך ! — האָט זי נייגעריק געבעטן.

— די מאַמע . . . — האָט יאָסעלע אומעטיק ניט דערזאָגט. די קליינע האָט אים פאַרשטאַנען און געשוויגן.

— וואו איז דיין טאַטע ? — האָט מרים געפרעגט נאַסטיע׳ן.

— ער טרינקט, ווייזט אויס, האָט די קליינע געענטפערט.

מרימ׳ען איז „איינגעפאַלן דאָס האַרץ״. זי האָט אומרואיק אויסגעשטעלט אירע פּעקלאַך אין וואָגן, האָט זיך איינגעמאָסטעט און געוואַרט, יאַקיוו זאָל קומען. דער גוי האָט זיך אָבער ניט געוויזן און וואו צו זוכן אים, האָט זי ניט געוואוסט. איז זי דעריבער געזעסן און מיט אַנגסט צוגעזען, ווי די זון זעצט זיך אַראָפּ נידריקער און טיפער, ווי די פורן פונעם מאַרק צעפאָרן זיך, ווי די נאַכט קומט אָן.

ערשט פאַרנאַכט, ווען די זון האָט זיך שוין באַהאַלטן, זיינען זיי פון שטאָט אַרויסגעפאָרן.

אויפן ברייטן שליאַך איז נאָך געווען היימלעך. הינטן און פאָרנט האָבן זיך געצויגן לאַנגע שורות פויערשע וועגענער, געדיכט באַזעצט מיט גוים אין נייע קאַשקעטן און גויעס מיט קעסטלדיקע פאַטשיילעס. אויף די וועגענער זיינען געווען אָנגעשטעלט ערדענע טעפּ, קריגלאַך, משונה־גרויסע הילצערנע לעפל און מכשירים פון פויערשער באַלעבאַ־טישקייט, געבונדענע הינער האָבן אין אַ וואָגן פרידלעך שטיל געקוואַ־קעט און אַ האָן האָט זיין פאַרנאַכטיקן קוקוריקן ניט פאַרפעלט. האָט אים אַ צווייטער און אַ דריטער געענטפערט...

מען האָט געטריבן חזירים, שאָף, קי, פערד און אָקסן. עס האָט זיך געהערט אַ כריוקעניש, אַ רעווען פון אַ קו, אַ פאַרביינקט הירזשען פון אַ פערד, אָפּגעריסן פון זיין פּאָר און אַ שוואַך מעקען פון אַ יונג שעפּעלע. פויערים און פויערטעס האָבן זיך פון די וועגענער איבערגעשריגן.

איבער דער פאָרנדיקער מחנה איז געשטאַנען אַ געדיכטער שטויב.

ווען יאַקיוו האָט פאַרקערעוועט אויפן שמאָלן זייטיקן וועג קיין מע־דיוועקע, איז שוין געווען פינסטער.

עס איז געווען אָנהויב חודש. די לבנה האָט מען ניט אָנגעזען, און ווען זי האָט זיך שפּעטער באַוויזן אינעם געשטאַלט פון אַן אָפּגעבראָכן שטיקל סערפּ, האָט זי ניט געלויכטן. דער הימל האָט אויסגעזען שוואַרץ און די שטערן גרויס און פינקלדיק. פון ערגעץ האָט זיך אַהער דער־טראָגן געזאַנג. ווייט ווייט אַן אַ זייט האָט זיך געזען אַ שאַרף ליכט. דאָס אויער האָט פון צווישן די תבואות אויפגעכאַפּט אַ שוואַכן רויש. מחנות קאָמאַרן האָבן געזשומעט לעבן די פּנימ׳ער פון די מענטשן און מען האָט די איינגעגעסענע ברואים ניט געקאָנט אָפּטרייבן.

אין אַ זייטיקן טאָל האָבן שוואַך אַ בליאַסק געטאָן עטלעכע פייער־לעך. הינט האָבן געבילן. פאַר די אויגן האָבן זיך געטראָגן נעפּלדיקע סילועטן פון מענטשן און פון ביימער.

די פערד האָבן מאָנאָטאָן געקלאַפּט מיט זייערע קאָפּיטעס אינעם ווייכן שטויב, און יאַקיווס אייזערנער וואָגן האָט געברומט מיט מעטאַל. דער הונט האָט מיט אַ קורצן אָפּגעהאַקטן בילן זיך אַ אַלע ווײַלע דורכ־געטראָגן פאַרביי דער פור. ער איז אַריין אין די תבואות און דאָרט גע־נישטערט.

יאַקיוו האָט ווירקלעך געטרונקען בראַנפן אין שטאָט. ער איז אָבער

ניט געווען שיכור. ער האָט געוואָלט פאַרפירן אַ שמועס מיט מרים׳ען און ניט געוואוסט פון וואָס אָנצוהויבן. ער האָט איר דערוויל דערציילט אַ מעשה, אַז ער האָט אַליין געזען, ווי אַ פויערטע האָט פון אַ שטעלכל אַרונטערגעכאַפּט בגנבה אַ פּאַטשיילע.

— ... און אַז איך האָב דאָס דערזען, — האָט דער פויער פאַרגעזעצט, — האָבן מיר הענט און פיס אָנגעהויבן ציטערן. מע זאָגט, אַז יידן נאַרן אָפּ... עס זיינען דאָ פון אונדזערע, עס זיינען פאַראַן פון אייערע... די הענט דאַרף מען זיי איבערברעכן!

רעדנדיק צו דער שיינער ווייבל, האָט יאַקיוו זיך אומגעקוקט צו איר. ער האָט אָבער ניט געקאָנט זען אירע שיינע אויגן, אירע ראָזע ליפּן. ער וואָלט זיי כאָטש איין מאָל געוואָלט אַ קוש טאָן אויף די ליפּן! ער וואָלט זיי אָפּגעביסן!

פון צייט צו צייט איז דער וואָגן אַריין אין אַ גרוב און זיך אָנגעבויגן אויף איבערצוקערן זיך.

— האַלט זיך, האַלט זיך! — האָט יאַקיוו געמונטערט. ער איז געווען אויפגערעגט. מיטן גאַנצן קערפּער האָט ער געפילט די נאָענטקייט פון דער יונגער פרוי און ער האָט געמוזט זיצן פון דער וויטן. ער איז געווען אין כעס אויף די קינדער. אָ, ווען זיי זיינען דאָ ניטאָ! „עט,” האָט ער זיך אַליין געפּראַוואָוט איינרײדן — „וואָס דאַרף איך זי? וואָס דאַרף זי מיך? אַ יידישקע, נאָך אַ גאָטספאַרכטיקע דערצו. און ער גייט דאָך אין קלויסטער און האָט אַ געזונטע באָבע... טאָ צו וואָס טויג אים די יידישקע?”

מרים איז געזעסן, זיך צוגעהערט צו די מעשיות, וואָס יאַקיוו האָט איר דערציילט. ער האָט זיך געפּלאָנטערט אין זיינע רייד. זי האָט געוואוסט, פון וואַנען זיין פּלאָנטעריש נעמט זיך. זיין אויפרעגונג האָט זיך איר איבערגעגעבן. זי האָט מורא געהאַט. די קינדער האָבן האַלב פאַרשלאָפענע געפּלוידערט צווישן זיך און זי האָט זיי ניט געשטערט. זי איז געווען גליקלעך מיט די קליינע שומרים. און יאַקיוו האָט אַזוי לאַנג גערעדט, ביז ער איז אַנשלאָפן געוואָרן. די קינדער זיינען אויך געבליבן שטיל און מרים האָט קעגן איר ווילן, געכאַפּט אַ דרעמל.

די געניטע פערד זיינען געגאַנגען זייער וועג, פון קיינעמס האַנט געפירט. נאָר ווען מען איז אַריינגעפאָרן אין דאָרף, האָבן די סוסים זיך ניט געוואָלט אָנטאָן די מי איינצוהאַלטן דעם שווערן וואָגן באַרג אַראָפּ, און זיי האָבן זיך מיטאַמאָל אַ לאָז געטאָן לויפן.

יאַקיוו האָט זיך דורכגעוואָרפן און אָנגעכאַפּט די לייצעס. אויך מרים האָט זיך אויפגעכאַפּט און אַ טאַפּ געטאָן לעבן זיך אין דער שטרוי. דאָס קינד איז ניט געווען. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי: „וואו איז מיין קינד?"

יאַקיוו האָט האַסטיק אָפּגעשטעלט די פערד. ער האָט זיך דערשראָקן און ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם וואָגן און איז צוגעלאָפן צו מרים׳ען.

— וואָס איז? גאָט איז מיט אייך!

— איך האָב שוין... אַ פּיסל, — האָט מרים געענטפערט מיט טרערן אין קול. — צינדט נאָר אָן אַ שוועבעלע, לאָמיך אַ קוק טאָן אויף מיין קינד.

יאַקיוו האָט געלאַכט.

— וואָס אַ באַבאַ קאָן!... — האָט ער געזאָגט.

— איך האָב געכאַפּט אַ דרעמל, — האָט מרים זיך פאַרענטפערט — נו, איז אַ מלאכה צו פאַרלירן דאָס קינד?

יאַקיוו האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע. ביידע קעפּ האָבן זיך אַריבערגעבויגן איבערן גרויסן, טיפן וואָגן. אין מיטן, פאַררוקט אין דער שטרוי זיינען געשמאַק געשלאָפן יאָסעלע מיט נאַסטוניע׳ן. זיין האַלדז איז געווען ענג אַרומגעפלאָכטן פון אירע קליינע הענטלאך און זיינע ליפּן זיינען געווען איינגענורעט אין דער מיידעלעס פאַרפלאָמט בעקל. ביידנס פּנים׳ער האָבן געשטראַלט מיט דער רו פון קינדערשן שלאָף.

יאַקיוו האָט זיך געזונט און ברייט צעלאַכט. דאָס געלעכטער האָט אים צעשפּאַרט. עס האָט געשטראָמט פון אים שטאַרקער און האַסטיקער. ער האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן, זיך געכאַפּט ביים בויך און זיך געוויגט ווי אַ שיכור׳ער. ער האָט זיך אַרונטערגעזעצט, זיך פאַרגאַנגען מיט אַ קוויטשל. ענדלעך איז ער אַרויס מיט לשון.

— ער איז שוין קליגער פון זיין מאַמען. יאָסל וועט זיין אַ מאָלאָדיעץ, זאָל איך אַזוי לעבן!

— אוי, שטום זאָל ער ווערן! האָט מרים, אָפּזיפצנדיק געטראַכט. זי האָט זיך ערשט איבערצייגט אינעם גוי׳ס מחשבות. און זי האָט איצט אי געציטערט פון מורא, אי געפרייט זיך, וואָס זי איז שוין איבערגעקומען די געפאַר און זי האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט מער מיטן „מיאוסן ערל" אין שטאָט ניט צו פאָרן.

# דער פערד־גנב

די נאַכט, וואָס דער פעטער דודי איז ביי אונדז אין דאָרף געשלאָפן, בין איך געווען זייער אומרואיק. אַז איך האָב זיך יענעם פאַרטאָג אויפגעכאַפּט, איז מיין ערשטער שרעקנדיקער געדאַנק געווען: „איך האָב פאַרשפּעטיקט!...״

אָבער ווען איך האָב דערזען די זון ביי דער ערד, אַ פרישע, אַ ראָזאָווע, אַ נאָר־וואָס אויפגעשטאַנענע, בין איך מיט אַ פאַרשטאַרקטער פרייד אַרונטער פון באַנק־בעטל, וואו איך בין געשלאָפן, אויף גיך זיך אָנגעטאָן און שטיל — אַזוי אַז איך האָב אַליין מיינע טריט ניט געהערט — בין איך דורך דער אָפענער טיר אַריין אין שטאָל וואו דער פעטער דודי׳ס קאַשטאַן האָט געשלעפט היי פון לייטער איבער׳ן „זשאָלאָב״.

אַ ווײלע האָב איך זיך געקווײנקלט: זאָל איך פאָרן צי ניט? דער פעטער, די עלטערן מיינע וועלן זיך דערשרעקן. זיי וועלן זיכער מיינען, אַז מען האָט דאָס פערד אַרויסגע־גנב׳עט. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט די בהלה מיט די געוואַלדן, וואָס מען וועט דאָ אָנמאַכן. איך האָב דאָך צו קיינעם גאָרנישט געהאַט. איך בין דאָך געווען אַזוי יונג! ערשט אַ פּאָר יאָר אַז מען האָט מיך אָנגעהויבן מצרף זיין צו אַ מנין. איך האָב אַלעמען, אַלעמען ליב געהאַט. אָבער מיין קליין חנה׳לען, מיט׳ן אויסגעבייטן ווייסן מאַיאָוון העמדל, מיט׳ן רויטן מיילכל און שטשיפּילאָוון „ריש״, האָב איך (אָ, זאָל עס מיר פאַרגעבן זיין!) ליב געהאַט בעסער און שטאַרקער ווי אַלע מענטשן, מיט מיין פעטער דוד׳ן צוזאַמענגענומען.

איך האָב געוואוסט, וואָס פאַר אַ גאַסט איך וועל ביי חנה׳לען זיין, ווי אירע שוואַרצע אויגן וועלן עס אויפשיינען, ווען זי וועט מיך דערזען רייטנדיק אויף אַזאַ שיינעם קאַשטאַן און ווי זי וועט מיר זאָגן:

— אָ, מאָי כאָוואָשי! (אָ, מיין שיינער!).

מען דאַרף שוין שפּרינגען אַהין... אײנגאַנצן אַ פינף ווי־אַרסט...

איך האָב געוואוסט: גאַנץ פרי טרייבט זי די קו אין פעלד אַריין...
מען דאַרף דעריבער ניט פאַרלירן קיין איין מינוט! איך האָב אָפּגעבונדן דעם „אַבראַט״, אַרויסגעפירט דאָס פערד, פלינק אַרויף אויף זיין וואָרי־מען, שטאַרקן רוקן און בין אַרויס אין דער שטילער, פאַרטאָגיקער גאַס.
טריט ביי טריט בין איך געפאָרן ביז צום „קאַלוואַראַט״ (דאָרפישער טויער). איך האָב זיך אומגעקוקט, דאָס דאַרף איז געשלאָפן. אויפ׳ן הויף ביי אונדז איז געשטאַנען דעם פעטער דודי׳ס וועגעלע מיט די „דישלעס״ צו דער ערד. די קו אונדזערע האָט זיך אויפגעהויבן און מיר נאָכ־געקוקט.
נאָך איין מאָל האָב איך אַ טראַכט געטאָן: „מען דאַרף זיך ניט מאַכן נאַריש און זיך אומקערן.
איך האָב אַ צי געטאָן דעם קאַשטאַן פאַר׳ן „אַבראַט״: ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ שטעל־אָן געטאָן די אויערן אויף צוריק און געוואַרט.
איך האָב אים אויסגעקירעוועט און זיך שוין געוואָלט לאָזן צוריק. האָב איך זיך אָבער אומגעקוקט אין פעלד אַריין. דער וועג איז געלאָפן צווישן די גידריקע, נאָך יונגינקע תבואות, אַהין, צו די ווינט־מילן. פון יענער זייט ווינט־מילן, אַראָפּ אַ באַרג, דערנאָך אַרויף באַרג, דערנאָכדעם... אָ, דאָרט אין טאָל איז דאָך — אָטשערעטניאַ!
אַך! האָט עס מיך אונטערגעטראָגן — איך פאָר! איך האָב זיך צוריק פאַרקירעוועט, מיט די פיס אונטערגעשטורכעט דעם פערד די זייטן און בין אַוועק קיין אָטשערעטינאַ. איך האָב דאָס פערד געסמיקעט ביי די לייצעס, אונטערגעקנאַקט מיט׳ן צונג און דער קאַשטאַן האָט זיך צעלאָזט וואָס ווייטער, אַלץ ווילדער. איך בין געזעסן איינגעבויגן איבער זיין פאַראויס־אויסגעשטרעקטן קאָפּ, מיט איין האַנט אין דער געדיכטער האַרטער גריווע און מיט דער צווייטער — אים געפּאַטשט איבערן גלאַטן, הייס־געוואָרענעם האַלדז.
די ערד איז אַרום מיר אַוועק אַ קיילעכדיקס, די תבואות האָבן גע־שוואומען, זיך דרייענדיק אַרום די ווינטמילן, וואָס זיינען געוואָרן קלע־נער, ביז זיי האָבן זיך אינגאַנצן באַהאַלטן.
איך בין איצט געווען איינער אַליין, מיט מיין ליבן קאַשטאַן אין טויבן יאָר. דער טאָל איז געווען אַזוי טיף, אַז מ׳האָט נאָך דאָ די זון ניט אַרויסגעזען. פון דער שמאָלער ריטשקע און פון דער לעוואַדע האָט זיך אַ ליכטיק־ראָזעווע פאַרע געהויבן אַרויף און זיך געשמאָלצן אין דער הויך...

און אַט איז שוין אַטשערעטניאַ!

איך זע שוין דעם קלויסטער און די פּריצישע הויפן. די זון האָט זיך אַ הויב־אויף געטאָן, ברענט מיר דאָס פּנים און שנײַדט מיר די אויגן, איך קאָן ניט זען, צי מען טרײַבט שוין צוזאַמען די טשערעדע.

איך בין צוגעפאָרן צום „קאַלוואַראַט" און זיך אָפּגעשטעלט.

אַטשערעטניאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט. ס'האָבן גערעוועט בהמות, שאָף האָבן געמעקעט, העגער האָבן געקרייעט. אַ ליידיקער, גוי'אישער וואָגן איז ערגעץ מיט אַ טרוקענעם קלאַפּן דורכגעלאָפן.

איך בין געוואָרן אומרואיק.

פאָרן צו חנה'לע'ס פרומע טאַטע־מאַמע אין אַ מיטן פאַרטאָג, האָט קיין זין ניט געהאַט; שטיין דאָ און וואַרטן קאָנען מיך נאָך די אַטשע־רעטנער גוים אָננעמען פאַר אַ פערד־גנב: ניט אַלע קענען מיך דאָ.

וואָס־זשע טוט מען?

דער קאַשטאַן איז ניט איינגעשטאַנען; ער האָט געריסן דעם ווײַ־כען שטויב אונטער זיך מיט זײַנע שטאַרקע, פלינקע פיס. אומצופרידן געפאַרשקעט און הייס געאָטעמט, אַלע ווײַלע אָנגעשטעלט אויף מיר זײַ־נע אויגן און זיך געוואונדערט וואָס איך וויל דאָ טאָן מיט אים.

ס'איז אָנגעקומען דער פאַסטוך פון די בהמות מיט עטלעכע קי און זיך געשטעלט וואַרטן אויף די איבעריקע.

— און וואָס האָט דיר געבראַכט צו טאַסקען אַהער? — האָט מיר דער פאַסטוך געפרעגט.

— זיך דורכגעפאָרן אַביסל — האָב איך אים געזאָגט.

— פּוסט־און־פּאַסניק — האָט ער מיט רוגז צוגעוואָרפן. — איך ווייס —האָט ער בייז און אין דער זעלבער צײַט כיטרע געשמייכלט — דו קוקסט אַרויס אויף דײַן זשידאָוואָטשקאַ.

דאָס גאַנצע בלוט — האָב איך דערפילט — איז מיר, פונעם גוי'ס ווערטער, אַרײַן אין מײַן פּנים און איך בין געוואָרן זיכער, אַז איך בין איצט אַזוי רויט, ווי דער קאַשטאַן.

פויערטעס, שיקסלאַך האָבן דערווײַל געבראַכט צו טרײַבן די בהמות און מײַן חנה'לען האָב איך נאָך אַלץ ניט געזען.

נאָר אַט האָב איך דערזען די רויטע קו מיטן ווײַסן פלעק אויפן שטערן. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט אונטערגעהויבן אויפ'ן פערד.

הינטער דער קו איז געגאַנגען חנה'לע, צווישן צוויי שיקסעס, און געשמועסט מיט זיי.

זי האָט מיך דערזען און זיך שטאַרק פאַרשעמט.

— אַ גוט מאָרגן! — האָב איך געזאָגט.

זי האָט בלויז אַ שאָקל געטאָן מיט'ן קאָפּ. די שיקסעלעך האָבן זיך פון איר אָפּגערוקט. זי איז צוגעקומען צו מיר און מיר דערלאַנגט אַ פאַרברענט הענטל. זי האָט געשוויגן.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט זי מיך ענדלעך געפרעגט.

— גאָרנישט — האָב איך גליקלעך געשטאָמלט. — געהאַט אַ געלעגנהייט דיך צו זען...

איך האָב געוואַרט, אַז זי זאָל מיר זאָגן, ווי שיין איך בין אויפ'ן גראַציעזן קאַשטאַן, זי האָט אָבער געשוויגן און איך האָב געזען, אַז איך האָב אָן איר געהאַט אַן עבירה, וואָס איך האָב זי פאַרשעמט פאַר אירע חבר'טעס. איך האָב זיך דערמאָנט אָן מיין פעטער דודי'ן. האָב זיך געזעגנט מיט חנה'לען און בין אַוועקגעשפּרונגען צוריק.

דעם גאַנצן וועג איז געווען שטיל אַרום מיר. נאָר ווען איך בין געקומען צו די ווינט־מילן האָב איך דערזען רייטערס און דערהערט שפּעטער אָפּגעהאַקטע קולות.

ווען איך בין צוגעקומען נענטער האָב איך באַמערקט, אַז די רייטערס האָבן זיך געלאָזט צו מיר, ווי די ווילדע.

אַ שרעק איז מיך באַפאַלן.

איך האָב פאַרגעסן, וואָס איך טו, האָב אויסגעקירעוועט דעם קאַשטאַן צוריק און זיך געלאָזט טראָגן פונעם ווילד־געוואָרענעם פערד.

און הינטער מיר זיינען געלאָפן די רייטערס. איך האָב געהערט דאָס ווייטע, טויבע טופּן פון די פערד און די געשרייען:

— אַ גנב, אַ גנב! האַלט אים!

אָבער מיין קאַשטאַן האָט מיך געטראָגן, געטראָגן פון זיי... מיין היטל האָב איך פאַרלוירן און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אָט־אָט פאַרליר איך דעם קאָפּ.

צוויי רייטערס האָבן מיך אַריבערגעיאָגט וויט ביי די זייטן. איינער פון זיי איז געווען דער פעטער דודי אַליין.

מיין גוטער פעטער דודי איז געווען ווילד. זיינע אויגן האָב איך ניט געקאָנט זען, זיין גרויסע, רויטע באָרד האָט זי ווילד געטראָגן

אויף מיר. און אָט די ווילדע, רויטע באָרד האָט הייזעריק געשריען:

— האַלט! האַלט!

פון דער אַנדערער זייט האָט אַ גוי געהוקעט אויף מיר.

איך האָב זיך פאַרלוירן. כ'האָב אָנגעוואָרן דאָס גלייכגעוויכט, בין אַראָפּגעפאַלן פונם פערד און נאָר געהערט, ווי די ערד האָט אונטער מיר אַ קלונג געטאָן.

אין איין אויגנבליק זענען שוין די גוים געשטאַנען אַרום מיר. אַזוינע גרויסע, און איך בין געלעגן צווישן זיי אין שטויב און האָב ניט געהאַט אין מיין מויל קיין ביסעלע סלינע מיינע איבערגעבריבענע ליפּן צו באַנעצן...



# די רויטע קו

איינמאָל האָט דער טאַטע געבראַכט צופירן פונעם שטאָט אַ רויטע קו מיט אַ ווייס קעלבעלע. דאָס קעלבעלע איז נאָך געווען גאָר אַ קלייניקס און ס'איז מיר געווען אַ גרויס חידוש, ווי אַזוי איז דאָס מיט זיינע קליינע פיסעלעך פאַרגאַנגען פונעם ווייטן יאַריד אַזש אַהערצו אין דאָרף אַריין. און אַז איך האָב געפרעגט מיין טאַטן, האָט ער מיר געזאָגט, איך זאָל קיין קעלבל ניט זיין און אים מער ניט פרעגן אַזוינע נאַרישע זאַכן.

האָב איך שוין געשוויגן און ניט געוואוסט, פאַרוואָס דאָס טייערע, ליבע , ווייסע קעלבעלע איז נאַריש. איך האָב שוין טאַקי מער דעם טאַטן ניט געפרעגט ווי אַזוי ער האָט דאָס קליינע, ליבע באַשעפעניש׳ל געבראַכט אַהער פון אַזאַ ווייטן וועג און דאָס קעלבעלע האָב איך אַזוי ליב באַקומען, אַז עס איז מיר אַזש אַ בזיון צו דערציילן.

די ערשטע טעג איז מיר געלונגען צו באַהאַלטן מיין ליבע צום קעלבל, אָבער שפּעטער האָט מען זיך דערפון דערוואוסט אין הויז, און ווען איך פלעג נאָר אַריינקומען אין שטוב, האָט מען מיך געפרעגט:

— וואָס מאַכט עפּעס דיין חבר?

מען האָט עס מיך געפרעגט מיט אַזאַ טאָן, אַז עס האָט מיר וויי געטאָן ביז טרערן, און איך האָב געמוזט דעריבער זיך דערווייטערן פונעם קעלבל און בלויז דורכן פענסטער זעטיקן מיין בליק, בלויז פונדערווייטן קוקן ווי עס רייסט דאָס גראָז, ווי עס צובריקעוועט זיך, ווי עס וויל אַנטלויפן און קען ניט איבעררייסן שלעכטן שטריק, אויף וועלכן עס איז געווען צוגעבונדן צו אַ פּלאָקן אין מיטן ווילד־פאַרוואַקסענעם הויף.

און פונקט אַזוי ווי איך בין געווען פאַרטאָן — אינעם קעלבעלע, אַזוי זיינען דער טאַטע מיט דער מאַמען געווען פאַרקאַכט אין דער קו. זיי האָבן ניט אויפגעהערט צו לויבן איר מילכיקס, איר שטילקייט און איר שיינקייט. בלויז דער פּאַסטוך איז געווען דער איינציקער, וואָס איז

געבליבן אומצופרידן מיט דער קו. ער האָט זי ניט געקאָט איינהאַלטן אין פעלד. ער איז איינמאָל אין אָוונט געקומען און געזאָגט:

— איך בין אייך מוחל אייער רובל און נעמט אייך צו אייער אַנשי־קעניש.

מען האָט געמוזט צוזאָגן דעם גוי אַ גרויס פּעקל מאַכאָרקע אַלע וואָך חוץ׳ן געהאַלט, וואָס ער האָט געקראָגן פאַר פּאַשן די קו.

נאָך דעם ווי דער גוי איז אַוועקגעגאַנגען פון אונדז אַ צופרידענער מיט דער הוספה, האָט אונדז דער טאַטע דערציילט, אַז דער גוי, ביי וועמען ער האָט געקויפט די קו, האָט אים געזאָגט:

— זי איז ביי מיר, ווי אַ קינד, אַן אייגנס, פון אַרבל אויסגעהאָדע־וועט, גיט אַכטונג, זי זאָל ניט אַנטלויפן.

— אוי, אַ ווייטיק איז מיר (ניט!) — האָט די מאַמע דערשראָקן געזאָגט.

און איך — איך זאָל זיך ניט געווען שעמען וואָלט איך זיך געוועזן צעוויינט, אַזוי באַנג האָט מיר געטאָן טאָמער אַנטלויפט טאַקע די קו און נעמט נאָך מיט דאָס קעלבל אויך...

אונדזער שרעק איז ניט געווען אומזיסט. אין עטלעכע טעג אַרום איז דער פּאַסטוך געקומען צולויפן אַ מידער, אַ פאַרשטויבטער און אַ דערשלאָגענער. ער האָט שיעור ניט וויינענדיק געבראַכט אונדז די בשורה:

— ניט געקאָנט זי פאַרנעמען, די ווילדע, איז אַוועק, ווי אַ וויכער.

די מאַמע האָט אים אָנגעהויבן בעטן, אַז ער זאָל לויפן זוכן די קו, אונדזער שפּייזערין, אָבער דער גוי האָט ניט געוואָלט.

— וואָס ווילט איר מיך — פאַרמוטשען? האָט ער געטענה׳ט. — איך דאַרף אויפשטיין מאָרגן פאַרטאָג פּאַשן די טשערעדע!

דער טאַטע איז נאָך ניט געקומען פון דער עקאָנאָמיע און די מאַמע איז דעריבער געווען פאַרצווייפלט, ווייל זי האָט ניט געהאַט מיט וועמען זיך צו האַלטן אַן עצה.

מיך האָט אַפילו ניט אַזוי שטאַרק געאַרט וואָס די קו איז אַנטלאָפן, אַבי דאָס ווייסינקע קעלבעלע איז דאָ. איך האָב נאָר ניט געקאָנט צוזען דער מאַמעס צער, און בין אַ דערשלאָגענער אַרומגעגאַנגען ביז דער טאַ־טע איז געקומען פון דער עקאָנאָמיע.

ער האָט עפּעס אויף גיך איבערגעכאַפּט און מיר געזאָגט:

— קום, זיבו, וועלן מיר זי פאָרן ברייבגגען.

— וואוהין וועסטו שלעפּן דאָס קינד? — האָט די מאַמע זיך איינגעשטעלט פאַר מיר.

— „דאָס קינד“ — האָט דער טאַטע איבערגעקרימט דער מאַמען — דאָס עלפטע יאָר — קיין עין הרע... איך אין זיינע יאָרן בין שוין געפאָרן „באַניטש“ מיט די פערד.

— אַ גליק האָט דיר געטראָפן — האָט די מאַמע אָפּגעענטפערט, און איז אַוועק זוכן אַ שכנה, וואָס זאָל מיט איר זיין ביז מיר וועלן קומען אַהיים.

מיר האָבן געהאָט צוויי פערד מיט איין זאָטל. האָט דער טאַטע דאָס שטילערע פערד אָנגעזאָטלט און מיך אַרויפגעזעצט אויף דעם. אויף זיין פערד האָט ער בלויז פאַרשפּרייט אַ צוזאַמענגעלייגטן זאַק, פלינק אַרויפגעשפּרונגען אויף דעם און מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פונם טויער.

— זייט מצליח, — האָט די מאַמע אונדז נאָכגעשריען.

דאָס קעלבעלע, וואָס איז שוין געווען אין שטאַלכל, האָט אַ מעקע געטאָן און איך האָב דערפילט טרערן אין מיינע אויגן.

די זון האָט זיך שוין געזעצט, ווען מיר זיינען אַרויסגעפאָרן אין פעלד. עס איז געווען וואַרעם און שטיל. דער טאַטע האָט פאַררויכערט און דאָס פלעמל פונעם שוועבעלע האָט אַפילו קיין ציטער ניט געטאָן. די נאַכט איז צוגעפאַלן.

פון ווייט אַרום — דאָרטן, וואו ערד און הימל גייען זיך צענויף — האָבן זיך געזאַמלט טונקעלע כוואַליעס. זיי האָבן זיך געקאַטשעט, געוויגט, געוואַקסן און זיך געטראָגן פון אַלע זייטן אויף אונדז.

עס האָבן אויפגעגלאַנצט שטערן.

מיר זיינען געפאָרן שווייגנדיק.

די גרויסע כוואַליעס האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין שטיק און — געוואָרן דורכזיכטיק טונקל־בלוי.

עס האָט אַ צי געטאָן מיט פייכטן ווינט. עס האָט אויפגעשמעקט מיט רעגן. דער טאַטע האָט געזאָגט:

— מיר זאָלן כאָטש ניט האָבן קיין שטורם.

— איך האָב קיין מורא ניט, — האָב איך זיך געבריה׳ט.

---

*) אויף אַ גאַנצער נאַכט פאַשן די פערד.

— אַ גאַנצער מאַכער, —האָט דער טאַטע געזאָגט, אַ שמייס געטאָן זיין פערד און זיך געלאָזט לויפן. איך — נאָך אים.

די לאַנגע גריווע אויף מיין פערדס האַלדז איז געשפּרונגען מיר אין פּנים אַריין; דער שטויב האָט מיר אין נאָז געקרעלט, אָבער איך בין געזעסן שטייף ווי אַ גרויסער און זיך געטראָגן נאָכן טאַטן, וועלכן די פינצטערניש האָט געוואָלט באַהאַלטן פון מיר און — ניט געקאָנט.

מיר זיינען אַריין אין אַ טאָל, אַריבערגעבראָדיעט אַ ריטשקע און אַרויף אַ באַרג שוין געלאָזט די פערד טריט ביי טריט.

— מיר זאָלן כאָטש געפינען די קו, — האָט דער טאַטע געזאָגט.

— אַ־האַ, — האָב איך, ווי אַ גרויסער געענטפערט.

אַז מיר זיינען אַריבערגעפאָרן דעם באַרג, האָט מיר דער טאַטע אָנגעוויזן אין דער פינצטער אויף אַ בלינצלענדיק פייערל.

— זעסט? — האָט ער מיר געזאָגט, — דאָרט איז דאָס דאָרף פון וואַנען די „רויטע" קומט אַרויס.

— לאָמיר זשע לויפן, — האָב איך זיך געבעטן.

— היידאַ! האָט דער טאַטע מיך אונטערגעהאַלטן און מיר זיינען ווידער אַוועק אין גאַלאָפּ.

ס'האָט אַ טראָג געטאָן מיט בהמה'שן אָפּפאַל. פאַר אונדזערע אויגן איז אויסגעוואַקסן אַ שוואַרצע וואַנט. גיך זיינען מיר צוגעפאָרן צו די גערטנער פון ליפּאָווקע.

מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין דאָרף.

אומעטום איז שוין געווען פינצטער און נאָר איין פייערל, — ווייזט אויס, דאָס זעלבע וואָס מיר האָבן נאָך אין פעלד באַמערקט — האָט אונטערמידלאָך געצוקט אין דער פינצטער.

דער וועכטער האָט אונדז אָפּגעשטעלט. מיר האָבן זיך דערפרעגט צום אייגנטימער פון דער קו.

ווען מיר זיינען צוגעפאָרן צום טויער פון יענעם גוי, איז דער טאַטע אַרונטער פון זיין פערד, מיר איבערגעגעבן די לייצעס און אַליין איז ער אַריבער דעם פלויט און — אַוועק צו די שוואַרצע פענצטערלאַך פונעם שלאָפנדיקן שטיבל. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ פענצטערל.

אַ שכנישער הונט האָט אַ ביל געטאָן און עס איז שטיל געוואָרן. איך האָב דערהערט, ווי דער טאַטע האָט אַ צווייטן מאָל אַ קלאַפּ געטאָן אין פענצטער אַריין.

עמיצער האָט זיך אַ ריר געטאָן אינעווייניק, די טיר האָט זיך מיט אַ

סקריפ געעפנט. איך האָב ערוואַרטעט אַז ס'זאָל אַרויסגיין דער גוי און גיין אונדז אָפּגעבן אונדזער קו. עס איז טאַקע אַרויסגעקומען אַ הויכער פויער און איז מיטן טאַטן אַוועק צום שטאַלכל, אָבער אין שטיבל האָט זיך אַ רודער געטאָן. עס האָט אויפגעלויכטן אַ שוואַך טונקל־רויט פלעמל. עמיצער האָט געקרעכצט. קינדער האָבן געוויינט און באַלד זיינען אַרויס אויפן הויף אַ פרוי און קינדעלאַך —אפשר צען. אַלע האָבן זיי געשריגן, געוויינט און זיך געריסן צו דער קו, וועלכע דער הויכער פויער האָט שוין אַרויסגעפירט אויפן הויף. זיי האָבן זי אַזוי אַרומגעשטעלט אַז מען האָט זי באַלד ניט אַרויסגעזען.

די פרוי האָט גע'טענה'ט:

— האָב רחמנות, גוטער מענטש, נאַ דיר האַלב געלט צוריק און לאָז אונדזער שפּייזערין, אונדזער איינציקע!...

—אונדזער טייערינקע — האָט אַ קינד אונטערגעכאַפּט.

— אונדזער רויטינקע גאָלדעלע — האָט אַ דריט קינד געכליפּעט.

און אַ פּיצל קינד, וואָס האָט נאָך ניט געקאָנט גיין, האָט זיך גע־וואַלגערט אויף דער ערד, געריסן די מוטער ביים קליידל און געשריגן:

— מאַמאַ, מאַמאַ!

צוערשט איז דער גוי געשטאַנען שווייגנדיק; נאָך דעם האָט ער גע־נומען אַריינטרייבן זיין ווייב מיט די קינדער אין הויז אַריין.

— פאַרקויפט — פאַרקויפט! — האָט ער געשריגן. — גייט, גייט צו אַלדע רוחות! זלידנעם! אָנגעמאַכט חובות — אַצינד רעוועט איר. וואָן אין שטוב אַריין!!

ער האָט זיי קוים פאַרטריבן.

מיר האָבן פאַרנומען די קו און — האָבן זיך געלאָזט אַהיים.

גיך זיינען מיר געווען אין פעלד.

איך האָב זייער געוואָלט אַוועק וואָסווייטער — אַבי ניט צו הערן ד י ג ע װ ײ נ ע ן פון די קינדער אָבער די קולות זייערע האָבן מיר נאָכ־געיאָגט ווען מיר זיינען שוין געווען ווייט אַוועק פונעם דאָרף. פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען דאָס געזעמל פון די גויאישע קינדער אין איינע העמדלאַך, ווי זיי האָבן זיך עס אַרומגעשטעלט אַרום זייער רויטער קו און איבערהויפּט האָב איך ניט געקאָנט פאַרגעסן דאָס קליינע נפש'ל, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין שטויב און געשריגן:

— מאַמאַ, מאַמאַ!

דעם גאַנצן וועג האָט דער טאַטע געשוויגן. איך האָב אים עפּעס גע־וואָלט פרעגן און — ניט געוואַגט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אַזוי ווי איך וועל אים פרעגן — וועל איך כאַפּן אַ בייטש פון אים. אַ מורא האָט מיך אַרומגעכאַפּט. מיין טאַטע איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן, געוואָרן עפּעס אַזוי שטרענג און פרעמד, אַז איך האָב קוים דערצויגן די מינוט ביז איך בין אַהיים געקומען, און די מורא פאַרן טאַטן האָט זיך ביי מיר ניט אויסגעוועפּט ביז היינטיקן טאָג.



# בלעטער פאַלן

דער טויט פון מיין ערשטן לערער, עליו השלום, איז אין מיין זכרון פאַרבונדן מיט רויש פון פאַלנדיקע בלעטער אין האַרבסט. געשען איז עס אינעם אוקריינער דאָרף, וואו איך בין געבוירן געוואָרן און געוואַקסן. דער גרויסער פרוכט־גאָרטן אַרום אונדזער הויז האָט נאָך אין די עשרת ימי תשובה אָנגעהויבן צו פאַרלירן די בלעטער פון זיינע בוימער, אָבער נאָכן קאַלטן רעגן פון די ערשטע טעג סוכות און נאָכן ווינט, וואָס איז ביים אויפהערן פונעם רעגן געקומען, האָט דער רויש פון די פאַלנדיקע בלעטער אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג.

אין אָוונט איז דער ווינט געשטילט געוואָרן, אָבער די בלעטער האָבן ניט אויפגעהערט צו רוישן אין זייער נידערן דורך די צווייגן. איך וואָלט זייער געוואָלט איבערגעבן יענעם קלאַנג, וואָס איז קיין קלאַנג ניט, נאָר אַ שטום, אָנגעבראָכן פליסטערן, וואָס ציטערט און וויברירט און דרינגט אַריין אין אייער האַרצן. דורך די בלויליכע שויבן פונעם פענצטער אין מיין אַלקער האָב איך געזען די סילועטן פון די פאַלנדיקע בלעטער, און ווען איך האָב צוגעמאַכט די אויגן, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז דער וויברירנדיקער פליסטער ווערט הייסער און הייסער, און די ערד וועט באַלד אויפזידן און אויפקאָכן מיט פּראָטעסט און מיט רעוואָלט קעגן דעם גרויסן אומרעכט, וואָס איז קעגן מיין לערער באַגאַנגען געוואָרן.

„לערער" וואָלט פאַר אים זיכער געווען אַ באַליידיקונג, ווייל אַ לע־רער וואָלט געמיינט אַ אוטשיטעל, אַ געגאָלטער, אָן אַ היטל, וואָס בראָקט רוסיש און העברייאיש אין איין אָטעם, און זאָגט, אַז גאָט . . . ווער ווייסט . . . אַלץ איז פון דער נאַטור. פונקט ווי דער לערער פון די זעקס רייכערע קינדער אין אונדזער דאָרף. ער איז אַפילו ניט געווען ווי דער צווייטער לערער, אַ פערצניעריקער יתום, וואָס האָט זומער געלערנט מיט די קינדער פון מיינע צוויי פעטערס. אויך ער האָט שוין קיין פיאות ניט

געטראָגן און אפשר, ווער ווייסט, אפשר איז ער גאָר אומגעגאַנגען אַן אַ טלית קטן...

מיין לערער איז געווען... ער איז באמת ניט געווען קיין לערער, נאָר גאָר אַן אייער־הענדלער. ער פלעגט אומגיין פון הויז צו הויז און אויפקויפן ביי די פויערטעס אייער פון זייערע היגער. קיין פערד און וואָגן האָט ער ניט פאַרמאָגט, און צופוס האָט ער קיין סך ניט געקאָנט אויפטאָן. ער איז געווען דער אָרעמסטער פון די צען דאָרפסיידן, און ווען מען זאָל אים ניט געווען דאַרפן צו אַ מנין, וואָלטן אים מיינע יידן קיינ־מאָל ניט געווען אָנגעקוקט.

איך בין געווען דער עלטסטער פון די פיר קינדער. ווי אַזוי די מאַמע מיינע, אַן אָרעמע אַלמנה, האָט מיך מיט מיינע דריי שוועסטער גע־שפייזט, קאָן איך נאָך איצט ניט באַרעכענען. איך געדענק, ווי די מאַמע פלעגט זיך מיט מיר האַלטן אַן עצה וועגן דער אויסקומעניש, און איך האָב איר ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן. איך בין שוין דאַמאָלט אַלט געווען צוועלף יאָר, און קיין נוצן האָט די מאַמע פון מיר ניט געהאַט. איך האָב זיך געפילט קליין און געפאַלן. קיינער פון די יידישע יינגלעך האָט זיך מיט מיר ניט געוואָלט אָנקערן און איך האָב זיך געשפילט מיט שקצים׳לאַך און אַפילו מיט שיקסעלעך.... דערפאַר האָט זיך מיין מאַמע זייער דערשראָקן, און זי איז געווען צופרידן, וואָס איך האָב זיך צוגע־שאַרט צו שעפּסלע׳ן, דעם אייער־הענדלער.

געשען איז דאָס אַזוי: איך בין מיט אַ גרופּע שקצים געשטאַנען ביים טייך און געוואָרפן שטיינדלאַך אין וואַסער אַריין. לאָזן קאַטשקעס איז אונדז שוין געהאַט נמאס געוואָרן. האָבן מיר דערייבער געשאָסן די שטיינדלאַך וואָס העכער אין דער לופטן, אַז דער פאַל זייערער אין וואַ־סער אַריין זאָל אָפּקלינגען וואָס הילכיקער.

איז אָנגעקומען שעפּסל מיט זיינע צוויי גרויסע עמער אין ביידע הענט.

— קום נאָר אַהער, — האָט ער געזאָגט. און באַלד האָבן מיינע גו־טע חברים אים איבערגעקרימט.

— קים נאָר איי, — האָבן זיי אים כאָר אויסגערופן. דאָס יידישע לשון האָט זיי גערייצט. קיין אייבציק וואָרט האָבן זיי זיך ניט געקאָנט אויסלערנען, אין דער צייט, ווען איך האָב אוקריייניש גערעדט ניט ערגער פון זיי.

— וואָס קרימט איר זיך נאָך? — האָב איך זיי געפרעגט.

— גיי, גיי, — האָט מיין חבר פראָקיפּ צו־להכעיסדיק גערעדט, — וועסטו אים העלפן טראָגן די אייער. די אַנדערע האָבן געלאַכט. איך בין צוגעגאַנגען צו שעפּסלען.

— איך האָב שוין קיין הענט ניט — האָט ער געזאָגט. איך האָב אַ קוק געטאָן אין זיינע קליינע, שוואַרצע אויגן, און איך האָב געזען, אַז ער איז קראַנק. די ליפּן, באַוואַקסענע מיט האַרטע, פאַרפּלאָנטערטע האָר, זיינען געוועזן איבערגעטריקנט און די גראַבע, טעמפּע נאָז, איז געווען בלייכער פון די געקנייטשטע באַקן. — נעם איין עמער, ייִנגעלע.

— איך קאָן נעמען ביידע — האָב איך וואוילעריש אַ זאָג געטאָן און געכאַפּט ביידע עמער אין מיינע הענט, בין איך אַוועק פאַר אים.

— טפּררררו! — האָט ער מיר נאָכגעשריגן, ווי מע וויל אָפּשטעלן אַ יונג פערדל. איך בין אַוועק נאָך גיכער. די עמער האָבן מיך געצויגן צו דער ערד, און איך האָב זיך געריסן אַרויף. שעפּסל האָט מיך אָנגעיאָגט און מיך געלערנט, אַז ווען מען גייט פּאַמעלעכן, פאַרגייט מען ווייטער.

מיר זיינען דורכגעגאַנגען אַ שטיק דאָרף, ביים קלויסטער זיך פאַרדרייט לינקס און מיר זיינען אַוועק צו אים אַהיים.

געוואוינט האָט ער אין אַ קליין נידריק שטיבעלע, וואָס איז געווען איבערגעבויט פון אַ שטאַל, הינטער אַ פּויערשער הויז. דאָרט האָט ער אויסגעהאָדעוועט זיינע צוויי זין, וואָס זיינען ערגעץ געווען אין דער פרעמד, און דאָרט האָט ער אויך אויסגעכאָוועט זיינע פיר טעכטער, וואָס זיינען, חוץ דער עלטסטער, געוועזן דינסטמיידלעך אינעם נאָענטסטן שטעטל. די עלטסטע טאָכטער, טויבע, איז, ווי מען האָט געשמועסט, ניט געווען קיין געראָטענע. זי האָט געהאַט אַ פאַרשוואַלן פּנים. פון דער געשווילעכטס האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר טונקעלע שפּעלטעלאַך, וואָס האָבן געזאָלט זיין אויגן. גרויסע געלע ציין האָבן איר אַרויסגעשטאַרטשט פונעם קרומען מויל. זי איז שטענדיק געזעסן אויף איין אָרט און געקוקט אין איין אָרט, ערגעץ אַרויף, איבער זיך.

ביים טויער פון דער פּויערשער הויז, הינטער וועלכער עס איז געשטאַנען שעפּסלס שטיבעלע, האָב איך אַראָפּגעלאָזט די עמער אויף דער ערד.

— האָסט געהאַט אַ גרויסע מצוה, — האָט מיר שעפּסל געזאָגט.

איך האָב געשוויגן. איך האָב זיך געשעמט אים קוקן אין די אויגן.

— נאָ, — האָב איך ווידער דערהערט שעפּסלס קול. איך האָב דער־

זען זיין אויסגעשטרעקטע האַנט און צוויי קופּערנע קאָפּיקעס אויף איר. צוויי קאָפּיקעס — דאָס האָט געמיינט אַ שיינע מטבעה. איך האָב אַזוי שטאַרק געוואָלט דאָס געלט, אָבער איך האָב עס ניט גענומען. איך האָב שוין פאַרשטאַנען די ווערט פון אַ מצוה, און איך האָב מורא געהאַט, אַז איך פאַרקויף זי פאַר צוויי קאָפּיקעס. חוץ דעם בין איך אין מיינע אויגן געווען אַ העלד, אַ שטאַרקער, אַ פלינקער און אַ גוטער!... געלט־שמעלט...

—איך האָב פיינט געלט — האָב איך אַ זאָג געטאָן.

— האָסטו דאָך אַ גוט האַרץ, זינע, — האָט שעפּסל, אַ פאַרענדער־טער, געזאָגט און ער האָט מיט מיר דאָ,ביים טויער געהאַט אַזאַ גע־שפּרעך:

ער: וואָס־זשע וועסטו איצטער טאָן?

איך: שווייג.

ער: האָסט היינט געגעסן איבערבייסן?

איך: יאָ.

ער: וואָס האָסטו געגעסן?

איך: ברויט מיט קנאָבל און אַ גלאָז טיי.

ער: וואָס וועסטו עסן וואַרעמעס?

איך: איך ווייס ניט.

ער: געדאַווענט האָסטו היינט?

איך: יאָ.

ער: איבערגעהיפּערט?...

איך: (ניט זיכער) ב״ניין.

ער: וואָלסטו זיך געקאָנט שווערן?

איך: ב״ניין...

ער: גייסט אום בטול?

איך: (לאָז זיך גיין).

ער: וואַרט.

איך: איך דאַרף גיין.

ער: איילסט זיך שטאַרק?

איך: (שווייג).

ער: קום אַריין, וועלן מיר טרינקען טיי און איך וועל דיך אויסלער־נען שרייבן.

איך: מאָרגן...

איך האָב געגעבן אַ לויף אָפּ פון אים, ווי ער וואָלט מיר געוואָלט שלעכטס טאָן. ער האָט מיך גערופן. איך בין אַוועק. אָבער מאָרגן האָב איך אים שוין געהאָלפן טראָגן די צוויי עמער מיט אייער. ער האָט מיך מכבד געווען מיט ציקאָריע און ער האָט מיר געוויזן ווי אַזוי מיין נאָמען, נאָטע שאַפּיראָ קוקט אויס ווען מע שרייבט אים אָן אויף פּאַפּיר, פריער אויף רוסיש און נאָכדעם אויף יידיש.

דאָס וואָס ער האָט אָנגעשריבן מיין נאָמען אויף רוסיש איז פאַר מיר געווען אַזאַ איבערראַשונג, ווי ער וואָלט זיך געזעצט עסן אָן אַ היטל. שעפּסל איז געווען זייער אַ פרומער. זיין גראָבע, פאַרפלאָנטערטע באָרד האָט אויסגעזען ניט באַרירט, ניט נאָר פון אַ שער, נאָר, דאַכט זיך, אויך פון אַ קעמל. זי איז געוואַקסן פריי, ווי ווילדער בוריאַן אויף אַ פאַרלאָזן פעלד, און זי איז זיך צונויפגעקומען מיט די דיקע געקרייזלטע פּיאות, ביי די גרויסע, אָפּשטייענדיקע אויערן.

איך האָב אים ניט איין מאָל געזען ביי מנין, אין שטוב ביי ישראל יאַמפּאָלסקי׳ן, דעם עקאָנאָם. ער האָט אויסגעזען אָפּגעזונדערט ניט נאָר פון די צופרידענע דאָרפסיידן, וואָס האָבן געשפּאָסט אַפילו אין מיטן דאַווענען, — נאָר, דאַכט זיך, אויך פון דער גאַנצער וועלט. איך פלעג שטיין, קוקן אויף אים און טראַכטן, צי זעט ער מיך. איצט האָט דער זעלבער שעפּסל אָנגעשריבן מיין נאָמען אויף גוי׳עש! דעם אמת מוז איך דאָ זאָגן, אַז איך האָב גיכער געוואָלט קאָנען רוסיש, ווייל די מערסטע יידישע קינדער האָבן גערעדט בלויז רוסיש, און דאָס האָט זיי געפּאַסט אַזוי שיין, אַז נאָר אַן אָרעם עלנט אוקריינער ייִנגל קאָן פילן דעם טעם דערפון. אין פאַרגלייך מיט זיי האָב איך אויסגעקוקט אַזוי קליין און אַזוי נישטיק! שרייבן רוסיש וואָלט מיך כאָטש עטוואָס דערהויבן צו יענע מיוחס׳דיקע קינדער. אויב איך וואָלט זיך ניט אויסגעגליכן מיט די גאָר רייכע, איז, לכל הפחות, מיט מיינע געשוועסטער־קינדער.

שעפּסל האָט געזען, ווי איך האָב זיך איינגעקוקט אין די צוויי רוסישע ווערטער און ער האָט געשמייכלט. ער האָט מיט אַ גרויסער רויטער פאַטשיילע געווישט דעם נידריקן, בלייכן שטערן און זיך איבערגעקוקט מיט זיין ווייב, איטע. (איך פלעג איר נאָמען גראַמען מיט שאַראַפּיטע) איך גלויב, שעפּסל האָט מיך פאַרשטאַנען: ער האָט מיר איבערגעגעבן דאָס שרייבפעדל און געזאָגט:

—דו ביסט דאָך אַ יידיש קינד. צו וואָס דאַרפסטו האָבן דאָס גוי׳־

עשע? נאַ, נעם מאַך אַ שטעקעלע און קרים עס אויס אונטן, אַזוי ווי איך האָב געטאָן. איך האָב גענומען דעם בליישטיפט פון זיין האַנט און אַ קוק געטאָן אויף אים. יאָ, ער האָט מיך פאַרשטאַנען! — און, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — אַז דו וועסט שוין קאָנען גוט־גוט יידיש, וועל איך דיך אויך אויסלערנען גוי׳עש. נוטע לייגט זיך אויס נון, טעס, אייען און עס מיינט: ער האָט פאַרפּלאָנצט. עס איז אַ שיין לשון־קודש׳דיק וואָרט.

איך האָב מיט פאַרגעניגן אויסגעהערט דעם אמתן מיין פון מיין נאָמען, אָבער דאָ האָב איך זיך צעלאַכט. ביז דעם מאָמענט האָב איך מיין נאָמען אַסאָציאירט מיט די צוויי רוסישע ווערטער „נו, טי!” איך האָב אַפילו מיט די שקצים געזונגען אַ לידל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט: „היי, נו טי, נו טי”. אינעם לידל ווערט דערציילט מיט חוזק, ווי ביים פּאָפּ האָט זיך אָנגעצונדן די באָרד.

— אָט האָסטו דיר — האָט שעפּסל אומצופרידן אַ מאַך געטאָן.

איך האָב געלאַכט און מיטאַמאָל דערזען די צוויי שפּעלטעלאַך אויף טויבעס פּנים פינקלען מיט געלעכטער. די גרויסע ציין אירע האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן און זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ הייזעריקן קלאַנג, וואָס איז זיך באַלד פאַרגאַנגען, ווי אין אַ קייך־הוסט.

— ציט! (שטיל) האָט שעפּסל אָנגעשריגן אויף דער טאָכטער און דערביי אַ טופּע געטאָן מיטן באַשטיוולטן פוס אָף דעם ערדענעם דיל. טויבעס „געלעכטער” האָט מיך אויסגעניכטערט. טויבע האָט נאָך אַ ווײַלע „געלאַכט.” באַלד איז זי געבליבן זיצן שטיל און איך האָב געפילט אירע בליקן אויף מיין פּנים. איך האָב אָנגעשריבן דאָס ערשטע אות, דאָס צווייטע, דאָס דריטע... איך בין אַוועק אַ גאַנג. מיר איז ניט געווען גענוג, וואָס איך שרייב נאָך. איך האָב געוואָלט, אַז מיינע אותיות זאָלן זיין פּונקט אַזוי, ווי שעפּסלס. אָבער ווען איך האָב פאַרגליכן די צוויי האַנטשריפטן, האָב איך דערזען, ווי ווייט איך בין פון שעפּסלען. אָפּגעטאָן מיין שווערע אַרבעט, בין איך געבליבן זיצן וואַרטן, וואָס מיין לערער וועט זאָגן. ער האָט אַ קוק געטאָן און צוגערופן איטען.

— זע נאָר — האָט ער געזאָגט — אַ גאָלדענע האַנט!

— אַזאַ מזל אויף מיר! — האָט איטע מיך גערימט.

— עס וועט זיי ניט געשיינקט ווערן! — האָט שעפּסל זיך געבייזערט, און איך האָב געוואוסט, וועמען ער מיינט. — יידן זאָלן דערלאָזן, אַז אַ יינגל זאָל אומגיין בטול! הער נאָר, דו: איך האָב געזען דו קוקסט

אַריין אין סידורל. זאָגסטו עפּעס, צי דו מורקעסט? אפשר קאָנסטו, חלילה, ניט דאַווענען?

— איך קאָן — האָב איך געזאָגט.

— אַ נו, לאָמיך הערן.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער אַלטער, אָנגעשפּאָלטענער שאַפקעלע. דאָרטן אויבן איז צווישן גרויסע דיקע ספרים געלעגן זיין טלית און תפלין. פונעם טלית־זעקל האָט ער אַרויסגענומען דאָס גראָבע סידורל, וואָס איך האָב אַזוי גוט געקענט נאָך פון פריער. (אין דעם סידורל האָט ער אַלע שבת געדאַווענט ביים עקאָנאָם, ביים מנין) און אויפגעמישט מה טובו.

— זאָג, ייִנגעלע, שעם זיך ניט.

איך האָב אָנגעהויבן זאָגן. לעבן מיר איז געזעסן שעפּסל און זיך איינגעהערט. דאָס האַריקע פּנים אויף זיין האַנט, וואָס איז געווען אָנגעשפּאַרט אין טיש, איין אויג פאַרמאַכט און דאָס ברייטע מויל ערנסט, געשלאָסן און אַנטשלאָסן, ווי ער וואָלט אַלע יידן פונעם דאָרף אַרויסגערופן אויף אַ געוועט. ביים פּריפּעטשיק איז געשטאַנען איטע מיט די הענט אונטערן גרויסן פאַרשמאַלצעוועטן פאַרטוך און פרום געמאַכט מיט די דינע ליפּן. און איך האָב געזאָגט בלעטל נאָך בלעטל. איך בין צוגעקומען צו קטורת. שעפּסל האָט מיך אָפּגעשטעלט.

— זאָגן זאָגסטו, — האָט ער מיך געלערנט, — אָבער וואו אָפּשטעלן זיך, ווייסטו ניט. דו פאַרסט גלייך, און גאָט וועט אָננעמען דיין תפלה. איך בין זיכער אין דעם. אָבער דו, דו ביסט דאָך ניט קיין נאַר און דו ווילסט דאָך וויסן, וואָס דו זאָגסט. אָט האָסטו געזאָגט גוטי און דו האָסט ניט געוואוסט וואָס סע מיינט. איצט ווייסטו. אַ־יאָ סע גוט, אַז מען ווייסט?

— גוט — האָב איך געענטפערט.

— שאַפּיראָ מיינט אויך עפּעס. דאָס נעמט זיך פונעם וואָרט שפּיר, און דאָס מיינט שיין.

דאָס האָט זיך מיר שוין ניט געגלויבט און איך האָב געפרעגט:

— ווי אַזוי ווייסט איר?

שעפּסל האָט לאַנג און ברייט געלאַכט. איך ווייס ניט, צי האָב איך אים ווען געהערט לאַכן. איך האָב אים געזען אויפגעלייגט שמחת תורה, אָבער ער האָט אויך דאַן ניט געלאַכט. איצט האָט ער זיך מיר געוויזן אין אַ פּאָזע, וואָס איך האָב אים קיינמאָל ניט געזען: אין דער ראָל פון אַ לערער, פון אַ וויסער און פון איינעם, וואָס איז זיכער, אַז ער טוט אַ גור־

טע און אַ געדעכטע זאַך. ווידער האָט זיך דערהערט טויבעס שרעקלע־
כער „געלעכטער" און דער פֿאָטער האָט זי קוים איינגעשטילט.

— הערסט, וואָס איכל דיר זאָגן, נטע? איך געדענק שוין ניט דאָס
יאָר, איך זאָל האָבן געלאַכט. נאָר גאָטס וואָרט קאָן אַריינברענגען אַזאַ
פֿרייד אין הויז. ביסטו דער גוטער שליח. און ווי אַזוי איך ווייס, דאַרפֿ־
סטו מיך ניט פֿרעגן. הלמאי ווי אַזוי ווייסטו, וואָס נטע מיינט?

—איר האָט מיר געזאָגט.

— און מיר, יינגעלע, האָט אויך עמיצער געזאָגט. און אַזוי ווייס איך.
דער ערשטער צו וויסן אַלצדינג, איז געווען דער אויבערשטער. ביי
אים האָט זיך געלערנט אדם הראשון און פֿון אָדם הראשון איז דאָס וויסן
איבערגעגאַנגען פֿון דור צו דור. איין דור לערנט ביים צווייטן.

— מיינט שאַפּירא „שיין?" האָב איך זיך נאָך אַלץ געחידושט.

— פֿאַרוואָס איז עס דיר אַזוי שווער צו גלויבן?

—איך ווייס ניט.

— נו, זאָל שוין זיין, זאָל שוין זיין!... הער זיך צו: דו טוסט מיר
אַ גרויסע טובה, וואָס דו העלפֿסט מיר אַרויס. וויל איך דיר אָפּטאָן אַ
טובה. צייט האָב איך, ברוך השם, גענוג. קום אַריין, און איך וועל דיר
ווייזן, און איך וועל דיך מאַכן פֿאַר אַ שרייבער. (ער האָט געמיינט אַ
בריוו־שרייבער) אַז דו וועסט אָנשרייבן אַ בריוו, וועט מען עס טראָגן
אויף חידושים. און אַז דו וועסט אָנשרייבן אַן אַדרעס, אַפֿילו קיין אַמע־
ריקע, וועט דער בריוו אַהין אָנקומען.

---

## קאַפּיטל צוויי

אַזוי אַרום האָב איך זיך צוגעבונדן צו שעפּסל דעם אייעריקן. פֿאַר
יעדן מאָל אים אַרויסהעלפֿן האָב איך באַקומען אַ גלאָז זיסע ציקאָריע
מיט ברויט. (אַמאָל אַפֿילו ברויט מיט פּוטער) און אַביסל לערנען. אין
עטלעכע וואָכן אַרום האָב איך שוין געקאָנט דעם גאַנצן אלף בית. און
דאָ איז געשען אַ וואונדער: איך האָב מיר אַליין אויסגעשטעלט עטלעכע
ווערטער. מיינע אייגענע געדאַנקען. דאָס איז געווען דער ערשטער זאַץ,
וואָס איך האָב אין מיין לעבן אַליין צוגעטראַכט: „איך בין אַ יידיש יינגל.
איך האָב אַ גאָרטן מיט ווײַנשל, פֿלוימען, ווײַנפּערלעך און באַרלעך."
אין דער ווירקלעכקייט זיינען דאָס צוויי זאַצן, אָבער איך האָב עס אָנגע־

שריבן מיט איין מאָל, אָן אַ סימן פון פונקטואַציע. אַפילו קיין פינטעלע צום סוף ניט אַוועקגעשטעלט. און מיין לערער האָט מיר דערויף קיין חסרון ניט געזאָגט. נאָר צום סוף האָט ער געמאַכט אַ קאַלאַנע. ער האָט לאַנג באַטראַכט מיין געשריפטס און געפונען דאָרט פּונקט דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט:

— זע נאָר — האָט ער מיט חידוש געזאָגט — שוין באַלד אַזוי ווי איך!

קיין בעסערס האָט ער מיר ניט געקאָנט זאָגן. פון גרויס גליק, האָב איך געפילט, איז מיר די גאַנצע פאַרב אַריין אין פּנים.

— שרייב נאָך עפּעס אָן — האָט ער מיר פאָרגעשלאָגן.

— וואָס זאָל איך שרייבן?

— וואָס דו ווילסט.

איך האָב גענומען זיין בלייפעדער און האָב אָנגעשריבן: „שעפּסל איז אַ גוטער ייד".

איך האָב באַלד ניט געוואַגט אַ קוק־טאָן אויף אים, נאָר ווען איך האָב שפּעטער זיך געווענדט צו אים האָב איך געזען, ווי ער איז נאָך אַלץ געווען פאַרשעמט. איך האָב אים געהאַט צו דערציילן אַ סוד, זייער־זייער אַ וויכטיקע געהיימניש.

— איך... — האָב איך אָנגעהויבן און זיך פאַרהיקעט — איך לערן דעם אלף בית מיט טשאַרנען.

— איטע — האָט שעפּסל אויסגעשריגן אויסער זיך — איטע! הער נאָר, הער אומיסטען: ער לערנט שוין מיט זיין שוועסטערל.

— אַ גליק האָט מיך געטראָפן — האָט איטע, ראַמענדיק דאָס שטיבל געענטפערט.

ער האָט זי באַדויערט און זיך איבערגעוואונקען מיט מיר, ווי — מיט אַ גלייכן. ער האָט מיך געלערנט ניט נאָר שרייבן, נאָר אויך די טייטש פונעם דאַווענען, און נאָך פיר חדשים לערנען מיט מיר די צוויי געגנשטאַנדן, האָט ער פונעם שאַפקעלע אַראָפּגענומען אַ גרויסן חומש און גענומען מיט מיר לערנען די ערשטע פרשה. איך האָב אים גערן געפאָלגט, אָבער דעם אמת וויל איך זאָגן, אַז דער ענין שרייבן איז מיר געווען אינטערעסאַנטער, ווי דאָס דאַווענען מיטן חומש. איך האָב מיר געקאָנט אויסשטעלן אויפן פּאַפּיר, וואָס נאָר איך האָב געוואָלט. איך האָב שטענדיק ליב געהאַט נאָכצומאַכן און איבערקרימען. אַצינד האָב איך עס דערמעגלעכט אויף גאָר אַ נייעם אופן. אָנשטאָט, לאָמיר זאָגן,

זיך אָנקלעפּן אַן אויסגעקנאַטן ברעקל ברויט אויפן שטערן, אַז עס זאָל אויסקוקן, ווי אַ באַראָדיוועקע אויפן עקאַנאָמס פּנים, האָב איך אָנגעשריבן: „פּאַני יאַמפּאָלסקי האָט אַ באַראָדיוועקע, ווי אַן אויסגעקאָכטער אַרבעס".

איך האָב איבערגעלייענט די עטלעכע ווערטער און איך האָב לאַנג געלאַכט. מען דאַרף ניט קיין ברעקל, מען דאַרף זיך ניט קרימען און נאָכמאַכן. מע שרייבט בלויז אָן, און — עס איז דאָ! איך האָב געוואוסט, ווי פּיינט שעפּסל האָט די רייכע יידן פונעם דאָרף, און איך האָב באַשלאָסן אים אונטערצוטראָגן אַן איבעררעשונג.

איך האָב ביים פעטער וואָווע׳ן אין קלייטל געבעטן אַ בויגן פּאַפּיר און אויף אים האָב איך אָנגעשריבן וועגן יעדן איינעם פון די יידישע מענער און פרויען עפּעס צו לאַכן. וועגן קיינעם האָב איך קיין גוט וואָרט ניט געהאַט. איך האָב געשריבן וועגן האָר אין דער נאָז, וועגן אַ בלוטסטראָפּן אין לינקן אויג, וועגן אַ מויל ווי אַ קרעפּל. איך האָב קיינעם ניט פאַרפעלט. נאָר וואָס רייכער דער ייד איז געווען, אַלץ אַ גרעסערע פאַרציע חוזק האָט ער, אָדער זי, געקראָגן. איך האָב אַפילו מיין פעטער וואָווע׳ן ניט אויסגעלאָזן און געשריבן, אַז זיין באָרד איז ווי אַן אַלט בערשטל.

איך האָב דעם באַשריבענעם בויגן געבראַכט צו שעפּסלען און האָב דערוואַרט, אַז ער וועט מיך לויבן און רימען. ער האָט אָנגעהויבן לייענען און זיין פּנים איז געוואָרן פינסטערער און שטרענגער. ביז איך האָב געזען, ווי זיינע גרויסע האָריקע הענט הויבן אָן ציטערן. זיי האָבן אַ כאַפּ געטאָן מיין בויגן פּאַפּיר און אים אָנגעהויבן צו פליקן. שעפּסל האָט זיך געטאָן אַ ריס אויף פונעם בענקל און אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען איבערן קליינעם חדר.

— פע, פע! — האָט ער געזאָגט. איך בין געזעסן, ווי אַ געפּאַנגענער און זיך ניט געקאָנט רירן פון אָרט. איך האָב קיין כוח ניט געפונען אין זיך אַרויסצולויפן אין דרויסן. ווען איך טו עס, וואָלט איך אפשר מער זיך ניט געוויזן פאַר אָט דעם צאָרנדיקן יידן. ער איז עטלעכע מאָל דורכגעגאַנגען דאָס קליינע חדר הין און צוריק פאַרביי מיר. מיט איין מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— דאָס האָב איך דיך געלערנט?

איך האָב געשוויגן.

— פע! עס איז ניט שיין! עס איז פּאַטשקעניגע! און עס איז אַן עבירה, אַ גרויסע עבירה!

איך האָב געוואוסט, ווי פיינט ער האָט די דאַרפסיידן, ווי זיי דערני־
דעריקן אים, ווי זיי מאַכן אָפּט חוזק פון אים, אים אין די אויגן. ווען איך
האָב געשריבן מיין „פּאַטשקעניניע״, בין איך געווען זיכער, אַז דאָס רעד
איך מיט שעפּסלס מויל. און דאָ — אַזאַ פּראָטעסט, אַזאַ פאַרדאַמונג!

איך האָב געפילט, ווי מיין האַרץ קלאַפּט שטאַרקער און העפטיקער,
ווי עס שטיקט מיך אין שלונג. איך האָב זיך זייער געשעמט צו וויינען
און איך האָב אויסגערופן: — אַז איך האָב זיי אַלע פיינט!

— איך הייס זיי דיר ניט ליב האָבן, — האָט שעפּסל געזאָגט. —
אָבער חוזק פּאַסט פאַר אַ לץ. און דו ביסט אַ יידיש קינד און דו דאַרפסט
אין גיכן בר מצוה ווערן, און עס פּאַסט ניט. סע ניט שיין. סע — — —
סע, פע!... — און ער האָט אויסגעשפּיגן. ער איז צוגעקומען צו מיר,
גענומען מיין גאָמבע אין זיינע האַרטע פינגער און געפרעגט:

— זאָגסטו מיר צו, אַז דו וועסט עס מער קיינמאָל ניט טאָן?

—יאָ, — האָב איך שוואַך אַרויסגערעדט.

— אויב דו וועסט האַלטן וואָרט, וועל איך דיך איבעראַכטאָג נעמען
לערנען די רוסישע אַזבוקע.

ערשט איצט האָב איך זיך באַרואיקט. אָבער עס איז מיר ניט באַ־
שערט געווען צו לערנען זיך ביי שעפּסלען רוסיש שרייבן. דער האַרבסט
האָט זיך דאָס יאָר צו פרי אָנגעהויבן. קאַלטע רעגנס האָבן אויסגעגאָסן
זייער צאָרן אויף אונדזער דאָרף. איך האָב קיין שיך ניט געהאָט, און די
מאַמע האָט מיך ניט געלאָזט גיין אין דרויסן. דריי טעג און דריי נעכט
האָט דער רעגן געשטראָמט. אויפן פערטן טאָג איז געוואָרן ניט נאָר
זוניק, נאָר אויך וואַרעם, אַזוי וואַרעם, אַז דאָס פאַרוועלקטע גראָז האָט
אָנגעהויבן צו גרינען. מער האָט מיך די מאַמע ניט געקאָנט איינהאַלטן
אין שטוב. איך האָב פאַרקאַטשעט מיינע הויזן העכער די קני און בין
אַוועק צום קליינעם בריקל, דאָרט וואו איך פלעג באַגעגענען שעפּסלען
מיט זיינע צוויי עמער אייער. איך בין געשטאַנען און געוואַרט. איך האָב
געוואוסט גענוי, ווען ער גייט דאָ דורך. די באַשטימטע צייט איז שוין
לאַנג אַריבער, אָבער ער האָט זיך ניט געוויזן.

דער הימל איז געווען אַזוי ריין, ווי דער רעגן וואָלט פון דער
אַנדערער זייט ערגעץ אַלע דריי טעג און דריי נעכט געוואַשן ניט נאָר די
ערד, נאָר אויך אים, דעם הויכן, טיף־בלויען הימל. און אַזאַ פעטלעכער,
זיסער גערוך איז פון דער צעפּאַרעטער ערד אויפגעגאַנגען. און דער
טייך איז געווען שטיל כאָטש ניט לויטער. שטיל האָט אויך געפּליסטערט

דאָס טייך־וואַסער, פאַלנדיק אַריבער די ברעטער אין דער שמאָלער ריט־שקע, וואָס האָט זיך ווי אַ שלאַנג געצויגן צווישן די גרין־געוואָרענע לע־וואַדעס. און אויף די לעוואַדעס האָבן זיך געפּאַשעט געפּענטעטע פערד און ווייסע גענדז. און הינט זיינען דאָרט אומגעלאָפן, זיך געשפּילט און פריילעך געבילט. טיף אין דער בלאָטע, ווייטער אַביסל פונעם בריקל, האָבן זיך צוויי גרויסע פעטע חזירים פאַרגראָבן און פרידלעך געכריוקעט. די פלוצימדיקע וואַרעמקייט האָט אויפגעוועקט די זשאַבעס צו קוואַקען. זיי האָבן עס ניט געטאָן אין כאָר ווי אין די אָוונטן, נאָר זיי האָבן זיך אי־בערגערופן. פונע שטילן וואַסער אַרויס האָבן זיך פון צייט צו צייט גע־וויזן שפּיציקע, גלאַנציקע קעפּלאַך פון שפּרינגנדיקע פיש און איבער מיר ערגעץ הויך־הויך האָבן פויגלען זיך געטראָגן מיט געזאַנג. אָ, מיין דאָרף, מיט די יידן, וואָס איך האָב אַזוי אומרחמנותדיק באַשריבן, מיט די פּויערים און אַפילו זייערע פּי! אָט די לעוואַדע, דער טייך, דאָס קליינע בריקל, די גרויסע בריק, די גערטנער און גערטנדלעך, זומער צעבליטע און ווינטער טיף־פאַרשנייטע. אָט די אַלע שטרויענע דעכער און קוימענס און אַלץ וואָס אַרום אייך און איבער אייך און ערגעץ טיף אין אייך — איר זענט פאַרפלאַנצט אין מיין נשמה. איר זענט אַ טייל פון מיין פאַר־גאַנגענער קינדהייט, וואָס וויל ניט אַלט ווערן און וועט ניט אַלט ווערן.

נאָך איצט, נאָכדעם ווי עס זיינען שוין אַריבער מער פון דריי צענד־ליק יאָר, זע איך זיך שטיין אין דער וואַרעמער פעטער בלאָטע, ביים שטילן טייך און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ אַרויסקוקן אויף מיין פריינט, דעם גוטן שעפּסלען.

איך האָב געוואוסט, אַז פון דער זעקסטער הויז אויפן צווייטן ווינקל באַוויזט זיך מיין לערער, און איך לויף אים אַקעגן און כאַפּ אויס די שווע־רע משא פון זיינע הענט, וואָס ווערן שוואַכער און שוואַכער. אויך איצט, ווען איך האָב זיך שוין געקליבן אַוועקצוגיין, האָב איך דערזען אַן אומ־באַקאַנטן סילועט פון אַ מענטשן. איך וואָלט זיך אַפילו אויף יענעם מענטשן ניט געווען אומגעקוקט, ווייל אָט זיינען דאָך נאָך מענטשן דאָרט אַרום דורכגעגאַנגען. אָבער דער, וואָס האָט זיך באַוויזן, האָט געטראָגן צוויי עמער, און . . . און דאָס איז, דאַכט זיך, אַ פרוי! איך האָב געוואַרט. די פרוי איז געקומען נענטער און נענטער און איך האָב שוין געזען, אַז דאָס איז געווען איטע. זאָל איך איר לויפן אַקעגן? איך האָב ניט גע־וואוסט, וואָס צו טאָן. נאָר ווען זי האָט מיך פון ווייטן דערקענט, האָט זי זיך אויף אַ קול צעוויינט. מער האָב איך שוין ניט געקאָנט איינשטיין.

איך בין איר אָקעגן געגאַנגען און צוגעקומען די עמער פון אירע הענט. און זי האָט מיט געווײן דערציילט, אַז שעפסל ליגט אין אַ שרעקלעכער היץ מיט לונגען אָנטצינדונג.

שעפסל קראַנק — און איך האָב גאָרניט געוואוסט?

— מיין קינד! —האָט איטע געוויינט, — בעט גאָט פאַר מיין מאַן, פאַר מיין שפייזער!

זי האָט עס מיר ניט באַדאַרפט זאָגן. איך האָב שוין געבעטן דעם אויבערשטן, ער זאָל רחמנות האָבן אויפן גוטן יידן און אים געזונט מאַכן.

ווען איך בין צוגעקומען צו שעפּסלס וואוינונג און געוואָלט אַריינגיין אַ קוק טאָן אויפן קראַנקן, האָט מיך איטע ניט געלאָזט.

— גאָט זאָל דיך היטן! — האָט זי מיר פאַרשטעלט דעם וועג. — ער ברענט דאָך מיט אַ העליש פייער. גיי שוין אַהיים און עס זיך אָן מיט קנאָבל. דו הערסט? רייב אָן אַסך קנאָבל אויף ברויט און עס. גאָט זאָל דיך היטן!

— איך וויל כאָטש אַ קוק טאָן אויף אים, — האָב איך זיך קעגנגעשטעלט.

— מירטשעם, מירטשעם, ווען ער וועט מיטן אויבערשטנס הילף געזונט ווערן. גיי, גיי, מיין קינד. גיי צו דיין מאַמען.

איך האָב זיך געלאָזט אַוועקגיין. איטע האָט מיר נאָכגעשריגן:

— נאָטע! וועסט מאָרגן זיין ביים מנין. בעט גאָט פאַר מיין מאַן. זאָלן אַלע יידן גאָט בעטן.

---

## קאַפּיטל דריי

מאָרגן האָב איך ביים עקאָנאָם אין הויז געטראָפן אַסך מענטשן. אָ, וויפל קלאָסן און גראַדן עס האָבן זיך אינעם גרויסן שיינעם צימער ביים יידישן האַלבן פריץ געפונען! מען האָט עס געקאָנט זען ניט נאָר לויט די קליידער, נאָר אויך לויטן האַלטן זיך און אַפילו — לויט דער מדרגה פון די בערד. דער אָנגעזעענסטער, דער עקאָנאָם, האָט גראָד געטראָגן די קירצסטע באָרד, אָבער זי איז געווען ווייך ווי געמאַכט פון פּוך, און דורכן פּוך האָט זיך געזען אַ נגידישע ראָזעווידיקייט אויף די פּולע, לויזלעכע באַקן. איינער דעם צווייטן האָט דאָ ניט שטאַרק ליב געהאַט, אָבער אַלע אינאיינעם האָבן געהאַט אַ באַזונדערע באַציאונג צו שעפּסלען און אויך צו מיר. צו מיר בעסער, ווי צו אים, ווייל מיין טאַטע,

עליו השלום, איז פּאַרט געווען אַן אייגענער. שעפּסל אָבער איז געווען אַ שטאָטישער, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר דער היגער איטען. און אויך זי האָט דאָ ניט געהאַט קיין קרובים.

היינט בין איך דאָ געווען אַן אָנגעזעענער מענטש. עס איז געווען ערב ימים־נוראים. די לערער זיינען זיך צעפאָרן. די שטודירנדיקע יידישע יוגנטוואַרג האָט זיך נאָך ניט געהאַט געוויזן פון שטאָטישע רוסישע לערן־אַנשטאַלטן. און מיך האָט מען היינט מצרף געווען צום מנין, כאָטש איך בין נאָך קיין פולע דרייצן יאָר ניט אַלט געווען. היינט בין איך אויך געווען שעפּסלס פאַרטרעטער. איך האָב זייער חשק געהאַט מיין שליחות איבערגעבן דעם עקאָנאָם, אָבער — זאָלן מיר די רעוואָלוציאָנערן מוחל זיין! — איך האָב דעם מוט ניט געהאַט דאָס צו טאָן. אָ, ווי איך האָב פיינט געהאַט אָט דעם מענטשן, זיין ווייב און זייערע קינדער, דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַלץ געהאַט, און איך און מיין מאַמע און מיינע שוועסטער האָבן געהונגערט! און דאָך, און דאָך — (אוודאי שעם איך זיך דערמיט) ווען דער עקאָנאָם זאָל נאָר געווען אַ פּיפּס טאָן און מיר הייסן גיין אין עק וועלט אַ גאַנג פאַר אים, וואָלט איך געווען געלאָפן. און ווען איך זאָל געווען האָבן פליגל, וואָלט איך געווען געפלויגן. דאָס איז ניט געווען איינגאַנצן מיין שולד. שולדיק דערין זיינען געווען די געשפּרעכן וועגן דעם רייכסטן יידן אין דאָרף. מען האָט גערעדט וועגן אים מיט לויב און לייטזעליקייט. און מיין מאַמע האָט אים געווינטשעוועט „דאָס אייביקע לעבן" דערפאַר, וויזט אויס, וואָס ער האָט זי אַמאָל געלאָזט נעמען אַ בינטל שטרוי פון די ריזיקע סטויגן שטרוי אויף דער עקאָנאָמיע.

הקיצור, איטעס פאַרלאַנג האָב איך איבערגעגעבן מיין פעטער וואָוועןן, און ער האָט שוין די איבעריקע מודיע געווען.

איך האָב באַאָבאַכטעט דעם נגיד. ער האָט אַזוי ווי ניט דערהערט, און מען האָט אים געמוזט דערציילן נאָך אַמאָל.

— אַזוי? — האָט ער ברייט אויסגעצויגן. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אינעם שיין־פאַרשפּרייטן טיש, ביי וועלכן די באַלעבאַטים זיינען געזעסן און האָט געזאָגט: — מיר האָבן נאָך צייט. מע קאָן זאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים.

אַלע האָבן גענומען זאָגן תהלים מיט אַ געזאַנג. איך האָב זיך ניט געקאָנט באַהערשן און — זיך צעוויינט. דאָס געזאַנג זייערס האָט געקלונגען, ווי זיי וואָלטן באַקלאָגט אַ טויטן.

אין אַ פופצן מינוט אַרום האָט דער עקאָנאָם, פאַן יאַמפּאָלסקי, ווידער אַ קלאַפּ געטאָן אָן טיש. אַלע האָבן פאַרשטאַנען זיין מיין. עס איז געוואָרן שטיל און באַלד האָט זיך פאַרבונדן אַ געשפּרעך וועגן שעפּסלען. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיינער האָט דעם „אייעריקן" ניט געקאָנט פאַרשטיין. יאַמפּאָלסקי האָט געלאַכט און אָנגערופן שעפּסלען „טשודאַק". מיין צווייטער פעטער, בערל דער שוואַרצער (צוליב זיין שוואַרצער באָרד) דער אָמעננע, האָט געזאָגט:

— זאָלן דער פאַן יאַמפּאָלסקי מיר מוחל זיין... אַ טשודאַק איז ער טאַקי און אַ ווילדע בריאה דערצו (און איך האָב באַדאַרפט הערן און שווייגן!!!) אָבער אַ ייד איז ער...

פאַן יאַמפּאָלסקי האָט אים אומגעדולדיק איבערגעריסן:

— ... נו, וואָס, נו, וואָס זאָל איך טאָן?

— מען דאַרף, פאַני, שיקן נאָכן פעלדשער.

— ס'אַ רחמנות אויף די פערד, — האָט יאַמפּאָלסקי געזאָגט — אַזאַ בלאָטע, אַזאַ סליאָטע.

—ווי דער פאַן פאַרשטייט — האָט מיין פעטער אונטערטעניק געזאָגט.

—איר ווייסט דאָך, וואָס איך וועל טאָן — האָט דער עקאָנאָם געזאָגט און דערביי שעלמיש באַטראַכט אַלעמען, און אַלע האָבן זיך, ווי באַפרייטע, צעלאַכט. און אויך מיך האָט שוין דאָס געוויין מער ניט געשטיקט און איך האָב מיטגעלאַכט מיט אַ דין, ציטעריק, נאָכגעביק קול. אַסך זאַכן פון יענער צייט האָבן זיך שוין פון מיין זכרון אויסגעוועפּט, נאָר מיין געלעכטערל קאָן איך ניט פאַרגעסן. נאָך איצט, ווען איך דערמאָן זיך יענעם שבת און מיין געלעכטער, גלוסט זיך מיר זיך אַליין אויספּאַטשן. קיינער האָט מיין געלעכטער ניט געהערט, קיינער האָט מיינע טרערן ניט געזען. איך בין געווען דער צענטער צום מנין. אָן מיר האָט מען זיך היינט ניט געקאָנט באַגיין. איך בין שוין באַצייטנס געווען אַ מין קליין שעפּסעלע, און דאָס געפיל, אַז איך פאַרטרעט דאָ מיין לערער און מיין גוטן פריינט „אַרום און אַרום" האָט מיך נאָך מער צוגעבונדן צו אים. איך האָב געזאָגט די ווערטער פונעם שבתדיקן דאַווענען, און די, וואָס איך האָב שוין פאַרשטאַנען, האָבן מיר געלויכטן מיט אַ באַזונדער מין ליכט און מיך געוואַרעמט, ווי אייגענע.

דער שבתדיקער טאָג איז פאַר מיר דורכגעגאַנגען אין זייער אַ געדריקטער שטימונג. ווי נאָר די מאַמע האָט אָנגעצונדן אַ ליכט, האָב איך

באַלד זיך גענומען שרייבן. אפשר פופציק מאָל האָב איך אָנגעשריבן „שעפּסל איז אַ גוטער ייד". איך האָב זיך זייער געפּלייסט, אַז מיין כתב זאָל זיין וואָס מער ענליך צו שעפּסל׳ס און מיט יעדן מאָל וואָס איך האָב די עטלעכע ווערטער אויפגעצייכנט, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז „דאָס איז עס", „פּונקט ווי שעפּסל!" טשאַרנע איז מיר מקנא געווען אויף מיין גיכן שרייבן. טשאַרנע איז שוין אַלט געווען צען יאָר, אָבער די ייִנגע־רע שוועסטער מיינע, אָדל, די בײניעריקע, האָט שוין פון טשאַרנען איבערגענומען דעם אלף־בית.

די מאַמע איז באַלד אַוועקגעגאַנגען ערגעץ קריגן אַביסל מעל אויף ברויט און מיר — אַפילו די קלענסטע, כייקעלע, די זעקסיעריקע — מיט שטיקלאַך בלייפעדערס אין די הענט און באַשריבענע בויגנס פּאַפּיר פון איין זייט, וואָס די מאַמע האָט פאַר מיר אויסגעבעטן אין קאַנצעליאַריע פון דער עקאָנאָמיע, זיינען געזעסן און געשריבן. אין די אויגן פון מיינע שוועסטער בין איך געווען אַ גרויסער קענער, און איך האָב זיך אַזוי געגרויסט, אַז איך האָב שיר פאַרגעסן אָנ׳עם קראַנקן פריינט מיינעם.

די מאַמע איז צוריקגעקומען, אַן אויפגעלייגטע, מיט מעל און גרויפּן און קאַרטאָפל.

— וועל איך אייך באַלד מאַכן אַ וועטשערע, — האָט די מאַמע אונדז אָנגעזאָגט, — אַז סע וועט זיך צעגיין אין יעדן אבר!

די מאַמע האָט אונטערגעצויגן דעם אויוון. דערפון איז ניט נאָר וואַרעם געוואָרן, נאָר אויך ליכטיק; דערפון זיינען די בויגנס פּאַפּיר ווי פריילעכער געוואָרן און די אותיות אויף זיי, די יידישע אותיות, קלערער און שענער.

בשעת דאָס פייער אין אויוון האָט פריילעך געקנאַקט און עס האָט זיך שוין געהערט דאָס לוסטיקע בולקען פון די זידנדיקע קאַרטאָפל, האָט די מאַמע אַ שטאַרקן זיפץ געטאָן און באַלד האָט זי געזאָגט:

— אוי, גאָטעניו האַרציקער! געבוג שוין אַלמנות און יתומים. האָ־די, גאָטוניו, האָדי! (געבוג)

איך האָב פאַרשטאַנען די מאַמע, און איך האָב זי געטרייסט:

— דער אייעריקער וועט נאָך געזונט זיין.

— הלואי, רבונו של עולם! — האָט די מאַמע גאָט געבעטן מיט אַזאַ טאָן, ווי זי וואָלט שוין קיין האָפענונג ניט געהאַט. — ער איז נעבעך אַ חולה מסוכן, ברענט ווי אַ פייער, ניט דאָ געדאַכט!

די מאַמע האָט אַ ווײַלע געשוויגן און פאַרגעזעצט:

— ... וואָס וועט זי גיבעך טאָן מיט דער וויסטער קאַליקע ? זיי וועלן דאָך אויסגיין ווי די ליכט, וועלן זיי דאָך אויסגיין ! אַז יעדערער האָט נאָר זיך אין זינען, נאָר זיך אין זינען! אוי, ווי איז מיר! קיין עין הרע אַזוינע יידן מיט אַזאַ רחבת ידים! כאָטש דאָס שטיבעלע איר קויפן, כאָטש אַביסל תבואה איר פסקענען אויפן יאָר, אַביסל קאַרטאָפליעס, אַ פּורל שטרוי ... משטיינס געזאָגט, וואָס זיי וועלן שוין דאַרפן ...

— מאַמע — האָב איך זיך אָנגערופן — נאָך וואָס רעדסטו אַזוי ? (איך האָב זיך דערמאָנט אָן מיין פּאַטשקעניגע און אָן שעפּסלס פּראָטעסט)

— טאַקי — איז די מאַמע געוואָרן בייזלעך — טאַקי, וואָס רעד איך ? דערפאַר וואָס איך קען מיינע קונים. אוי! — האָט זי אויסגעשריגן מיט צוויי פאַרשטייפטע, אָדערדיקע פויסטלאַך אַרויפצו, — אוי, גאָט ! שיינק אָן אָרעמאַן יאָרן ! האָב רחמנות אויף צוויי אומגליקלעכע נפשות ! חוץ דיר, גאָטעניו, איז ניטאָ קיינער ! טאָמער וועסטו ניט אָננעמען די תפלה און די בקשה פון אַ מנין יידן (אויך איך, נטע, בין געווען אין דעם מנין) זאָל ער קומען צו זיי !

איך האָב געוואוסט, וואָס דאָס האָט געמיינט. צענדליקער שוידער מעשיות האָב איך זיך אין דאָרף אָנגעהערט וועגן טויטע, וואָס „קומען" צוריק און מוטשען יענע, וואָס האָבן די טויטע ביים לעבן געקריוודעט.

איך האָב שוין געוואוסט, וואָס עס מיינט אַ צוואה. מיין טאַטע האָט קיין צוואה ניט געלאָזט, און די מאַמע האָט עס גאָרניט געקאָנט פאַרגעסן. וואָס מיין טאַטנס צוואה וואָלט אונדז געוועזן געהאָלפן, ווייס איך ניט, נאָר די מאַמע האָט שטאַרק פאַראיבל געהאַט אויפן טאַטן. „אַ ייד — האָט זי געזאָגט — דאַרף לאָזן אַ צוואה". האָב איך זיך אָנגערופן:

— מאַמע, אפשר וועט שעפּסל לאָזן אַ צוואה מיט אַ בקשה (אין יענע צייטן האָב איך געזאָגט „פּראָסבע") צו די רייכערע יידן ? ...

— קבצנים לאָזן ניט קיין צוואות ! — האָט די מאַמע שאַרף אָפּגעשניטן.

---

## קאַפּיטל פיר

אַריינגעקומען צו שעפּסלען האָב איך ניט געקאָנט אָבער גרוסן האָב איך פון אים אָפּגענומען אַלע טאָג. די גרוסן האָט מיר אָפּגעגעבן איטע,

זי איז איצט אומגעגאַנגען מיט די עמער נאָך אייער. און די גרוסן זייַנען געווען שלעכטע, און וואָס אַ טאָג ווייטער, אַלץ ערגער און ערגער. מיט איין מאָל איז שעפּסל געוואָרן דער געגנשטאַנד פון אַלעמענס געשפּרעכן. פויערים האָבן דערמאָנט זיין ערלעכקייט. פויערטעס, באַזונדער פרויען פון זעלנער, וואָס האָבן געדינט אין דער אַרמיי, אָדער „אַמעריקאַנקעס", ווייבער און עלטערן פון פויערים, וואָס זייַנען געווען אין דער ווייטער אַמעריקע, האָבן שעפּסלען געלויבט פאַר זיין שיין שרייבן. אייניקע פויערטעס האָבן שוין באַצייטנס באַקלאָגט שעפּסלען און זיי האָבן, וויי־נענדיק, געפרעגט „ווער־זשע וועט פאַר מיר שרייבן אינעם ווייטן לאַנד, ווער ?"

עס זייַנען אָנגעקומען די ימים נוראים. אין דאָרף האָבן זיך באַוויזן די בחורים און מיידלאַך, וואָס האָבן זיך געלערנט אין די גרויסע שטעט. מען האָט אַראָפּגעבראַכט אַ בעל תפלה, חוץ דעם זייַנען ביים עקאָנאָם איינגעשטאַנען אַ משולח און אַ רעשעטניק. אין מיר און אין שעפּסלען האָט מען זיך מער ניט גענויטיקט. שעפּסל האָט נעבעך ניט געקאָנט גיין דאַווענען איך — האָב ניט געוואָלט, אָבער די מאַמע האָט מיר געזאָגט, אַז איך מוז גיין, אויב איך וויל, אַז מיין טאַטע „זאָל ליגן רואיק אויף זיין געלעגער".

איך בין געגאַנגען און איך האָב געוויינט באַגלייך מיט די דערוואַק־סענע. אויך פאַן יאַמפּאָלסקי האָט געוויינט. ער האָט זיך אינגאַנצן אײ־בערגעדעקט מיט זיין שווערן שיינעם טלית און אויף אַ קול געוויינט. זיי־נע צוויי זין, אין סטודענטישע יוניפאָרמס, זייַנען ווי צוויי לייב־וועכטער, געשטאַנען לעבן פאָטער און זייערע אײדעלע געזיכטער, זייַנען געווען שטרענג און זייער בלייך. ביי לאַל עורך דין האָט זיך דער פאָטער אַזוי „צעוויגט", אַז די זין האָבן זיך דערשראָקן און זיי האָבן אים געשטופּט דאָס פלעשל מיט די טראָפּנס אין נאָז.

אָבער נאָכן דאַווענען האָט זיך פאַן יאַמפּאָלסקי געענדערט. ער האָט אַלעמען געוואונטשעוועט לשנה טובה און דערביי פריציש געשמייכלט.

איך האָב אים ניט פאַרשטאַנען. איך האָב געוויינט אויף אונדזער אָרעמקייט, אויף דער קראַנקהייט פון שעפּסלען... וואָס האָט דער רייַ־כער ייד געוויינט ? אַלע האָבן שטילערהייט גערעדט וועגן יאַמפּאָלסקיס גוטסקייט, ווי ער האָט געשיקט נאָכן פעלדשער שוין דריי מאָל און אים אַליין באַצאָלט, ווי ער האָט „אַלצדינג" אַריינגעשיקט דער שעפּסעליכע אויף יום טוב און אין מאיר בעל נס פושקע האָט ער אַריינגעוואָרפן

אַ זילבערנעם רובל, בעטנדיק פאַר שעפּסל'ס געזונט.

מיין מאַמע האָט וועגן דעם געדערט מיט חסד און מיט טרערן אין אירע גרויסע בלויע אויגן. זי האָט געבענטשט דעם נגיד און זי האָט געזאָגט:

— גאָט קאָן אַ נס טאָן, און ער (שעפּסל) וועט נאָך עסן אין סוכה.

אָבער אַלע אונדזערע תפלות זיינען דערווייל ניט אָנגענומען געוואָרן. לויט איטע'ס רייד האָט שוין שעפּסל אויפגעהערט צו רעדן און ער דערקענט שוין באַלד ניט זי אַליין. איך האָב אָבער זייער געוואָלט וויסן, צי האָט ער אָנגעשריבן אַ צוואה, און איך האָב ניט געוואָגט צו פרעגן. שעפּסל האָט נאָך געלעבט און מען האָט געהאָפט.

דערווייל איז דאָס וועטער צוריק געוואָרן האַרבסטיק. קאַלטע ווינטן האָבן אָנגעטראָגן מאָדנע וואָלקנס, וואָס האָבן געטריפט מיט ניט קיין גרוטע טראָפּנס רעגן. איך האָב ליב די באַרירונג פון רעגן־טראָפּנס, אָבער יענע שטעכיקע רעגנדלאַך זיינען געווען, ווי געשיקט פון אַ פיינטלעכן לאַנד נוקם צו זיין זיך אין אונדז, ווער ווייסט פאַרוואָס.

איך האָב ווידער געמוזט זיצן אין שטוב און שוין מער קיין גרוסן ניט געקאָנט אָפּנעמען פון שעפּסלען. גרוסן זיינען אָנגעקומען פון פוי־ערטעס, וואָס זיינען אַריינגעקומען צו דער מאַמען אַביסל שמועסן און די גרוסן זיינען געווען איינער שווערער און אָנגעלאָדענער פונעם צווייטן. ביז עס איז אַריינגעלאָפן די שכנה פאַראַסקע. זי האָט זיך איבערגעצלמט און געזאָגט: געשטאָרבן שעפּסל זי איז צוגעפאַלן צו דער מאַמען, קאָפּ אויף אַקסל, איינע מיטן פּנים אַהין און די אַנדערע מיטן פּנים אַהער, אוןביידע האָבן לאַנג און לאַנג געוויינט.

איך בין די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. ערשט פאַרטאָג האָב איך געכאַפּט אַ דרעמל און מיט שרעק זיך אויפגעכאַפּט, מיט שרעק, טאָמער וועל איך פאַרשפּעטיקן. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט געטראַכט וועגן דער ווייסטער אלמנה מיט דער קאַליקע־יתומה, און איך האָב עפּעס צוגעטראַכט. עס זאָל זיך מיר נאָר איינגעבן! און טאָן מוז מען עס שוין, קיין רגע ניט פאַרשפּעטיקן! איך האָב זיך אויף גיך אָנגעטאָן. עס איז נאָך געווען האַלב־פינצטער אין הויז. איך מוז זיך מודה זיין אין מיין שוואַכקייט. אָבער איך האָב אין זינען געהאַט באַצייטנס אָנצוריייבן אַ ציינדל קנאָבל אויף אַ שטיקל האַרט ברויט, אַז די שלעכטע לופט „דאָרט" זאָל מיר ניט פאַרשאַטן און האָב זיך אַרויסגעגנבעט פון דער שטוב.

ווען איך בין אָנגעקומען אַהין, האָב איך נאָך אין דרויסן געהערט

אַ גרויס געוויין, אַ קול, וואָס איך האָב יאָ דערקאַנט און ניט דערקענט. איך האָב זייער מורא געהאַט אַריינצוקומען, און אַוועקגיין פון דאַנען האָב איך שוין אויך ניט געקאָנט. צו טיף איז שוין אין מיר געזעסן דער געדאַנק, וואָס האָט זיך אין מיר אַריינגעקליבן פון אַ צייט און היינטיקע נאַכט מיך אינגאַנצן דורכגענומען. איך האָב ממש געפילט, ווי „ער״ פירט מיך.

איך בין אַריין און דערזען אויף דער לאַנגער באַנק ביי דער וואַנט, מיט די פיס צו דער טיר, איז דער מת געלעגן, מיט צוויי ברענענדיקע ליכט צוקאָפּנס. אויף דער ערד, אויף אַביסל שטרוי איז געזעסן איטע מיט די הענט אין די האָר פון איר היפּשן קאָפּ און געוויינט. די קאַליקע איז ווי אַלעמאָל געזעסן פאַרשטיינערט. איך האָב געכאַפּט אַ קוק צום שאַפקעלע מיט די ספרים פון אויבן. דורכן געוואַנט פון מיין רעקל האָב איך אָנגעטאַפּט דאָס שטיקל בלייפעדער. עס איז דאָרט געלעגן, ווי אַ לעבעדיקס, ווי אַ קליין שותּפ׳ל מיינס, פון איין געדאַנק און איין ציל.

פאַרזאַמען איז ניט געווען ווען, און כאַפּן האָב איך זיך ניט געטאָרט, טאָמער באַמערקט מען, וואָס איך טו. דאָ האָט איטע אַ קוק געטאָן צו מיר און געפרעגט:

— וואָס זאָגסטו אויף מיין בראָך? וואָס זאָגסטו אויף מיין גרויסן אומגליק? יידן! — האָט זי געהעכערט איר שטים — יידן, געוואַלד, יידן! וואָס שווייגט איר? אַזאַ טייערע נשמה, אַזאַ זיסע נשמה! גאָט! גאָט!!! גאָט!! — האָט זי געהעכערט איר וויינענדיק־וואָיענדיק קול. איך האָב צוגעשטעלט אַ בענקל צום שאַפקעלע און אַראָפּגענומען פון דאָרטן דעם זעלבן גרויסן חומש, אין וועלכן שעפּסל האָט מיך געלערנט. איך האָב זיך צוריקגעזעצט צום טיש און זיך געמאַכט, אַז איך לערן אין זיך. און ווען איטע האָט מער צו מיר ניט געקוקט, האָב איך אויפן ערשטן בלאַט פונעם הייליקן ספר אָנגעשריבן, פונקט אַזוי ווי איך האָב זיך מיר איינגעחזרט די גאַנצע לאַנגע, שלאָפלאָזע נאַכט, אונטערן רויש פון די פאַלנדיקע בלעטער: „איך, שעפּסל דער אייעריקער, ווייס, אַז דעם פערטן טאָג חול המועד סוכות, וועל איך אָפּגעבן מיין נשמה דעם, וואָס לעבט אייביק. איך לאָז איבער אַן אַלמנה און אַ קאַליקע. איך בעט (דאָ איז געגאַנגען אַ צעטל פון אַלע ניין דאָרפסמיידן) האָט רחמנות, גיט דער אַלמנה, זי זאָל ניט ליידן קיין הונגער און קעלט און זי זאָל...״ איך האָב געוואָלט אויסרעכענען נאָך און נאָך זאַכן, אין וואָס די אַלמנה און די קאַליקע האָבן זיך גענויטיקט, אָבער דאָ האָב איך דערהערט איילנדיקע

טריט. באַהאַלטן זיך איז געווען אוממעגלעך. האָב איך כאַטש אויף גיך צוגעטאַסקעט דעם חומש און אים אַרויפגעוואָרפן אויפן שאַפקעלע. ער איז געבליבן ליגן קאָסע, גרייט אַראָפּצופאַלן. איך האָב זיך געמאַכט ניט זעענדיק און זיך צוריקגעזעצט צום טיש. איך האָב דערהערט די שטי־מען פון מיינע בײדע פעטערס. „וואָס זאָל איך טאָן?" „וואָס זאָל איך טאָן?" האָב איך זיך געפרעגט. ניט געפינענדיק קיין ענטפער, האָב איך זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר, און שוין אויפן הויף זיך באַגעגנט מיט מיינע פעטערס.

בײדע האָבן זיך אין גאַנג געטאָן אַ שטעל אָפּ און דער פעטער וואָ־ווע האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט חוזק.

— פון דער חברה קדישא — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— אַז סע וואַקסט אָן השגחה — האָט דער „שוואַרצער" זיך אָנגענומען פאַר מיר.

איך האָב נאָר מורא געהאַט, זײ זאָלן מיך ניט כאַפּן און אָנדרייען די אויערן, אָדער — מיך אָוועקפירן אַ געפאַנגענעם צו דער מאַמען. צוויי פּאָר אויגן האָבן געקוקט אויף מיר און איך האָב בײ בײדן געפרעגט: (מיט מיינע צוויי שוואַרצע קוקערס) „ווייסט איר, וואָס איך האָב „דאָרט" אָפּגעטאָן?..." איך האָב זיך פאָרגעשטעלט דעם גרויסן חומש, אָן אַרויפ־געוואָרפענעם, ליגן קאָסע, ווי ער וואָלט געהאַנגען אויף אַראָפּצופאַלן און איך האָב שוין באַצייטנס „געזען", ווי איינער פון די פעטערס באַמערקט דעם ספר און ער זאָגט צום צווייטן פעטער: „זע נאָר, ווי אַ ספר ליגט" און ער רירט אים אָן, אוןדער חומש פאַלט אַראָפּ, און ער הויבט אים אויף און טוט אַ קוק און דערזעט... נטע, אַנטלויף, איידער מע כאַפּט דיך! „דאָס, זאָגט דער פעטער וואָווע, האָט דער מזיק אָפּגעטאָן אַ שפּיצל".

און קוקנדיק אַזוי אויף מיינע צוויי פעטערס, וואָס האָבן אויסגעזען שטאַרק צעטראָגן, איבערגעשראָקן און פאַרלוירן, האָב איך זיך געטאָן אַ שאַר און אַ שאַרעווע מיט איין פוס און מיט אַ צווייטן... און מיט איין מאָל זיך אָפּגעריסן און אַוועק מיט אַ ווילד געלויף.

—גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד! — האָב איך געהערט דעם „שוואַרצן" מיר נאָכזאָגן.

איך בין געלאָפן און געבעטן גאָט, אַז ווען איך וועל קומען אַהיים, זאָל איך נאָך דאָרט אַלעמען טרעפן שלאָפן. עס איז נאָך אַלץ געווען זייער פרי, און פויערים האָבן געשפּאַנט די פערד צו פאָרן אין פעלד אַריין גראָבן בוריקעס. איך האָב זיך אויפן דאָרפישן שטייגער געגריסט מיט

אַלעמען, און אַלע האָבן מיר געענטפערט, און זיי האָבן זיך ניט געחידושט אויף מיין פריען אויפשטיין, ווייל זיי האָבן באַגריפן די גרויסע געשעע־ניש. איינִיקע פויערים האָבן פאַרשטאַנען, פון וואַנען איך גיי, און זיי האָבן שעפּסלען געווינטשעוועט „דאָס הימלשע קעניגרייך".

נאָר די, וואָס האָבן געפירט די פערד פונעם נאַכטיקן פּאַשען אויף די לעוואַדעס האָבן זיך געחידושט אויף מיר.

די פרימאָרגן־קלאַנגען זיינען געוואַקסן און אַנגעקוואָלן. פון אַלע קוימענס האָבן זיך שוין געזען רויכלאַך. העגער האָבן הילכיק און פריי־לעך געקרייעט. ערגעץ האָט אַ שיקסע הויך געלאַכט. עס האָט מיך גע־שטיקט. איך געלעכטער האָט באַלד אַרויסגערופן טרערן אין מיינע אויגן. עס האָט אויסגעזען, אַז די וועלט גייט זיך איר גאַנג... „נו, און שעפּסל? נו, און שעפּסל???" האָב איך ביים אַרום געפרעגט.

איך בין שוין געווען וויט פון מיינע צוויי פעטערס און איך האָב מער ניט באַדאַרפט לויפן, אָבער איך בין געלאָפן נאָך גיכער.

ווען איך בין אַריין אין הויז, האָב איך דערהערט דער מאַמעס דער־שראָקן קול:

— ווער טראָגט עס דאָרט אַרום?

— ש ש ש ש! — האָב איך געזאָגט — עס איז איך, איך...

— אוי, וויי'ז מיר! האָט די מאַמע הויך געזאָגט און אויף אַ קול גע־געוויינט.

איך האָב זיך געלייגט אויף מיין באַנקבעטל, אין דער קליינער קיך, לעבן גרויסן אויוון, און כדי קיינער זאָל ניט הערן מיין געוויין, האָב איך איינגעגראָבן מיין פּנים אין קישן.

---

## קאַפּיטל פינף

איצט שטייט פאַר מיר יענער קורצער האַרבסטיקער כמורנער טאָג מיט אַלע זיינע קלאַנגען, וואָס האָבן ערגעץ טיף אין מיר אָפּגע־קלונגען און פאַרבליבן אין מיין אינגעווייד, — דער טאָג, ווען פון שע־ליווקע, דאָס נעענטסטע שטעטל צו אונדזער דאָרף, איז געקומען אויף אַ סקאַרבאָווע פורל אַ שוואַרצבערדיקער ייד אין אַ לאַנגן, גראָבן ראָק. דער ייד מיט זיין ראָק און מיט די האַרטע, קנאַקעדיקע שטיוול האָט אויסגע־זען, ווי אַ שטאַרק־פאַרבאַקענער... דער טאָג פון שעפּסלס לויה. דער

דאָזיקער פּרעמדער האָט מיטגעבראַכט אַ וויכטיקן באַפעל, וואָס אַלע האָבן באַדאַרפט פאָלגן. ניט נאָר האָט ער געמושטירט מיט מיינע צוויי פּעטערס, נאָר אַפילו פאַן יאַמפּאָלסקי אַליין האָט זיך איינגעהערט, וואָס יענער האָט געהאַט צו זאָגן.

איך בין נאָכגעלאָפן דעם פערד־און־וואָגן אַזש ביז צו שעפּסלס וואוינונג. איך האָב אַלץ געוואָלט זען, הערן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער ייד איז געקומען „פאַרנעמען" מיין ליבן פריינט שעפּסלען, און איך האָב געוואָלט זיין דערביי, אָבער די מאַמע איז געקומען און אָנגעמאַכט אַ געוואַלד, אַז איך מוז שוין גיין „צו די קינדער" אַכטונג געבן אויף זיי, און זי וועט דאָ זיין.

איך האָב דערווייל פאַרקוקט צו די דאָרפישע יידן, באַזונדער צו מיינע צוויי פעטערס צו זען, אויב זיי ווייסן, וואָס איך האָב היינט פאַרטאָג אָפּגעטאָן. מיר דאַכט, אַז זיי האָבן גאָרניט חושד געווען. איך האָב גע־מוזט פאָלגן די מאַמע און זיין אין דער היים ביז שפּעט נאָך מיטיק.

פון דרויסן האָט מיך מיין מאַמע גערופן. זי איז געשטאַנען ביים טויער און געשריגן צו מיר. איך בין אַרויס.

— ברייננ אַרויס די קוואָרט מיט וואַסער אַהער! — האָט זי שטרענג געזאָגט.

איך האָב זי געפאָלגט און איר אויפגעגאָסן אויף די הענט, ווי זי וואָלט געווען אַ כוהנ׳טע... איך האָב געגאָסן דאָס וואַסער אויף אירע ציטעריקע הענט, איך האָב געהערט, ווי זי האָט דערביי געוויינט, אָבער איך האָב זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן פון געלעכטער, וואָס איך שטעל זיך פאָר די מאַמע, אַ יידענע, פאַר אַ כוהנ׳טע... ווי אַזוי האָב איך געקאָנט לאַכן אין יענעם טאָג? מיין מאַמע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן, ווי — אויף אַ גערירטן און אַפילו אויסגעשעפּיגן. פון גרויס בזיון פאַר זיך, פאַר מיין מאַמען און איבערהויפּט פאַרן פאַרשטאָרבענעם לערער מיינעם, האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיין געלעגער און זיך ניט אָנגערופן אַפילו, ווען איך האָב געהערט, ווי די מאַמע און די שוועסטער זוכן מיך.

ערשט, ווען עס איז געוואָרן טונקל אין די פענצטער, האָב איך גע־הערט, ווי די מאַמע איז פון ערגעץ געקומען און זי האָט געפרעגט די שוועסטער:

— ער איז שוין דאָ, דער וואַריאַט?

— ניין, — האָט כייקעלע מיט איר קוויטשיקן קולכל געזאָגט.

— אוי, מכות מיינע גרויסע! — האָט די מאַמע פאַרצווייפלט אויס־גערופן — ער דאַרף דאָך גיין דאַווענען מנחה און מעריב!... וואו איז ער ערגעץ???

איך בין אַראָפּ פון מיין געלעגער. איך בין געווען מיד און שלעפע־ריק און איך האָב זיך ניט געקאָנט צוריקהאַלטן פון גענעצן.

— משוגע, צי חסר דעה? — איז די מאַמע מיך באַפאַלן — לויף שוין, לויף, ווי גאָט איז דיר ליב! וועסט, שונאי ציון, האָבן די גרעסטע עבירה, אויב דו וועסט היינט ניט זיין ביים מנין!

אוי, בין איך געלאָפן! דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט, אין די זייטן האָט מיר געשטאָכן, אין די אויגן האָב איך דערפילט אַ הייסע געל־קייט, אָבער איך בין דורכגעלאָפן דאָס גאַנצע ווינקל, די לאַנגע שמאָלע גאַס, און ווען איך בין אַריין אין שטיבל, האָב איך דערזען, אַז מע דאַרף מיך ניט: איינער פון שעפּסל׳ס זין האָט באַוויזן צו קומען. מיין שוואַר־צער פעטער איז היינט געווען חזן. אויפן דיל איז געזעסן איטע אין איין ווינקל און אינעם צווייטן — טויבע. איטע׳ס פּנים איז געווען רויט און ווי פאַרשוואָלן און טויבע איז געווען אויפגעאַרענדערט. איך האָב באַלד געכאַפּט אַ קוק צום שאַפּקעלע און דערזען, אַז דער חומש ליגט פּונקט אַזוי, ווי איך האָב אים אַרויפגעוואָרפן... איך האָב זיך אומגעקוקט...

וואו נעמט מען כוח אייך איבערגעבן ווי דאָס קליינע, פאַרלאָזענע, פאַר־שעמטע שטיבעלע פונעם אָרעמען אייעריקן האָט יענעם פאַרנאַכט אויס־געזען? אַלע ביין יידן, איינשליסנדיק דעם רייכסטן און דעם אָנגעזע־ענסטן, פאַן יאַמפּאָלסקי׳ן מיט זיין בכבודיקער באַראָדעווקע אויפן בגי־דישן שטערן — זיינען דאָרט געווען פאַרזאַמלט. דאָס קרומע, שוואַרצ־לעכע טישל איז געווען פאַרשפּרייט מיט אַ טישטעך. צוויי גרויסע ליכט האָבן אויפן טיש געברענט און אַ מנין יידן האָט דאָ געדאַוונט. איך האָב זיך באַלד אָנגעשלאָסן אָן דער תפלה. קיינער האָט זיך אויף מיר ניט אומגעקוקט, אַפילו ניט שעפּסלס זון.

איך האָב געזאָגט דאָס דאַווענען אויסנווייניק. כ׳האָב עס זייער גוט געקענט, הגם איך האָב בלויז אייניקע ווערטער פאַרשטאַנען. איך האָב געזען, ווי שעפּסלס זון זאָגט פונעם סידורל אוןווישט אַלעמאָל די אויגן מיט אַ טיכעלע. די מענער כמעט אַלע אָנגעטאָן אין שוואַרצן זיינען ביי שמונה עשרה געשטאַנען מיט די פּנימער צו מזרח, און די טונקלקייט פון זייערע שוואַרצע מענערשע קליידער האָט אָפּגעשלאָגן מיט ערנסט און חשיבות אויף די נידריקע, קרומע ווענט, אויף דער סטעליע, אויפן דיל

און אויף אַלץ אַרום. די מערסטע פון די מתפללים זיינען דאָ געווען דאָס ערשטע מאָל. דער אָרעמער שעפסל האָט ניט זוכה געווען, זיי זאָלן זיין שוועל איבערטרעטן און ער האָט נעבעך ניט דערלעבט דעם כבוד.

און ערשט איצט, טראַכטנדיק פון די יידן, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אויך איך בין דאָ ניט געווען, ביז עס האָט זיך געמאַכט און ער האָט מיך אַ רוף געטאָן. אויך איך האָב אויף שעפסלען געקוקט ווי אויף אַ טשודאַק, און אויך איך האָב געלאַכט פון די חכמות וואָס זיינען אויף שעפסלס קאָפּ געפאַלן „איין" די אויגן און הינטער די אויגן. איך האָב קיינמאָל ניט געפילט די שלעכטקייט דערפון. ערשט איצט, שטייענדיק דאָ, האָב איך עס באַגריפן און דערפילט אַ גרויסע חרטה. זי האָט מיך אינגאַנצן באַוועלטיקט אַזוי, אַז אַפילו די איינציקע ווערטער פון דער תפלה, וואָס שעפסל האָט מיך אויסגעלערנט צו פאַרשטיין, האָבן איצט געקלונגען ווי אַ חוזק פון מיר. „גאָט! — האָב איך מורמלענדיק די פרעמדע ווערטער גערעדט צו גאָט אויף יידיש — גאָט! זיי מיר מוחל! טו אַ נס און זאָל מען באַמערקן דעם חומש מיט דער צואה, און זאָל כאָטש מיט מיין שפיצל אויסגעקויפט ווערן אַ טייל פון מיין גרויסער שולד פאַר שעפסלען! גאָט! גאָט! גאָט!"

דער זון האָט געזאָגט קדיש און זיך צעוויינט. איטע'ן האָט מען געמוזט מינטערן, די קאַליקע האָט אַרויסגעלאָזט אַ שרעקלעכן קלאַנג. זי האָט זיך געפּרואווט אויפשטעלן און איז צוריקגעפאַלן אויף איר אָרט.

ווען מען האָט אָפּגעדאַוונט מנחה, איז שוין געווען פינצטער און פאַן יאַמפּאָלסקי האָט געזאָגט, אַז מען מעג גלייך דאַווענען מעריב. מען האָט אים געפאָלגט, אויף גיך אָפּגעדאַוונט, און מיר זיינען זיך צעגאַנגען פון דאָרט.

קיינער האָט מיין חומש ניט באַמערקט.

אַזוי איז געגאַנגען טאָג נאָך טאָג, און ערשט אויפן פערטן פרימאָרגן איז עס געשען. עס טוט מיר עד היום באַנג, וואָס די מאַמע האָט מיך ניט געלאָזט זיין ביי דער לויה, אָבער יענער פרימאָרגן האָט מיך באַלוינט.

מען האָט געוואַרט און געוואַרט אויף פאַן יאַמפּאָלסקי'ן, און ער איז ניט געקומען. האָט מען מיך געשיקט אים רופן. בין איך געגאַנגען און האָב אים אין דער היים ניט געטראָפן. די יאַמפּאָלשטשיכע האָט מיר געזאָגט, אַז איר מאַן וועט קומען צום מנין גלייך פון פעלד. איך האָב אי־

בערגעגעבן, וואָס זי האָט מיר געזאָגט. ער איז נאָך דערווייל ניט געווען, און די יידן האָבן שטיל געשמועסט צווישן זיך. און מיין „שוואַרצער" פעטער איז אַ שווייגנדיקער אומגעגאַנגען איבערן קליינעם חדר הין און צוריק, מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און געברומט אַ ימים נוראים׳דיקן ניגון. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דער שאַפּקעלע... אַ, מיין האַרץ!... ער איז דורכגעגאַנגען און — — גאַרניט... ער איז דורכגעגאַנגען צוריק, און — — — — — גאַרניט. ער איז דורכגעגאַנגען ווידער אַהין... איך האָב ניט געוואָלט קוקן צום שאַפּקעלע, איך האָב ניט געטאָרט קוקן, אָבער דרייענדיק מיין פּנים מיט די בליקן צום קליינעם נידריקן פענצטערל, אין דרויסן אַרויס, האָב איך נאָכגעפאָלגט מיין פעטערס יעדן שפּאַן... ער איז צוגעקומען צום שאַפּקעלע, און — — — — — — — איך האָב אַריינגעטאָן מיינע הענט אין די קעשענעס און זיך מיט אַלע פינגער איינגעגראָבן אין מיין לייב. דער פעטער איז צוגעקומען צום שאַפּקעלע און — — — — — — אויסגעגליכן דאָס ספר. מיין האַרץ האָט געטאָן אַ פאַל אַרונטער אין מיר... איך האָב זיך פאַרהוסט. איטע האָט עס באַמערקט און מיר געראָטן נעמען אַביסל וואַסער. איך האָב זי געגרן געפאָלגט. און טרינקענדיק דאָס וואַסער, האָב איך געהערט, ווי עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פּראָטעסטן קעגן דעם יידישן פריץ. דער גרעסטער פּראָטעסטירער איז געווען מיין פעטער וואָווע. דער „שוואַרצער" האָט געשוויגן. מיטאַמאָל האָט ער געטאָן אַ גיי צו צום שאַפּקעלע, אַ נעם געטאָן דאָס חומש און עס אונטערגעטראָגן דעם שוואָגער.

— נאָ, — האָט ער געזאָגט — קוק אַריין און הער אויף צו באַלעבעטשען...

פעטער וואָווע האָט אָן חשק גענומען דעם חומש. איך האָב שוין מער ניט געקאָנט טרינקען, נאָר, מורא האָבנדיק, מע זאָל ניט באַמערקן מיין פּנים, האָב איך עס געהאַלטן אין דער שווערער קופּערנער קוואָרט און איך האָב געזען, ווי דער פעטער וואָווע גייט מיטן חומש צום טיש, ווי ער זעצט זיך און מישט איבער דעם אָפּגעשליסענעם, אָנגעבראָכענעם, האַרטן טאָוול.

ער האָט זיך איינגעקוקט און אָפּגעשטופּט פון זיך דאָס ספר אַזוי האַסטיק, אַז עס האָט זיך אַ גליטש געטאָן איבערן טיש און געפאַלן פון יענער זייט, אויפן ערדענעם דיל.

פלינק איז דער „שוואַרצער" אונטערגעלאָפן, אויפגעהויבן דאָס הייליקע ספר, עס אַ קוש געטאָן און געזאָגט צום שוואָגער:

— ביסט, חס ושלום, פונעם זינען, וואָס?...

האָט אים שוין פעטער וואָווע אָפּגעענטפערט:

— טו בעסער אַ קוק, און נאָכדעם וועסטו רעדן.

איך האָב אַוועקגעשטעלט די קוואָרט אויפן ביינקל ביי דער גרויסער שיסל מיט וואַסער און איך האָב זיך געמאַכט, ווי גאָרניט גייט מיך אָן...

— וואָס האָב איך דאָרט ניט געזען? — האָט דער „שוואַרצער" אי־בערגעפרעגט.

— טו אַ קוק, טו אַ קוק... —האָט דער פעטער וואָווע זיך גערייצט מיט יענעם.

יענער האָט געטאָן אַ לייג אַוועק דעם חומש אויפן טיש און זיך אי־בערגעבויגן. עס האָבן געטאָן אַ גיי צו נאָך עטלעכע מענער און אויך דער זון.

— אוי, ווייַ'ז מיר! — האָט דער „שוואַרצער" אויסגערופן. — יידן עס איז אַ סכנה! יידן, עס איז אַ געשעעניש!

דאָ האָט זיך דערהערט דאָס ברומען פונעם געשמידטן שאַראַבאַן, אַלע האָבן פאַרשטאַנען, ווער עס קומט, אָבער קיין איינציקער פון יאַמ־פּאָלסקיס אונטערטעניקע האָט זיך ניט געוואָרפן צו דער טיר. ווען יאַמ־פּאָלסקי איז אַריין, האָט זיך נאָך אַלץ קיינער אויף אים ניט אומגעקוקט.

— צאָ טאָ? צאָ טאָ? — האָט ער אויף פּויליש בייז און שטרענג געפרעגט. ער איז צו צום טיש און אַ כאַפּ געטאָן דאָס ספר אין די הענט. אַלע האָבן אויף אים געקוקט, ווי ער וואָלט באַדאַרפט פּסקענען.

ער האָט געקוקט דאָ אין חומש אַריין, דאָ צו די פאַרגאַפטע מענער און צו דער איבערגעשראָקענער אַלמנה און אַ זאָג געטאָן: דאָס איז עפּעס, דאָס איז עפּעס... איז דאָס ז י י ן געשריפטס? ווער קאָן זיין געשריפטס?

— ווייזט אַהער, ווייזט אַהער! — איז צוגעלאָפן די אַלמנה. זי האָט אַ קוק געטאָן און זיך צעיאָמערט.

— מיט לייענען בין איך געשטראָפט, אָבער דאָס איז זיין כתב.

— ווער נאָך קאָן זיין כתב? — האָט יאַמפּאָלסקי שטרענג געפרעגט.

דער זון איז צוגעקומען, זיך איינגעקוקט און געזאָגט:

— דאָס האָט דער טאַטע געשריבן.

ערשט האָט זיך יאַמפּאָלסקי פאַרטראַכט. ער האָט אויסגעזען פאַר־לוירן, און זיין פאַרלוירנקייט האָט אויף אַלעמען געווירקט, ווי ער וואָלט זיי פאַרהיפּנאָטיזירט. איך האָב געזען פאַר זיך פאַרשטיינערטע, צעקרומ־טע געזיכטער און אין יענעם מאָמענט האָב איך געפילט, אַז איך בין דער שטאַרקסטער פון זיי אַלעמען, שטאַרקער אַפילו פונעם שטאַרקסטן פון זיי, פונעם גרויסן און מעכטיקן פאַן יאַמפּאָלסקי׳ן אַליין. ער האָט פאַ־מעלעכן געזאָגט:

— יידן, מירן מוזן צופאָרן אויפן הייליקן אָרט און בעטן מחילה...

עס איז נבואה!... ער איז געווען אַ הייליקער... ער האָט פאַראויסגע־זען זיין פּטירה. יידן, לאָמיר זיך וואַשן די הענט און זיך שטעלן דאַווע־נען... און... און די אַלמנה דאַרף זיך ניט זאָרגן... זי איז צווישן יידן

— וואָס שטייט דאָרט? וואָס שטייט דאָרט??? — איז זי צו צום נגיד

— ווער וויל לייענען?

— איך — האָב איך זיך מיט איין מאָל אָנגערופן. דער נגיד האָט מיר דערלאַנגט אַ קוק, ווי איך וואָלט געווען אַ הינטל, אָבער איך האָב זיין בליק אויסגעהאַלטן. איך האָב גאָרניט געזאָגט, נאָר איך האָב גע־קוקט גלייך אין זיינע קליינע, גרויע, שטרענגע אויגן. ער האָט זיך פאַר־קרימט און שטיל געזאָגט: „פּשאָל וואָן”. איך האָב זיך קוים באַהערשט ניט צו לאַכן.

— גיט הער, גיט הער, פּאַני יאַמפּאָלסקי — האָט דער „שוואַרצער” פעטער מיינער געזאָגט און איבערגעלייענט אַליין, וואָס איך האָב אָנגע־שריבן.

פּאַן יאַמפּאָלסקי האָט געזאָגט, אַז ער וועט הייסן שפּאַנען נאָך אַ בריטשקע און אַלע וועלן פאָרן אויפן בית עולם בעטן מחילה ביי שעפּסלען.

איך האָב געוואָלט מיטפאָרן, אָבער מע האָט מיך ניט געוואָלט מיט־נעמען. איך האָב נאָך ביז דאַמאָלט קיין בית עולם ניט געזען און איך האָב ניט געוואוסט, ווי אַזוי מיינע בכבודיקע יידן וועלן בעטן מחילה ביי שעפּסלען און איך בין געווען נייגעריק דאָס צו זען. אָבער ווער בין איך געווען, מע זאָל זיך מיט מיר רעכענען? איך האָב דאָ אָפּגעדאַוונט,

איך האָב זיך דערוואָרט אויף דער צווייטער בריטשקע און איך בין גע־שטאַנען און געקוקט, ווי די יידן האָבן זיך אַין זיי אַריינגעזעצט, ווי די פריצישע אויסגערוטע פערד האָבן געטאָן אַ ריס די לייכטע בריטשקעס, ווי עמיצער האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים אייזערנעם, געבויגענעם אָנלען, ביי דער זייט. די ערד איז געווען פייכט, קיין גרויסן שטויב האָבן די פערד ניט אויפגעריסן מיט זייערע שיינע פיס און איך האָב געקאָנט שטיין און זען אַזוי ווייט, ביזביידע בריטשקעס זיינען געוואָרן קלענער, און קלע־נער און איגגאַנצן פאַרשוואונדן הינטערן פאַרכמורעטן האָריזאָנט.



# די בעטלערין

**דער** קורצער האַרבסט־יקער טאָג האָט זיך שוין געלאָשן, ווען די מיטל־יעריקע בעטלערין, סעקלעטע, איז צוגעקומען צו איר דאָרף. זי האָט דאָרט געוואוינט אין אַ זעמליאַנקע, אויפן גאָרטן, ביי דער אָרעמער אַלמנה, יאַלינע. דער גאָרטן איז געווען דער עקסטער אין דאָרף, צום פעלד פון איין זייט און מיט דער אַנדערער זייט צו די לעוואַדעס, וואָס האָבן פאַנאַנדערגעטיילט דאָס דאָרף אויף צווייען.

יעדן פריילינג פלעגט סעקלעטע פאַרלאָזן איר נאָרע אין דער ערד, באַדעקט מיט שטרוי, און דעם גאַנצן זומער זיך אומבלאָנקען איבער וועגן און דערפער, בעטלען ביי גוטע מענטשן, און אין האַרבסט פלעגט זי זיך איילן אַהיים, אין איר נעסט, ביי יענעם אויפ׳ן גאָרטן.

די בעטלערין האָט געשטעלט ברייטע, מענערשע שפאַן. מע האָט מסתמא אַרונטערגעריסן די שטרוי פון איר פינסטערער וואוינונג, די ווענט זיינען אודאי אָפּגעוואָלגערט אין דער גרוב — פאַרמיסטיקט.

„מען וועט דאַרפן אויסבעטן שטרוי ביי גוטע מענטשן", האָט זי געקלערט.

און די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט פון אַלע זייטן. פון וויטן האָט סעקלעטע דערזען דעם באַקאַנטן גאָרטן און די אַלטע, הויכע אַנבלעטער־דיקע ווערבעס. עס האָט פאַרשמעקט מיט׳ן גערויך פון איבערגעברענטער שטרוי און — געבראָטענע קאַרטאָפּליעס.

סעקלעטע איז אַרויף אויפ׳ן גאָרטן און אַ זיפץ געטאָן.

„גאָט!" — האָט זי געזאָגט אויף אַ קול מיט איר געוויינלעכן וויי־נענדיקן טאָן — „געבראַכט האָסטו מיך אַהערצו ניט קיין רייכע און אַ געזונטע, אָבער אַליין בין איך נאָך אַלץ, אַזוי ווי אַ פינגער. מאַנסבילן האָבן מיך געזען, אָבער קיין איינער פון זיי איז מיר ניט נאָכגעגאַנגען. האָסט מיר ניט געשיקט, גאָט, ניט צוגעשיקט קיינעם ביז דעם הייניקן אָוונט און מיר, מאַמעלע מיינע, ווי עס ווילט זיך האָבן אַ זון! פאַרוואָס־

זשע, געטלעכער הערשער, האסטו אזוי געשטראפט דיין קנעכטין סקע־לעטינא, פארוואס ?"

זי האט שטיל געוויינט. נאכדעם האט זי זיך איבערגע׳צלמ׳ט. זי האט זיך אנגעבויגן און מיט גרויס חידוש דערזען, אז איר וואוינונג איז געטריי איינגעדעקט מיט שטרוי... עמיצער האט זיך דא באזעצט! פאר צוויי־יארן האט זי דא געטראפן אן אלטע בעטלערין. האט זי זי פארטריבן, פארשאלטן און — זי מער ניט געזען. אבער ווער האט שוין ווידער געוואגט צו געוועלטיקן דא, אין איר ארעמער נעסט ?

זי האט אראפגעווארפן איר בעטלערישן קלומאק אויף דער ערד און מיט׳ן שווערן שטעקן א זעץ געטאן איבער דער שטרוי.

— ארויס, אומריינער כח! — האט זי א געשריי געטאן.

שטיל. קיינער האט זיך ניט אנגערופן.

— ארויס!!! — האט זי מיט א קוויטש אזוי הויך אויסגעשריען, אז א ווידערקויל האט זיך פון אלע עקן דארף און פעלד אפגערופן.

די שטרוי האט זיך א ריר געטאן. סעקלעטע האט זיך אפגערוקט אן א זייט, האלטנדיק איר שווערן שטעקן אויף גרייט. פון איין עק פון זעמליאנקע האט זיך באוויזן א געדיכט באוואקסענער מענערשער קאפ, א פנים אריינגעוואקסן אין א פארהארטעוועטער, ווי פארשטיינערטער באָרד; באלד האבן זיך דערזען ברייטע אקסלען און א לאנגער ארעם מיט א גרויסן פויסט צום פארוואקסענעם מויל.

— שטיל, שטיל, זידל זיך ניט! — האט ער זיך געבעטן.

אבער סעקלעטע האט זיך מיט איר שטעקן פארמאסטן אויף אים און מיט אזוינע קולות אים באפאלן, אז די באלעבאסטע פונעם גארטן יאלינע, איז געקומען צולויפן. ערגעץ האט א הונט זיך אומרואיק אנגערופן מיט א בילן. אנדערע הינט האבן דאס בילן אויפגעכאפט. עס האט זיך געדאכט, אז דאס שטילע אוונטיקע דארף האט מיט איין מאל אויפגעוואכט.

— גיב גאט געזונטעלע — האט יאלינע באגריסט די געסטין. — וואס־זשע, מאמעלע, זידלט איר זיך! אז איר זייט ניט געווען דא — זאל זיך גאט׳ס מענטש איבערשלאפן אין אייער גריבעלע.

— וויל איך קיינעם ניט!! — האט סעקלעטע ווילד אויסגעשריען.

און דער פרעמדער האט א כאפ געטאן זיין קלומעקל און אוועקגע־שפאנט צו די הויכע שווארצלעכע ווערבעס. זיי האבן אים באלד פאר־שטעלט.

יאַלינע איז נאָך דאָ אַ ווילע געשטאַנען, גערעדט זיסע רייד, ער־וואַרטנדיק אַ מתנה פון דער, וואָס וואוינט אויף איר גאָרטן און, ניט דערוואַרטנדיק זיך, איז זי אַוועק פון דאַנען. און די בעטלערין איז גע־בליבן אַליין. אַרום איר האָט זיך געשפּרייט אַ קילע, טונקעלע פייכטקייט, דורכגעזאַפּטע מיט אַנקומענדיקער נאַכט. די פינסטערניש האָט זיך גע־הויבן פון דער ערד אַרויף און געניִדערט פונעם הימל אַרונטער. זי האָט זיך געזעצט אויף די הויכע שוואַרץ־געוואָרענע ווערבעס און גע־פּרואווט צוזאַמענגיסן זייערע צווייגן און זייערע שטאַמען. סעקלעטע איז מיט איין מאָל ווי שטום געוואָרן. זי האָט ווייטער געוואָלט זידלען און קיין וואָרט מער ניט געקענט אַרויסברענגען.

— „וואָס האָב איך אָנגעאַרבעט?! — האָט זי מיט חרטה אַ טראַכט געטאָן — גאָט האָט מיר אפשר צוגעשיקט אַ מאַן, האָב איך אים פאַר־טריבן. זי האָט אַרונטערגעריסן דאָס שאַלעכל פון איר קאָפּ, מיט די פינגער זיך איינגעגראָבן אין די שוואַרצע האָר, געפאַלן צו דער קילער פייכטער ערד און מיט'ן שטערן זיך אָנגעקלאַפּט אָן איר.

— גאָט! גאָט! האָט זי וויינענדיק גערופן. זי האָט מער גאָרניט געקענט זאָגן און נאָר דורך פאַרקלעמטע ליפּן אַרויסגעבראַכט אַ לאַנג נאַגנדיק קלאָגן, עפּעס אַזוי ווי מיט אַ זייט, ווי דאָס קלאָגן וואָלט ביי איר אַרויסגעקומען דורך אַן אויער, — גאָט! — האָט זי אַן ווערטער געבעטן — דעק צו מיינע שוואַרצע האָר מיט אַ קאָפּטוך, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פרוי, וואָס האָט איר אייגענעם מאַן!

זי איז לאַנג געלעגן אויף דער ערד. נאָכדעם איז זי אַריין אין איר נאָרע, אָבער שלאָפן האָט זי ניט געקענט. זי האָט געוואַרט, אַז ער וועט קומען, אָבער ער האָט זיך ניט געוויזן.

און אַזוי האָט זי געוואַרט אויף אים די גאַנצע לאַנגע האַרבסטיקע נאַכט. דעם טאָג האָט זי באַגעגנט, ווען ער האָט נאָך ניט געהאַט גאָט'ס ליכט אין זיך. זי איז אויפגעשטאַנען און איז אַרויס פונעם באַלאַגאַן.

עס איז געווען שטיל. פון די לעוואַדעס האָט געצויגן מיט אַ פאַר־ביסענעם ווינט, און די שפּיצן פון די ווערבעס האָבן זיך שווער אַ ריר געטאָן. סעקלעטע האָט געזאָגט די פרימאָרגנדיקע תפילה. וואָלט כאָטש אַ שטערן אַ קוק געטאָן צו איר! אַז פינצטערע וואָלקנס האָבן דעם הימל באַדעקט און מיט זייער מורא'דיקער שווערקייט נידריק געהאַנגען אי־בערן קאָפּ פון דער בעטנדיקער פרוי.

אין גיכן האָט זי באַמערקט, אַז דער מזרח'דיקער ראַנד פון דעם

הימל הויבט אָן צו ווערן ליכטיק־גרוי. זי האָט גענומען פון איר זעקל אַ שטיק שוואַרץ ברויט מיט געקאַכטער קאַלטער קאַרטאָפּל און שטיל גע־געסן. פון דער שיטער־געוואָרענער פינסטערניש האָבן זיך אָנגע־הויבן אויסשיילן די הויכע ווערבעס. זי איז אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו זיי און זיך איינגעקוקט אין די פינסטערע לעוואַדעס. אין דער נאָ־ענט האָט זיך עמיצער אַ ריר געטאָן און פון דער פינצטער האָט זיך דערהערט אַ מענעריש קול:

— אַוועק פון דאַנען, דו נאַר! פריער האָסטו מיך פאַרטריבן, און איצטער זוכסטו! אויף אַ גוטער כאָלעריע דאַרף איך דיך.

סעקלעטע האָט אים דערקענט. זי האָט אים גאָרניט געענטפערט. זיין שטאַרקע מענלעכע שטימע האָט זי גובר געווען. ווען ער וואָלט זי אַפילו אַ קלאַפּ געטאָן, וואָלט זי זיך ניט קעגנגעשטעלט. און ער האָט זי דערוויל אָן אויפהער באַשאָטן מיט שאַרפע זידל־ווערטער.

מיט אַמאָל האָט זי געגעבן אַ לויף צום באַלאַגאַן און אויף אַ קול זיך צעוויינט.

---

אָנגעקומען איז ער צו איר, ווען עס איז שוין גוט ליכטיק געוואָרן. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים. דאָס איז געווען אַ הויכער, סטולעוואַטער בעטלער. אין די מיטעלע יאָרן, אָנגעטאָן אין אַ ווייבערשן געוואַטענעם מאַנטל. זיין באָרד, וואָס האָט אין דער פינסטער אויסגעזען ווי אַ שטיי־נערנע, איז אַצינד געווען גרוילעך־געלב. איין אויג גרוי, שאַרף און עזות׳דיק, און דאָס אַנדערע — פאַרגלעזט אין אַ פאַרגליווערטער בעל־מע. פון הינטער די ברייטע סוויטע־פּאָלעס האָבן זיך געזען צופּאַסע־ווער פליודערן.

ער האָט געקוקט אויף סעקלעט׳ן און געשמייכלט. דערביי האָבן זיך באַוויזן זיינע גרויסע, געלע ציינער. זי האָט נאָך אַלץ שטיל אונטער־געוויינט.

— וואָס וואַיעסטו? — האָט ער זי שטרענג געפּרעגט. זי האָט אַראָפּ־געלאָזט די אויגן און געוואַרט, ער זאָל צוקומען. ער האָט זיך באַלד דער־נענטערט צו איר און זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט. חוץ זייביידן איז דאָ קיינער ניט געווען. פון אַ סך קוימנס אין דאָרף האָבן זיך שוין געהויבן קורצע רויכלעך. עס האָט זיך אַהער דערטראָגן דאָס קלאַפּן פון ליידיקע פּויערשע וועגענער. דאָס זיינען אוואדע פּויערים געפאָרן אין פעלד אַריין

גראָבן בוריקעס, אָדער פון דאַנען האָט מען זיי ניט געזען, און זיי, דאָרטן, האָבן דאָ די צוויי אויך ניט געקענט זען.

דער בעטלער האָט אָנגענומען סעקלעטען ביי דער האַנט און זי אַ צי געטאָן צו זיך. ער האָט הייזעריק אַ לאַך געטאָן.

— ניין — האָט זי אַנטשלאָסן געזאָגט, ווי זי וואָלט לאַנג געטראַכט וועגן דעם. — ווילסט זיין מיט מיר, לאָמיר גיין צום גלח.

ער האָט אויסגעשפּיגן.

— איך דאַרף ניט קיין גלח! — האָט ער בייז געזאָגט.

— און דו ביזט דען ניט קיין געטויפטער? — האָט זי זיך גע־חידוש׳ט.

ער האָט צענומען די סוויטע ביים קאָלנער און זי האָט דערזען אַ קליין גאָלד צלמ׳על. זי האָט אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

—ביי מיר וועסטו פון זאָרג ניט וויסן. זיץ זיך אָט דאָ, אויף אַלעם גרייטן. איכ׳ל שוין קריגן פאַר דיר ברויט.

ער האָט מיט דער שווערער צונג באַלעקט די האַרטע וואָנציעס און געפרעגט:

— נו, און בראָנפן האָסטו ניט?

— ניין, האָט זי געענטפערט. — ווילסט, וועל איך גיין צום גלח, אַ חופה באַשטעלן, וועט שוין בראָנפן אויך זיין.

— גיי, — האָט ער צוגעשטימט.

—עס איז נאָך פרי, — האָט זי שעמעוודיק געזאָגט.

ער האָט זיך געזעצט לעבן איר. זי האָט אים אָנגעהאָדעוועט. נאָכן עסן איז ער אַריין אין איר זעמליאַנקע, און זי איז אַוועק צום גלח.

---

ערשט פאַרנאַכט איז זי צוריקגעקומען. נאָך פון ווייטן האָט ער זי דערהערט. זי איז געגאַנגען און געוואָיעט מיט איר באַקאַנט געוויין. ער האָט אַרויסגעשטעקט זיין קאָפּ פונעם באַלאַגאַן. סעקלעטע האָט זיך דער־נענטערט. איר פּנים איז געווען צעקרימט, די אויגן האָבן געברענט מיט אַ גרינער שנאה.

— פאַרנעם זיך! — האָט זי דראָענדיק געשריגן — צום טייפל! דו ביסט ניט מיינער!

זי האָט זיך גערוקט צו אים, ווי זי וואָלט זיך געגרייט אַ שפּרונג טאָן אויף אים און אים דערשטיקן.

ער איז אַרויס פון דער נאָרע און האָט אָפּגעטראָטן.

— צום טיוול! האָט זי אַזוי הויך אַ געשריי געטאָן, אַז דאָס ווידערקול האָט אָפּגעקלונגען פון אַלע עקן דאָרף. יאַלינע איז געקומען צולויפן, אַ דערשראָקענע. זי האָט געצלמט זיך און די בעטלערין. סעקלעטע האָט געשטרעקט אירע הענט צו דער באַלעבאָסטע, ווי זי וואָלט ביי איר געזוכט הילף און שוץ.

—אַ פאַרשאָלטענע בין איך! — האָט זי גערעדט. געגאַנגען בין איך צום פּאָטער גלח ער זאָל מיר שטעלן אַ חופה. זאָגט ער: „דריי רובל קאָסט עס" זאָג איך: „איך האָב נישט" זאָגט ער: „ביטאָ קיין געלט, ניטאָ קיין חופה" זאָג איך: „איך וועל אָפּאַרבעטן" זאָגט ער: „דיר גלויב איך ניט". די ניט געטויפטע האָבן מיר ניט אַנטליען און די געטויפטע האָבן מיך פאַרטריבן. אוי, אָרעם קעפּעלע מיינס" האָט זי אויסגערופן און זיך באַנייס צעוויינט. זי האָט אַפילו ניט באַמערקט, ווי דער בעטלער מיט דער שטיינערנער באָרד איז אָפּגעגאַנגען. זי האָט אַפילו ניט געקוקט, טאָמער האָט ער עפּעס צוגע'גנב'עט פון אירע זעק. און ער איז געגאַנגען ווייטער און נאָך אַלץ געהערט איר גרויס יאָמערלעך געוויין.



# זון מיינער

(צייט־מאָטיוו)

מײַן זון הערי, זאָל לעבן, הייסט נאָך מיין זיידן, עליו השלום. אין דער אמתן האָט מיין זיידע געהייסן מרדכי הערש חיה זיסלס, אָדער — דער זאַזיווער חתן. דאָס איז דערפאַר, וואָס ער האָט געשטאַמט פונעם קליינעם אוקריינישן שטעטל זאַזיוו, און ער האָט חתונה געהאַט פאַר מיין באָבען, ע"ה — אין דאָרף פופיווקע.

די פופיווקער יידן האָבן זיך משדך געווען בלויז צווישן זיך, און זיי האָבן פאַרמאָגט מער ווי צוויי מנינים יידן. קיין פרעמדן האָבן זיי ניט צוגעלאָזט צו די דאָרפישע פרנסות, — אַזוי אַז מיין זיידע איז געווען דער ערשטער און דער איינציקער שטאָטישער מענטש אין דאָרף. ער איז אָנגעקומען קיין פופיווקע, ווי דער „זאַזיווער חתן" און ווען ער איז שוין געווען אַ זיידע, האָט ער נאָך אַלץ געטראָגן דעם מאָדנעם נאָמען. ער איז געווען אַ לערנער. דערצו האָט ער נאָך פאַרמאָגט אַ שיין קול צום דאַווענען, און ער איז אַלע יאָרן פאַרבליבן דער חזן אין דאָרף ניט נאָר אַ גאַנץ יאָר, — נאָר אפילו ימים נוראים.

אַ לעבן־לאַנג האָט ער אָפּגעוואוינט צווישן פויערים, און זייער לשון זיך ניט אויסגעלערנט. אַלץ, וואָס איז ניט געווען יידיש, איז אים געווען פרעמד. ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן, וואָס מע האָט **הויך און ברייט געלאַכט, צי ווען מע האָט סתם געזונגען. ער האָט** מורא געהאַט פאַר פערד, פיינט געהאַט ביז אָפּשיילעכקייט הינט, און די איינציקע שטוביקע חיה, וואָס ער האָט געדולדעט, איז געווען אַ קאַץ. אמת, זי איז אין זיינע אויגן געווען טמא, אָבער זי האָט געהאַלטן דאָס הויז ריין פון מייז, און מע האָט זי געמוזט האָבן.

ווען מע האָט מיך אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט, האָט ער זייער געליטן, אָבער פאַרצווייפלט איז ער געוואָרן, ווען ער האָט זיך דער־

וואוסט, אַז איך בין אַ קאַוואַלעריסט. איך האָב זיך אַזוי אויסגעצייכנט אויף מיין פערד, אַז איך בין פּרעמירט געוואָרן מיט אַ זילבערנער פּאַדקאָווע. מיט גרויס שטאָלץ האָב איך זי געשיקט אַהיים. מיין פאָטער, עליו השלום, האָט מיר אָבער באַלד געשריבן, אַז איך זאָל אין מיינע בריוו ניט דערמאָנען די פּאַדקאָווע, מחמת דער פרומער זיידע איז זיך זייער מצער דערפון.

ווען איך בין, אַ באַפרייטער, געקומען אַהיים, האָט מיר דער זיידע געגעבן שלום מיט אַ ציטערדיקער האַנט און האָט מיר געווינ־טשעוועט, איך זאָל שוין מער נע ונד ניט זיין און פון קיין פערד ניט וויסן...

זיינע ביידע וואונטשן זיינען ניט מקוים געוואָרן, ווייל וואוינענ־דיק אין דאָרף, האָב איך געמוזט האָבן צו טאָן מיט פערד און נע ונד זיינען מיר געווען און זיינען — ווען דעם דאָרף מען אין דערציילונגען ניט שרייבן. מיט דעם אומגליק אָטעמען מיר טאָג איין טאָג אויס.

וואו זיינען אַהינגעקומען יענע שיינע געזונטע דאָרפס־יידן פון מיין דור? יענע יידן, וואָס האָבן, וואוינענדיק אין פּופּיווקע, זיך פאַרבונדן מיט די צענטערן פון דער וועלט? זיי האָבן, כאָטש דער זיידע האָט ניט געוואָלט ליידן, אויסגעשריבן יידישע, העברעאישע און רוסישע צייטונ־גען און זשורנאַלן פון אָדעס, קיעוו, וואַרשע און פעטערבורג; זייערע קינדער האָבן געלערנט ביי גוטע העברעאישע לערער; זיי האָבן אויך געשטודירט רוסיש און אַפילו — אויסלענדישע שפּראַכן. זיי זיינען אַריין אין שטאַטישע גימנאַזיעס, אָדער — ווי עקסטערנען געהאַלטן עקזאַ־מען „אויף אַלע אַכט קלאַסן" און געוואָרן זיינען זיי ניט אַזעלכע יידן, ווי מיין זיידע, אָבער — ערנסטע, מיט אַן עול אויפן קאָפּ און מיט אַ גרויסער אחריות פאַר די באַדערפעניש פון זייער פאָלק „און די אָרעמע מאַסן בכלל".

איצט נאָכן פאַלן פון די נאַציס, שרייבט מען מיר, איז פון מיין פּו־פּיווקע גאָרניט פאַרבליבן, מיט דער ערד „אויסגעגלייכט". אָבער דער יידישער חורבן האָט זיך אָנגעהויבן אַ סך פריער... בשעת די מלחמה איז אָנגעגאַנגען, האָב איך געביינקט און זיך געשראָקן פאַר בריוו פון דאָרטן, וואו היטלערס מחנות האָבן זייער פוס געשטעלט. איצט קומען אָן יענע שרעק־בריוו. זיי זיינען איין גרויסער קאַשמאַר, און איך וואונ־דער זיך בלויז, ווי איך קאָן נאָך לעבן און שרייבן. איין בריוו וויל איך פאַרגעסן און קאָן ניט. ער דערציילט, ווי די נאַציס האָבן אין וויניצער

געגנט אַרויסגעטריבן פינף טויזנט יידן הינטער דער שטאָט און זיי גע־הייסן אויסגראָבן פיר גרויסע גריבער. אַלע יידן זיינען דערשאָסן גע־וואָרן און אין די גריבער מיט טראַקטאָרס אַריינגעשטויסן געוואָרן. ווען מע האָט די מאַסן־קברים פאַרשאָטן מיט ערד, האָט דאָס פליצנ־דיקע בלוט פון די דערמאָרדעטע זיך דורכגעשלאָגן ביז אַריבערן אויבערפלאַך און די צעגראָבענע ערד איבער די קברים האָט לאַנג געזאָטן.

איך האָב געהאַט דאָס גליק צו קומען קיין אַמעריקע, און דאָ איז — הלואי אויף ווייטער ניט ערגער. און אַז איך האָב שוין דערלעבט צו זען מיין בן יחיד, העריך, צוריק פונעם צווייטן וועלט־קריג, געזונט און שטאַרק, איז — ווער איז צו מיר גלייך? די גרויסע שמחה איז אַביסל פאַרשטערט געוואָרן איבער אַ ביקס, אַ דייטשישע ביקס, וואָס הערי האָט מיט זיך געבראַכט אַהיים. די מאַמע האָט אים באַשוואוירן, ער זאָל פון איר פטור ווערן. האָט ער איר צוליב געטאָן און זי אויסגעביטן אויף אַ יאַגד־ביקס. ער האָט זי באַהאַלטן, און ווען די מאַמע איז אין הויז ניטאָ, נעמט ער זי אַרויס און פוצט זי. פאַר מיר באַהאַלט ער זיך ניט. פאַרקערט, מיט מיר פאַרברענגט ער ווי מיט אַ גלייכן, ווייל ער ווייסט, אַז איך בין אויך געווען אַ סאָלדאַט. ער האָט אָבער דעם פאַר־צוג איבער מיר: ער האָט געדינט אין אַפריקע און ער האָט געמוזט קאָנען רייטן ניט נאָר אויף אַ פערד, נאָר אויך אויף אַן אייזל און אַפילו — אויף אַ קעמל.

מיין זילבערנע פאַדקאָווע האָט ער קיינמאָל ניט געזען, אָבער ער האָט זיך געוווּנג אָנגעהערט וועגן איר און ער האָט זיך איבערגענומען מיט איר און מיט מיר...

— יו מאַסט העוו בין וועריגוד, דעדי! — זאָגט ער צו מיר. איך בין שוין ניט קיין יונגערמאַן, אָבער ווי נאָר הערי דערמאָנט מיר מיין העלדישקייט, ווער איך, ווי דורך אַ כישוף פאַרוואַנדלט אין אַ יונגן רוסישן זעלנער. איך טראָג זיך אויף מיין פערד איבערן פעלד, און אַ ווינט קלינגט מיר אין די אויערן... און שוין צום וויפלטן מאָל דער־צייל איך אים וועגן יענעם גרויסן טאָג, ווען מיין קאָמאַנדיר האָט מיר, פאַרן גאַנצן באַטאַליאָן אין די אויגן, אונטערגעטראָגן די זילבערנע פאַדקאָווע.

מיט די רייד דאַרפן מיר זיך היטן פאַר מיין פרוי: זי איז אַזוי צעשרויפט און די דריי און אַ האַלב יאָר פון איבערקלערן וועגן דעם זון, האָבן פון איר אַ תל געמאַכט. האָבן מיר באַשלאָסן אָוועקפירן די

מאַמע קיין לייקוואוד אויף אַ פּאָר וואָכן, זי זאָל זיך אויסרוען און קומען צוריק צו די כּוחות. מיר האָבן קוים געפּועלט, זי זאָל אונדז צוליב טאָן.

ווי נאָר מיין פרוי איז אַוועק פון דער הויז, האָבן מיר, איך מיט הערין, זיך דערפילט ווי צוויי יינגלעך אויף דער פריי. מיר האָבן גע־רעדט און זיך ניט געסודעט וועגן אונדזערע איבערלעבונגען אין דער אַרמיי. אָבער איך האָב געקאָנט אָפּזיצן, ווער ווייסט ווי לאַנג, און זען, ווי הערי פּוצט זיין ביקס. ניט נאָר דער מעטאַלענער טייל אירער האָט געגלאַנצט, אַפילו דאָס טונקעלע האָלץ האָט געבלאַנקט און ווען ער האָט דאָס געווער געהאַלטן אין די הענט, האָב איך געזען זיינע פינגער זיך אָפּשפּיגלען אין דעם.

הערי האָט זיך געשטעלט אין דער פּאָזע צו שיסן, און ער האָט זיך אַזוי געענדערט, אַז איך האָב אים ניט דערקענט. די ביקס איז געוואָרן, ווי צונויפגעוואָקסן מיט אים, ווי אַ טויטלעכער גליד זיינער, וואָס האָט אים איינגאַנצן פאַרוואַנדלט אין אַ טויטלעכער דראָהונג... אָט שטייט ער, איין פוס אַביסל פאָראויס, איין אַקסל עטוואָס העכער און קאָסער פּונעם צווייטן, איין אויג צוגעמאַכט און דאָס צווייטע, ווי אַ בלויע שטאָ־לענע קויל שניידט זיך אַריין אין דער שטויביקער פרידלעכער לופט...

איך האַלט איין דעם אָטעם... הערי שטעלט אָן די ביקס אויף מיר... ער צילעוועט זיך. עס ווערט מיר ניט גוט. איך קוק — דאָ אויף הע־רי׳ס פאַרגליווערט דראָענדיק אויג, דאָ — אין דער שוואַרצער לאָך פון דעם ביקס... מיין האַרץ צעשפּאַרט מיר דעם ברוסטקאַסטן.

— סטאָפּ איט, הערי! — זאָג איך אויפגערעגט און דערקען ניט מיין קול. הערי עפנט דאָס צוגעמאַכטע אויג. ער לאָזט אַראָפּ די ביקס און צעלאַכט זיך.

— דעדי, — פרעגט ער מיך — וואו איז אַהינגעקומען דיין קו־ראַזש? — ער לאַכט...

ער לאַכט אַזוי גוט און אַזוי האַרציק, אָבער איך זע פאַר זיך צוויי הערים: דעם איצטיקן, דעם גוטן און דעם לאַכנדיקן און — דעם פרי־ערדיקן, מיטן פאַרגליווערטן איינציקן אויג, דעם שאַרפן אויג, וואָס שיקט טויט דעם פיינט. אָט אַזוי האָט ער אויסגעזען, ווען ער האָט זיך געמוזט שטעלן קעגן דעם שונא... וועגן דעם האָב איך נאָך אַלץ מיט אים ניט גערעדט. ער האָט געקענט און געטאָן, איך האָב בלויז געקענט: איך האָב זיך געלערנט שיסן און געצילעוועט האָב איך זיך אין פיקטיוון שונא, — ער איז געווען אין סאַמע פייער... האָט ער

פאַרוואונדעט? האָט ער געטויט??? אַפילו איצט, ווען די מאַמע איז אין דער היים ניטאָ, קאָן איך עס אים ניט פרעגן. איך וויל עס פאַר־געסן, און קאָן ניט; איך וויל אים פרעגן און קאָן ווידער ניט. אפשר וועט קומען דער ענטפער אָן מיין פראַגע? איך שרעק זיך פאַרן ענטפער און וואַרט דאָך אויף אים.

---

זינט מיין פרוי איז אין לייקוואוד, איז מיר די אַרבעט געפאַלן שווע־רער ווי געוויינלעך, ווייל אויסער מיין באַשעפטיקונג אין שאַפּ, דאַרף איך נאָך מאַכן עסן פאַר זיך און פאַרן זון אין דער פרי און אויך אין אָוונט. הערי וואָלט מיר באַדאַרפט אַרויסהעלפן, אָבער עס טוט עס ניט. ער איז אַלעמאָל געוואוינט, עמיצער זאָל פאַר אים אַלץ אָנגרייטן. זאָל איך פאָדערן פון אים? זאָל איך זיין ערגער פון דער מאַמען?... שוויג איך און טו אַלץ וואָס מע דאַרף...

אין אָוונט זאָגט ער מיר:

— לאָמיר האָבן אַ „גוד טיים".

— וואָס מיינט ביי דיר אַ „גוד טיים".

— אָט, — זאָגט ער, שטייט די ביקס און זשאַוועדט...

— „זשאַוועדט?" — חידוש איך זיך און קיבעץ אים: — דו היטסט זי אָפּ בעסער ווי דעם טאַטן...

— איך מיין, — זאָגט ער — אַ זאַך טוט גאָרניט, — צו וואָס טויג עס?

— וואָס מיינסטו? — הויב איך אָן צו פאַרשטיין און איך דערפיל יענעם ווייטיק און יענע שפּאַרעניש אין מיין ברוסטקאַסטן, ווען ער האָט זיך געצילעוועט אין מיר.

— וואָס איך מיין? — מאַכט ער — גאָרנישט מיין איך. — ער שמייכלט פאַראַכטלעך, ווי איינער, וואָס איז געצוואונגען צו טאָן אָן אַרבעט ניט לויט זיין ווירדע. — אמת, — פאַרענטפערט ער זיך — ס'איז טאַקע ניט מער אַ יאַגד־ביקסל, אָבער מע קאָן דערמיט עפּעס אויפטאָן.

— וואָס מיינסטו „אויפטאָן?"

— אָט שיסן... שיסן הירשן.

דאָ דאַרף איך זאָגן, אַז צו מיר און צו דער מאַמען רעדט הערי אַביסל יידיש. ווען ער רעדט אַרויס „שיסן הירשן", קלינגט עס מיר, ווי ער וואָלט געזאָגט „שיסן הערשלען", און ער הייסט דאָך הערשל,

מרדכי הערש. איך האָב שוין דעם נאָמען ניט געהערט, זינט ער איז בר מצווה געוואָרן און מע האָט אים אויסגערופן צו דער תורה „יעמוד החתן ר׳ מרדכי צבי..."

און איך שטיי און קוק אויף מיין זון, און עס קומט מיר אויפן זינען מיין זיידע, עליו השלום. און איך דערמאָן זיך אָן זיין שנאה צו פערד, צו הינט און צו אַלץ, וואָס איז ניט יידיש... וואָס פאַר אַ מיינונג וואָלט ער געהאַט וועגן זיין אוראייניקל?...

— דו ווייסט נאָך וועמען דו הייסט? — פרעג איך אים.

— איך וויס — מאַכט ער. ער זאָגט „הערשל" און ער רעדט אַרויס שאַרף די „ה", און ער לאַכט, און עס געפעלט אים, וואָס ער הייסט הערשל און ער וויל שיסן אַ הירש. ער גיט מיר אַ פּלאַן. מיר'ן צופאָרן קיין לייקוואוד, דאָרטן איבערנעכטיקן און גאַנצפרי, אַנשטאַט פאָרן אַהיים, וועלן מיר צופאָרן קיין לייקהורסט, און דאָרטן, אין די וועלדער גיין אויף יאַגד.

— יאַגד? — זאָג איך — ווי קום איך צו יאַגד? און דערצו האָב איך ניט קיין ביקס.

— דאָס טויג טאָקע ניט — שטימט צו הערי און ער פאַרשפּרעכט מיר, אַז ער וועט קריגן אַ ביקס פון מיינעטוועגן...

איך האָב אים אָנגעהויבן אָפּצושלאָגן פון זיינע פּלענער, אָבער איך האָב דערזען, אַז איך וועל ביי אים ניט פּועלן. ער האָט זיך ניט גע־לאָזט איבעררעדן.

— וועל איך אַליין פאָרן — טוט ער זיך אַ זאָג אָפּ — איך האָב דיר געוואָלט געבן אַ „גוד טיים", און דו ווילסט נאָך ניט?...

אים לאָזן אַליין פאָרן ערגעץ אין אַ וואַלד, אייגעם אַליין? אייגעם אַליין אויף יאַגד?! איך קוויינקל זיך, און הערי גייט דערוויל אָן מיט זיינע פּלענער...

—...שבת אַרבעטסטו דאָך ניט — רעדט ער מיר ווייטער איין... ער וועט, זאָגט ער, אָנגרייטן עסן פאַר מיר און פאַר זיך, און די קאַר אונדזערע אויסשטאַטן. מיר וועלן צופאָרן קיין לייקוואוד זען די „מאַם" און שבת אין דער פרי...

—...און שבת אין דער פרי — זאָג איך — ווייסט די מאַמע, אַז איך דאַרף ניט גיין אַרבעטן, וועט זי פאַרשטיין, אַז מיר פאָרן ערגעץ, וואוהין מע דאַרף ניט... מער וועט אונדז ניט פעלן...

— דזשיזוס! — רופט ער אויס מיט האַרץ און ער פאַרטראַכט זיך

אַזוי קינדיש און פֿאַרלוירן, אַז איך דערקען אים שוין גאָרניט. אַזוי קאָן נאָר טראַכטן אַ צעניעריק ייִנגל פֿון זיין שפּילכל. „וואָס זאָגסטו, דעד?" פרעגט ער מיך און פאַרקוקט צו מיר.

— וואָס זאָגסטו? — פרעג איך אים — דאַרפסט דאָך אַ דערלויבעניש צו גיין אויף יאַגד.

הערי ווינקט צו מיר גוטברודערש און ווייזט מיר די דערלויבעניש.

— דער עיקר איז געווען „לייסנס" פאַר דער ביקס. דאָס — טייטלט ער אויף די יאַגד־לייסנס — קומט שוין פון זיך אַליין. די דערלויבעניש איז גילטיק בלויז עטלעכע טעג. מע דאַרף זיך איילן, — און הערי פאַרקוקט צו מיר אַזוי קינדיש, און — זאָל מיר גאָט מוחל זיין מיין שרייבערישע נייגעריקייט, וואָס טרייבט מיר „אַלץ צו וויסן". איך געדענק נאָך ביז איצט דעם איינדרוק וואָס טורגעניעווס „נאָטיצן פון אַ יעגער" האָבן אויף מיר געמאַכט. „ביי יידן האָב איך מיט קנאָה געטראַכט, קאָן אַזאַ פרייד, אַזאַ רואיקייט און אַזאַ הנאה פונ'ם לעבן ניט געמאָלט זיין. באַזונדער — דאָס צענויפגיסן זיך מיט דער נאַטור אַרום", איצט איז עס מעגלעך געוואָרן!

און איך גיב נאָך מיין זון און העלף אים אַפילו צוטראַכטן אַ פּלאַן: איך וועל אַרבעטן שבת, און מאָנטיק — ניט. אין מיין שאַפּ איז נאָך אַלץ דאָ גענוג אַרבעט, און מע קאָן אַרבעטן, ווען מע וויל... וועלן מיר זונטיק פאָרן קיין לייקוואוד, און מאָנטאָג פאַרטאָג...

הערי לאָזט מיך ניט ענדיקן און רופט אויס: „איט'ס גוד טו העוו איי דעד לייק יו!"

ער איז גליקלעך. עס איז נאָר געבליבן צו וואַרטן אויף אַ גוטן וועטער.

---

מיין פרוי האָט זיך דערפרייט מיט אונדז און געזאָגט, אַז דער טאָג און דער אָוונט, וואָס מיר האָבן מיט איר פאַרבראַכט, האָט איר מער נוצן געבראַכט, ווי די גאַנצע וואָך. עס האָט איר נאָר ווי געטאָן דאָס האַרץ אויף מיר, וואָס איכ'ל דאַרפן אויפשטיין זייער פרי צו קומען אין צייט צו דער אַרבעט. דערצו האָבן מיר זיך נאָך שפּעט געלעגט שלאָפן איבערן קאָנצערט, וואָס די יידישע אַקטיאָרן האָבן דאָ געגעבן. דריי זיינען זיי געווען, צוויי עלטערע מענער און אַ פרוי, שוין אויך ניט קיין יונגע, אָבער זי האָט געזונגען, און די מענער האָבן צוגעשפּילט, איינער אויף אַ פידל און דער אַנדערער — אויף אַ קאָנצערטינאָ. נאָכדעם האָבן

זיי אַלע אינאיינעם געזונגען רוסישע לידער, וואָס האָבן געאָטעמט מיט סטעפּעס, ברענענדיקע פון היץ און פעלדער און דערפער, פאַרשאָ־טענע מיט שניי. די לידער האָבן פאַרשיכורט, ווי אַלטער ווייַן. דער „קאָנצערטינאָ־שפּילער" האָט געטראָגן אַ רויטע בלוזע מיט אַ קוטאַס. ער האָט געקוויטשעט „וואו מע דאַרף" און אונטערגעשפּרונגען... דער עולם איז געווען ווילד פון שמחה. מיין בלייכע פרוי האָט צוריק־געקראָגן די פאַרב אין פּנים און זי האָט געשריגן: „יעשטשאָ ראַזיק!" אפילו הערי איז דורכגענומען געוואָרן פון אַלעמענס פרייד.

— אָ! — האָט ער אויסגערופן — דיז וואָנדערפול ראַשיענס!

— — — און ער האָט געקוקט אויף זיי מיט ליבע.

— זיי זיינען יידן — האָב איך הערי'ן אַ זאָג געטאָן. ער האָט מיר ניט געוואָלט גלויבן. עס איז ווירקלעך שווער געווען צו גלויבן: אין 1945, נאָך דעם גרויסן יידישן בראַך, אין אַ לייקוואודער האָטעל, אין אַ כשרן האָטעל, צווישן יידן — אַן עכטער רוסישער „קאָנצערט" מיט קוויטשן און אונטערשפּרינגען.

נאָך דער „אונטערנעמונג" זיינען מיר פאַרבליבן מיט דער מאַמען אין איר צימער. איך און דער זון האָבן זיך געהאַלטן ווי צוויי דערפאָרענע קאָנספּיראַטאָרס. אַז ס'זאָל ניט פאַלן קיין חשד אויף אונדז, האָבן מיר כמעט ניט גערעדט, צווישן זיך, און אַלע אונדזערע רייד זיינען געווען געווענדט צו דער גליקלעכער מוטער.

מאָנטיק בין איך אויפגעשטאַנען, ווען עס איז נאָך געווען פינצטער. הערי איז שוין געווען וואַכעדיק. מיין פרוי, וואָס איז אַלע יאָרן גע־וואוינט אויפצושטיין אינאיינעם מיט מיר און מיר מאַכן פרישטיק, האָט זיך געפילט שולדיק, וואָס זי איז געבליבן אינעם וואַרעמען געלעגער רוען. זי האָט מיר פאַרשפּראָכן, אַז ווען זי וועט קומען אַהיים, וועט זי אויסקויפן איר שולד.

— איך צווייפל ניט אין דעם — האָב איך געזאָגט.

הערי האָט זיך געזעצט ביים רעדל פון אונדזער מאַשין. איך — לעבן זון. די פּראָזשעקטאָרס האָבן שוין געברענט און באַלויכטן אַ שטיק גאַס. דער גאַסן־לאָמפּ איז געווען ווייטער מיט אַ האַלבן קוואַר־טאַל, און דערפאַר האָט זיך דאָס ליכט פון אונדזער מאַשין דאָ אָנגעזען. אינעם אויפגעבליצטן ליכט האָבן זיך געוויזן שילדן פון פרוכט־קראָמען, אַ דראָג־סטאָר (אַפּטייק) אַ קראָם פון נאַשערייען, צוויי שילדן פון די דערבייאיקע האָטעלן, אויסגעלאָשענע פענצטער, שטיקער פון דעכער

און מאַשינען אויף ביידע זייטן פֿון דער גאַס. אין איין הויז זיינען צוויי פענצטער געווען באַלויכטן. איך האָב אַהין פאַרקוקט. קיין סילועט פון מענטשן האָט זיך דורך די פאַרהאַנגען ניט געזען, און עס האָט אויס־געקוקט, ווי מע וואָלט אין יענער הויז פאַרגעסן אויסלעשן דאָס ליכט אויף ביינאַכט.

הערי האָט מיטן פוס אָנגעטראָטן אויפן קנאָפּ, וואָס קאָנטראָלירט דאָס ליכט אין די פּראָזשעקטאָרס.

— עס אַרבעט — האָט ער געזאָגט צופרידן.

ער האָט דאָס ליכט אויסגעלאָשן און אָנגעפּרעסט אויפן גאַז־טרע־טער. די באַלויכטענע שטיק גאַס מיט די קאַרס ביי די טראָטואַרן האָט זיך מיט איין מאָל אונטערגעטונקען אין אַ פינצטערניש. זי איז באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דורכזיכטיקער בלוילעכקייט. אַלע זאַכן אַרום האָבן זיך ווי אַ וויג געטאָן אויף אומצופאַלן. זיי האָבן זיך אויסגע־גלייכט און געבליבן שטיין אויף זייערע ערטער טונקעלע און וואַרטנדי־קע. שאַרף האָבן זיך געצייכנט די משופּעדיקע דעכער אַקעגן דעם האַלב־פאַרוואָלקנטן הימל.

דער מאָטאָר האָט זיך גיך אָנגענומען מיט כוח און קרעפטיק גע־רוישט. הערי האָט ווידער אָנגעצונדן די פּראָזשעקטאָרס. ווידער האָט די גאַס אויפגעשפּילט מיט ליכט.

דער אויטאָ האָט גערירט, בייזלעך און שווער אין ערשטן גראַד, מילדער און לייכטער אין צווייטן גראַד, שטילער און לעבעדיקער אין העכסטן גראַד, דריי שטופן, וואָס ברענגען דעם אויטאָ צו זיין נאַ־טירלעכן גאַנג. וואָס שטילער און גלאַטער מע קאָן איבערגיין פון איין מדרגה צו דער אַנדערער, אַלץ צופרידענער פילט זיך דער, וואָס „פירט" די מאַשין.

אַקעגן אונדז האָבן געוואונקען די טראַפיק־ליכטער. זיי האָבן זיך ניט געביטן פון גרין אויף ברוין און פון ברוין אויף רויט, נאָר צוליב דער פריער שעה, בלויז געפינטלט און סיגנאַליזירט געפאַר. אין אַזאַ פאַל לאָז איך הערן דעם האָרן. הערי אָבער נוצט די אַלמע. יעדערער פירט זיך לויט זיין שטייגער.

— ווייסטו דעם וועג? — פרעג איך דעם זון.

— אַביסל ווייס איך, אַביסל וועלן מיר טאַפּן.

מיר זיינען דורכגעפאָרן די הויפּטגאַס און זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער בריק, איבערן שמאָלן, לאַנגן טייך. ער איז נאָך ניט געווען פאַרפרוירן

און סילועטן פון שיפלעך האָבן זיך געזען ביי די ברעגן, פון דער נאָענט. און געוויסע געביידעס, פון יענער זייט בריק האָט זיך שוין געלויכטן. דאָס זיינען געווען יענע גאַזאָלין־סטאַנציעס וואָס האָבן אויך פאַרמאָגט רעסטאָראַנען מיט שאַרפע געטראַנקען. און הגם די טירן און די פענצ־טער זיינען אין יענע פלעצער געווען פאַרמאַכט, האָט זיך אין דער פאַר־טאָגיקער פינצטערניש, אין דרויסן אַרויסגעשפּאַרט אַן אָנגעלאָדענער רויש פון מענטשלעכע שטימען און געלעכטער.

— איך וואָלט גערן געהאַט אַ קאַפע — האָט הערי געזאָגט און פאַר־קוקט צו די באַלויכטענע פענצטער פון די סאַלון־רעסטאָראַנען.

— ניט דאָ — האָב איך שטרענג געזאָגט. איך האָב פיינט אַ סאַלון, ווי מיין זיידע האָט פיינט געהאַט פערד.

— אָלרייט — האָט מיר הערי צוליב געטאָן.

ערשט ווען מיר זיינען אַרויס אין פעלד, האָבן מיר באַמערקט אַ באַלויכטענעם רעסטאָראַן מיט אַ שילד, אויף וועלכן עס איז געווען אויס־געמאָלן אַ וואורשטל און אַ פלעשל סאָדע־וואַסער.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אַריין און באַשטעלט קאַווע מיט דאָ־נאַטס. אויף די הויכע רונדע בענקלעך, צוגעפּעסטיקטע צו אַ לאַנגן, ווייסן מירמלשטיינערנעם טיש זיינען געזעסן אַרבעטער. זיי האָבן גע־געסן און געטרונקען. קיינער האָט זיך אויף אונדז ניט אומגעקוקט, קיי־נער האָט אונדז גאָרניט געפרעגט. דער סערווירער, אַ הויכער יונגער־מאַן מיט אויסגעוואַשענע אויגן האָט אונדז צוגעטראָגן אַ רעכענונג. הערי האָט אים געפרעגט, ווי ווייט לייקהוירסט איז און.... צי מע קאָן דאָ ערגעץ קריגן פערד צו רייטן.

— פערד צו רייטן?... פערד צו רייטן? — האָט דער מאַן צוויי מאָל מיט אַ באַזונדערן טעם איבערגעזאָגט. — וואַרט... איר וועט אָפּפאָרן ביזן דריטן טראַפיק־ליכט. נעמט זיך רעכטס. פאָרט אָפּ ביי אַ זעקס מייל, וועט איר באַמערקן אַ שמאָלן וועג, ניט קיין געפלאַס־טערטן, מיידט אים אויס. פאָרט ווייטער. בלויז נאָך אַ האַלב מייל איז דאָרט פאַראַן נאָך אַ וועג, אַ שמעלערער פונעם ערשטן. ער שניידט ניט דורך דעם הויפּטוועג, נאָר ער קומט בלויז צו צו אים, פון לינקס. (דאָס הייסט, ווען איר פאָרט פון דאַנען) יעס, און דאָרטן, איידער איר קערע־וועט זיך אַריין, דערזעט איר אַ שילד „פּריוואַט אייגנטום” אָהין דרייט זיך אַריין. דאָרט וועט איר קריגן פערד.

די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט גערעדט, האָט ער ניט אַרונטער־

גענומען זיינע אויגן פונעם באַפרייאונג־צייכן אויפן לעפּל פון מיין זונס רעקל. ער האָט געפרעגט:

— אין דער אַרמיי געווען?

—יעס, סער! — האָט הערי גערן געענטפערט.

איך האָב געוואָלט פּראָטעסטירן קעגן די פערד... ווער ווייסט, וואָס מיין זון קאָן זיך נאָך פאַרגלוסטן. אָבער ער האָט געקוקט מיט אַזוי פיל דאַנק אויפן רעסטאָראַטאָר און איז געווען אַזוי צעפלאַמט, אַז איך האָב „קיין האַרץ ניט געהאַט" אים צו שטערן זיינע פּלענער.

ווען מיר זיינען אַרויס אין דרויסן, האָט זיך די מראה אין פעלד אינ־גאַנצן געביטן. די געדיכטע פּאַרטאַגיקע פינצטערניש איז פונם טאָג־ליכט אויסגעטרונקען געוואָרן, און דער גאַנצער גרויסער הימל אַרום האָט אויסגעזען, ווי אַ ריזיקער בעכער, וואָס איז פון עמיצן אויסגעזויפּט גע־וואָרן און אויף די ווענטלעך איז פאַרבליבן אַ סימן פון דער טונקעלער פליסיקייט, אין דער פאָרמע פון איין גרויסן, בלייכן שאָטן. און ער האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעוועפּט, געוואָרן דינער און דורכזיכטיקער. און אין דער דורכזיכטיקייט, אויבן אין הימל, האָבן, צווישן צעריסענע בער־גיקע וואָלקנס, ווי גאָלדענע ברעקלעך, שטערן זיך געלאָשן, און מיט יעדן פאַרשוואונדענעם קייקעלע איז דאָס טאָגליכט געוואַקסן.

דאָס ערשטע טראַפּיק־ליכט האָט נאָך ביינאַכטיק־איינטאָניק גע־פינטלט. ווען מיר זיינען צוגעקומען צום צווייטן, האָט עס זיך שוין גע־ביטן אין אַלע זיינע דריי קאָלירן.

— ווער מען אונדז דורכלאָזן? — האָט הערי געפּרואווט טרעפן צי וועט ער „מאַכן" דאָס גרינע ליכט — אויב יאָ, איז אַ סימן מזל, אלא ניט... ער האָט ניט דערזאָגט...

— עס איז אַלץ איינס מזל — האָב איך אים געמוטיקט. — אַז דו ביסט שוין אין דער היים מיט אונדז, איז אַלץ מזלדיק.

— וואָס מיינסטו? — האָט הערשל זיך געדונגען — דיר איז אַלץ איינס, יאָ שיסן, ניט שיסן קיין הירש?...

שווער איז מיר געווען צו פאַרענטפערן מיין זונס האַרבע שאלה. איך האָב זיך אַ ווײַלע געקווינקלט און געזאָגט: „שייך אַלץ איינס?..."

— „שייך, שייך" — האָט הערי אומצופרידן איבערגעחזרט דאָס וואָרט. — וואָס מיינט עס עניוויי?

— וועל, — האָב איך געענטפערט — עס איז אַהין און אַהער, יאָ מיט ניין...

— ביי מיר איז אָדער יאָ, אָדער — ניין.
הלמאי זאָל איך זיך קריגן מיט מיין בן יחיד?
— ביסט טאַקע גערעכט — האָב איך צוגעשטימט.
— דאָס איז בעסער — האָט הערי בייזלעך געבורטשעט. איך האָב געשוויגן.

מיר זיינען געפאָרן מיט דער שנעלקייט פון פינף און פערציק מייל אַ שעה. דער אַלטער מאָטאָר האָט פון אָנשטרענגונג געררושט מיט אַ הייזעריק, אָנגעבראָכן קול, אַ בייזלעכס, אָבער אָן פאַרדראָס, ווי, להבדיל, ביי אַן עלטערן מענטשן, וואָס קאָן אַנדערש ניט רעדן. מיין פרוי האָט דעם רויש גערופן „פריינט בעס" אויפן נאָמען פונעם פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר אין אונדזער אָרגאַניזאַציע... פונקט מיט אַזאַ מאָנאָטאָנע, בייזלעך קול האָט ער געלייענט די געשריבענע באַריכטן פון די פאַרזאַמלונגען, בייז און גיך, ניט צו דעריאָגן...

איך האָב געקוקט פון וויטן אויפן טראַפיק־ליכט און שטיל „געבעטן גאָט", אַז עס זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין גרין, ווען מיר וועלן צוקומען צו דעם. אַ געניטער שאָפער קאָן אויסרעכענען, אַז ס'זאָל זיין, ווי ער וויל און ער זאָל דורכפאָרן דאָס ליכט אין צייט. הערי האָט געוואוסט דעם סוד. צוליב דעם האָט ער געדאַרפט בייטן די שנעלקייט. ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס מע האָט באַדאַרפט, און מיר זיינען, מיט מזל, דורכגעפאָרן דאָס טרעפיק־ליכט אויף גרין.

דאָס זעלבע גליק האָט אונדז צוגעשפּילט אויך ביים דריטן ליכט.

מיר האָבן זיך פאַרקערעוועט רעכטס. הגם דער וועג איז דאָ גע־ווען שמעלער, ווי דער פון וועלכן מיר זיינען באַר־וואָס אַרונטער, האָבן זיך דאָ געוויזן אייניקע אויטאָס. זיי האָבן זיך לייכט פאַרבייגעטראָגן לעבן אונדז. דעם גערויש פון זייערע מאָטאָרן האָבן מיר ניט געהערט, — נאָר דעם ווינט, וואָס זיי האָבן מיטן האַסטיקן שוואונג אויפגעריסן.

הערי האָט אַ יאָג געטאָן די מאַשין מיט אַ פופציק־מייליקער גיכקייט.

אַקעגן אונדז האָט זיך געהויבן די טונקעלע וואַנט פון אַ וואַלד אין דער ווייט. מיר זיינען געפאָרן צו מזרח. איך האָב געזען, ווי די וואָלקנס איבערן וואַלד בייטן זייערע קאָלירן פון אומקלאָרער ווייסקייט אויף גרוי, פון גרוי אויף בלוי־גרוי, אויף אַש... דער אונטערשטער ברעג זייערער, צום וואַלד צו — שוואַרצלעך און דער אויבערשטער ברעג־ליכטיק און וואַקלדיק, ווי פאַר אַ בליץ, אָנגעלאָדן מיט אַן אָנזאָג

אויף באַלדיקער פאַרוואַנדלונג... אוןווירקלעך: דער אויבערשטער זוים האָט זיך אָנגעהויבן צו רויכערן. דער רויך האָט זיך איינגעפרעסן אין דער טונקעלער טאַשמע און געריסן שטיקער פון איר. און באַלד זיינען סיי דער רויך, סיי דער גרעסטער טייל פון דער אויבערשטער וואָלקן־זוים דורכגענומען געוואָרן פון אַ רויטלעך ליכט. דער אונ־טערשטער ברעג פונעם וואָלקן איז געוואָרן אַזוי טונקל, אַז ער האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער שוואַרצלעכער וואַנט פונעם וואַלד.

— אָט איז עס! — האָט הערי אויסער זיך אויסגערופן און מיט זיין פלוצימדיקן געשריי מיך איבערגעשראָקן.

— וואָס? וואָס? — האָב איך אומרואיק געפרעגט.

— דער שמאָלער וועג!... „זייטיקער וועג פינף הונדערט יאַרד ווייטער".

— הייסט עס, — האָט הערי געזאָגט — נאָך אַ האַלב מייל...

נאָך אַ האַלב מייל, מיין זון — האָב איך אים נאָכגעזאָגט.

גיך זיינען מיר געווען ביים ערשטן שמאָלן וועג. הערי האָט אַפילו די אַלמע ניט גענוצט, און די קאַר איז אים ווי אַריבערגעשפרונגען.

ביים צווייטן וועג האָבן מיר דערזען די פאַרלאַנגטע שילד „פריי־וואַט אייגנטום" ניט קיין צאַם, ניט קיין טויער, נאָר צוויי ווערטער, — וואָס זאָגן אָן, אַז פון דאַנען אָן און ווייטער, צווישן די יונגע יעלן־בוימער הויבט זיך אָן עמיצנס אייגנטום. ער קאָן אונדז אויפנעמען פריינדלעך און ער קען אונדז הייסן גיין, פון וואַנען מיר זיינען געקומען. דער וועג דאָ האָט מיר דערמאָנט אַ היימישע טאַסמע אין די אוקריינער פעלדער: צוויי איינגעפאָרענע ליניעס פון די רעדער און די מיטלסטע ליניע העכער פון ביידע זייטיקע, פאַרוואַקסן מיט גראָז, ווילדגראָז, שטעכעלקעס און אַפילו פעלדבלומען. דאָ אין שפעטן האַרבסט, איז די מיטלסטע ליניע געווען געדיכט פאַרוואַקסן מיט צעטויטשעט פאַר־רויכערט פייכט גראָז.

עס האָט פאַרשמעקט מיט רויך און עס האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פון אַ וואַסער־פּאָמפּע. מיר זיינען אַריין צווישן בוימער. דעם וועג פאָרויס האָט מען געקענט זען בלויז אַ צוויי הונדערט שפּאַן, און עס האָט אויסגעזען, ווי די בוימער נאַרן אונדז אַריין און דער וואַלד זויגט אונדז איין.

צווישן די בוימער האָט אַ שיין געטאָן אַ ליכט. עס האָט זיך דער־

הערט דאָס בילן פון אַ הונט, קוואָקן פון הינער און אַ מענערשע שטרענג קול: „או, או!"

מיר האָט זיך פאַרגעשטעלט אַן אַמעריקאַנער גויאישער פאַרמער פון גרויסן וואוקס. דאָס צאַמט ער זיינע אויסגערוטע, אומרואיקע פערד. איך האָב זיך געגרייט צום געשפרעך מיט יענעם מענטשן.

דערווייל איז דאָ אַרום אונדז געוואָרן טונקעלער און טונקעלער. עס האָט אויסגעזען, ווי די נאַכט וויל פון דאַנען ניט אַוועק. הערי האָט אָנגעצונדן די פּראָזשעקטאָרס. זיי האָבן דורכגענומען די פאַרטאָגיקע טונקלקייט מיט אַ שאַרף ליכט, אָבער די פאַריאָגטע פינצטערניש פון אַרום אונדז האָט זיך פאַרשטעקט, און פון דער ווייטן מיט שוואַרצער שרעק אונדז נאָכגעקוקט. אַקעגן איז אָנגעלאָפן אַ גרויסער הונט און זיך געוואָרפן אויף דער קאַר.

— האלאָ, דאָגי! — האָט הערי פריילעך געגריסט דעם הונט. אַ גרויער, אַ שווערער, מיטן שאַרפן ליכט פון די פּראָזשעקטאָרס און זיינע געל־ברוינע אויגן, האָט דער כלב פרעגנדיק אַ קוק געטאָן אויף הערין און אויף מיר און זיך צעהאַווקעט נאָך העכער און בייזער.

מיר זיינען געפאָרן פאַמעלעכן. דער הונט איז געלאָפן אַרום דער קאַר און זיך געריסן צו אונדז. צווישן די בוימער האָבן זיך דערזען אַ באַלויכטן פענצטער, אַ טונקל־גרויע, לאַנג ניט־געפאַרבטע וואַנט, עט־לעכע טרעפּ צו אַ שמאָלן לאַנגן באַלקאָן. אויף די טרעפּ האָט, מיט אַן עמער אין האַנט, גיך געשפּאַנט אַ פרוי. ווידער האָט זיך דערהערט דאָס מענערשע קול „אָו, אָו!" עס האָט זיך שוין געוויזן אַ צווייטע וואַנט פון אַן אַנדער געביידע. די בוימער זיינען געוואָרן שיטערער, דאָס יונגע טאָג־ליכט — גרעסער.

הערי האָט אויסגעלאָשן די פּראָזשעקטאָרס. ביי דער וואַנט פון דער צווייטער געביידע איז געשטאַנען אַ קליינגעוויקסיקער מאַן לעבן צוויי היפּשע פערד. דער הונט איז אַוועקגעלאָפן צום מאַן און פון דאָרט געבילן אויף אונדז. דער מאַן האָט געבאַרשט די פערד. לעבן דער געביידע, וואו דער מאַן מיט זיינע פערד זיינען געשטאַנען האָט זיך געזען אַ צווייטע געביידע, אַ ברייטע און נידעריקע, די ווענט געפאַרבט העל־ווייס און אַ הויכע דראָטענע צאַם אַרום. אויף דער ערד, פון יע־נער זייט צאַם האָבן זיך געזען אייניקע ווייסע באַוועגלעכע פלעקן. זיי האָבן אַרויסגעלאָזט הינערשע קלאַנגען. „דאָס זיינען דאָך הינער", האָב איך געטראַכט און זיך געחידושט, וואָס זיי זיינען שוין אַזוי פרי „אויף".

דער מאַן האָט זיך אומגעקוקט צו אונדז. מיר זיינען צוגעפאָרן גאָר נאָענט צו אים און איך האָב באַלד אין אים דערקענט איינעם מאחינו בני ישראל. „אַ ייד, אַ פאַרמער מיט פערד צום יאָגן!" עס איז געווען אומגלויבלעך... אויך ער האָט געקוקט אויף אונדז און אין זיינע פרעגנדיקע אויגן האָב איך געזען, אַז אויך ער טראַכט וועגן מיר און הערין, און אים איז אויך קשה, צי זיינען מיר יידן. בשעת ער האָט זיך פאַרקוקט אויף אונדז, האָט איינס פון די פערד, אַ טונקל־ברויטלעכס, מיט לאַנגע שוואַרצע האָר אויפן לאַנגן גלייכן האַלדז, פאַרוואָרפן די שפּיציקע אויערן אויף צוריק און מיט דער פייכטער מאָרדע דערלאַנגט אַ זעץ דעם באַלעבאָס אין אַקסל. ער האָט אַ ציטער געטאָן און אַ פּאַטש געגעבן דאָס פערד איבער דער מאָרדע.

— גוד מאָרנינג! — האָט אונדז דער פאַרמער געגריסט. און אין זיין קול און אינעם ניגון, האָב איך שוין געוואוסט אויף זיכער, אַז דאָס איז ווירקלעך אַ יידישער פאַרמער. איך האָב געוואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן יידישע פאַרמערס אין אַמעריקע, אָבער דער איז געווען דער ערשטער, וועמען איך, דער שטאָטישער, האָב געזען.

— גוט מאָרגן, גוט יאָר, — האָב איך געענטפערט.

ער האָט זיך אַ שמייכלדיקער, געלאָזט צו אונדז. דער הונט האָט זיך ווידער בייז געוואָרפן אויף דער קאַר.

— שאַט אַפּ! — האָט אים דער ייד איינגענומען. דער כלב איז אַוועק צו די פערד און זיך געלעגט ביי דער וואַנט. די פערד זיינען צוגעגאַנגען צום הונט און אים באַשמעקט. ער האָט געשטשירעט מיט גרויסע שפּיציקע ציין קעגן זיי, און זיי האָבן געפאָרשקעט אויף אים מיט הייסן פאַרעדיקן אָטעם.

— שלום עליכם, יידן — האָט אונדז דער פאַרמער ווידער געגריסט.

— עליכם ועל בניכם — האָב איך אים אין טאָן געענטפערט.

ער איז שוין געווען לעבן אונדז. ער האָט אויסגעזען פון אַ יאָר פופציק. פון אונטער געדיכטע שוואַרצע ברעמען האָבן געקוקט שטילע גרויע אויגן מיט שטראַליקע קנייטשעלעך אַרום. גרויע שטעכיקע וואָנציעס האָבן געהאַרטעוועט זיין שמייכל. ער האָט אונדז געדריקט די הענט און געפרעגט, פון וואַנען מיר קומען און וואָס מיר פאַרלאַנגען אין אַזאַ פריער שעה. איך האָב אים געזאָגט אונדזער פאַרלאַנג, און עס איז אים געווען שווער צו גלויבן. ער האָט געמיינט, אַז מיר מאַכן חוזק פון אים...

עס האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער סקריפּ פון אַ טיר, אַ סקריפּ און אַ קלאַפּ. פון אַ שטאַל איז אַרויסגעקומען אַ היימישער פויער, אַן אוקריינער, אָדער — אַ פּאָליאַק. ער איז געווען געגאָלט, אָבער איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער האָט נאָר וואָס אַרונטערגעגאָלט זיינע לאַנגע, געבויגענע וואָנציעס. ער האָט געקוקט אויף אונדז מיט דאָר־פישע פאַרחידושטע אויגן. און פונעם באַלקאָן האָבן נאָך אַ פּאָר אויגן אונדז דורכגענומען. דאָרט איז געשטאַנען די זעלביקע פרוי, וואָס איז פריער מיטן עמער אַרויפגעגאַנגען די טרעפּלעך. אַנגעטאָן איז זי געווען אין אַ שווערן מענערשן „סוועטער", מיט אַ בלויען פאַרטעך איבערן לייבל. אירע הענט האָט זי געהאַלטן אונטערן פאַרטעך און ניט אויפגע־הערט צו קוקן אויף מיר מיטן זון. דער פּאַרמער האָט אַ קוק געטאָן צו איר און פריילעך געזאָגט:

— דאָס זיינען יידן פון... — און ער האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון מיין שטאָט.

— האָו דו יו דו! — האָט די פרוי אונדז געגריסט.

מיר איז געווען אַזוי אָנגענעם די באַגעגעניש מיט אַ יידן דאָ, אין מיטן פעלד און אין מיטן וואַלד, אַז איך האָב פאַרגעסן אַן דער יאָגד. דאָ האָב איך דערפילט, ווי מיין הערי איז אין כעס. ער דרייט זיך אומ־רואיק ביים רעדל און סאָפּעט בייז מיט דער נאָז... ער קוקט אויף די פערד און די אויגן זיינע ברענען. איך האָב פאַרשטאַנען מיין זון און איך האָב גלייך באַשטעלט די פערד.

דער גוי אַן די וואָנציעס האָט זיי אויף גיך אָנגעזאָטלט. מיר זיינען אַרויס פון דער מאַשין.

הערי האָט גענומען דאָס פערד, וואָס האָט געוואָלט בייסן דעם באַ־לעבאָס און איך — דאָס אַנדערע, אַ ליכטיקס־שוואַרצס מיט גרויסע שטילע אויגן און שווערלעכע פיס.

איידער איך האָב זיך אַרומגעקוקט, איז שוין הערי געזעסן אויף זיין פערד. איך בין צוגעטראָטן צו מיינעם. איך האָב אים געגלעט אי־בערן פּיסקן און וואַרעמען האַלדז. די טונקעלע פעל איז געווען דורכגע־נומען מיט שפּורן פון דער באַרשט. איך בין געווען אויפגערעגט...
עס איז געווען דאָס יאָר 1945... דרייסיק יאָר זיינען אַריבער, זינט איך האָב געריטן. מיין פערד אין דער רוסישער אַרמיי האָט געשטאַמט פון דער סיבירער משפּחה. עס איז געווען קליין אין וואוקס מיט דינע פיס און אַ לאַנגן קאָפּ מיט אַ קליינער, שוואַרצער שטומפּיקער מאָרדע.

איצט האָב איך זיך באַדאַרפט זעצן אויף אָט דעם פערד מיט די שווערע פיס. איך האָב פאַרהויבן מיין פוס צום פוסהאַלטער. דאָס פערד האָט געטאָן אַ שפּאַן, און איך האָב אויף איין פוס נאָכגעשפּאַנט... איך האָב זיך ניט געקאָנט זעצן. עס איז צוגעקומען דער געגאָלטער גוי און צו־געהאַלטן דאָס פערד.

איך האָב פאַרוואָרפן מיין צווייטן פוס איבערן זאָטל און בין געבליבן זיצן. דער רוקן ביים פערד האָט זיך אונטער מיר אַ בויג געטאָן און זיך באַלד אויסגעגלייכט.

— וואוהין גייען מיר? — האָט הערי געפרעגט.

— „מיר" גייען — האָט דער פאַרמער האַרטלעך געשמייכלט — וואוהין דזשאָן וועט „אונדז" פירן. האָט איר אייערע ביקסן אין קאַר?

— האָט ער אונדז געפרעגט.

— איך האָב — האָט הערי געענטפערט און געקוקט אויף מיר מיט פאַרדראָס. — פּאָ! — האָט ער מיך געוואָרנט און איך האָב געזען, אַז ער האָט שטאַרק געליטן בזיון פאַר זיין טאַטן, וואָס האָט קיין ביקס ניט.

— איך וועל בלויז מיטפאָרן — האָב איך קורץ און שאַרף אַ זאָג אָפּ געטאָן.

—אַ קליוטשי וו קאַרי? — האָט דער געגאָלטער פויער זיך אָנגע־רופן אויפן היימישן לשון, מיינענדיק מיט זיין פראַגע, צי האָבן מיר געלאָזט די שליסל אין אויטאָ. איך האָב דאָס אוקריינישע לשון זייער אָפט געהערט אין שטאָט, אָבער דאָ, אין דאָרף, האָט עס מיר געקלונגען באַזונדער היימיש. הערי האָט די שליסל געהאַט ביי זיך. ער האָט זיי איבערגעגעבן דזשאָנען. ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין דער קאַר און איך האָב געהערט, ווי ער האָט אָנגעצונדן דעם מאָטאָר.

— וועלן מיר אים נאָכפאָרן? — האָב איך דעם יידן געפרעגט.

— איר קאָנט אים נאָכפאָרן, אָבער דאָס וועט זיין אַביסל צו ווייט. ער וועט מיטן וועג צופאָרן צום וואַלד און וואַרטן אויף אייך, און איר קאָנט אָנקומען צום זעלביקן אָרט דורך מיין פעלד (ווי זיס מיר האָט געקלונגען דאָס „מיין פעלד" אין אַ יידיש מויל!) אַרונטער, צו דער ריטשקע און וועט פאָרן באַרג אַרויף פון יענער זייט טייך, (דאָרט איז נאָך אַלץ מיין פעלד), וועט איר אים איבערגעבן די פערד און איר וועט גיין אין וואַלד. דער וואַלד באַלאַנגט שוין צום שטאָט.

— לאָמיר נאָכפאָרן — האָט הערי געזאָגט.

— ניין מיר וועלן בעסער פאָרן מיט זייער פעלד — האָב איך אַנטשלאָסן אָפּגעענטפערט מיין זון.

— ווי אַזוי וועט ער וויסן, וואו צו וואַרטן אויף אונדז — האָט זיך הערי געשטעלט.

— דזשאָני — האָט דער פאַרמער זיך געווענדט צום דינער — יאַק טי בודעש זנאַטי, דע טשיקאַטי נאַ ניך? (ווי וועסטו וויסן, וואו צו וואַרטן אויף זיי?)

— אַ יאַ — האָט דזשאַן געשריגן אַרויסשטעקנדיק זיין לאַנג, געגאָלט פּנים דורכן אָפענעם פענצטער פון דער קאַר — אַ יאַ נאַ האַרי בודו. מענע זאַ מיליו ווידקאַ. (און איך וועל זיין אויפן באַרג. אויף אַ מייל וועט מען מיך אַנזען). ער האָט אַ טרייב געטאָן די קאַר. דער הונט האָט אים געוואָלט נאָכלויפן, אָבער דער פאַרמער האָט ניט געלאָזן. ער האָט אים אַריינגעטריבן אין שטאַל און אים דאָרט פאַרשפאַרט. ער איז אַרויסגעקומען צו אונדז און אונדז געגעבן ווייטערע אינסטרוקציעס:

— אָט זיינט איר איצט אויפן וועג. דער וועג גייט מיט מיין פעלד ביז צום טייך, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט. ווען איר פאָרט אַריבער די ריטשקע, האַלט זיך גלייך. איר וועט דאַרפן אַרויפפאָרן דעם גאַנצן באַרג, ביז איר וועט דערזען דזשאַגנען... איך מיין, איר וועט דערקענען אייער קאַר. און פּליז, גיט אים איבער די פערד: צופוס איז גרינגער זיך אַ קער צו טאָן... — דער פאַרמער האָט זיך פאַרהאַקט — גיט אַכטונג: אַ הירש איז אויך אַ חיה.

— ניט געזאָרגט — האָט הערי מיט פאַרדראָס דערויף געזאָגט.

—אַז מען שרעקט זיי איבער, — האָט דער פאַרמער זיך געהאַלטן ביי זיינעם — זיינען זיי געפערלעך.

הערי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן יענעמס עצות און ער האָט אַ טרייב געטאָן זיין פערד. איך בין נאָכגעפאָרן מיין זון.

— זאָל אייך גאָט העלפן! — האָט דער ייד אונדז נאָכגעשריען.

---

מיר זיינען געפאָרן מיטן יידישן פעלד. עס איז געווען פאַרזייט מיט ווינטער־זריעה. די צעאַקערטע ערד האָט נאָך קיין שפּראָצן ניט אַרויסגעגעבן, איך האָב אָבער געוואוסט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט די גרוילעכע ערד זיין באַדעקט מיט דינינקע שפּראָצעלעך, די צוקונפטיקע זאַנגען. שנייען וועלן זיי איינדעקן און זיי באַשיצן

פונעם בייסיקן פראָסט און דעם ברענענדיקן ווינט. און אַז דער פרי־לינג וועט קומען, וועלן די שנייען זיך שמעלצן, זיי וועלן אַנטרינקען די ערד. די קליינע שוואַכע שפּראָצן וועלן שוין זיין פאַרוואָרצלט אין ווערן העכער און שטאַרקער. זיי וועלן זיך אויסיאָגן אין זאַנגען — און דער גאַנצער אַרום וועט זיך וויגן ווי אַ גרינער טייך. (מיין טייך). איך בין ניט קיין פּרומער, אָבער אין יענעם מאָמענט, קוקנדיק אויפן יידישן פאַראַקערטן און פאַרזייטן פעלד, האָב איך געבעטן גאָט אויף אַ גרויס גערעטעניש.

דאָ איז געווען ליכטיק, כאָטש דער הימל האָט זיך געוואָלקנט. פון ווייט האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַ ביקס. דאָס ווידערקול האָט זיך אָפּגערופן פון עטלעכע זייטן. די אויערן האָבן ביי מיין פערד אַ גיי געטאָן. ער האָט געכראָפּעט. הערי האָט אַ יאָג געטאָן זיין טונקל ברוינעם. מיין שוואַרצער איז נאָכגעלאָפן. איך בין געווען באַרוישט. דאָס זאָטל האָט זיך אונטער מיר אָנגעוואַרעמט. די אָטעמענדיקע הייסע זייטן פון מיין פערד האָבן מיר געוואַרעמט די פיס צו דער פעל צו, און פון דרויסן האָט זיי אַ ווינטל געקילט.

איך האָב געקוקט אויפן זון. שיין איז ער געזעסן אויפן טונקל ברוי־נעם לויפער. ער האָט זיך גראַציעז געהויבן איבערן רויטלעכן זאָטל, און עס האָט אויסגעזען, אַז אַפילו ווען ער זעצט זיך אַרונטער, באַרירט ער ניט דעם לעדער. פון אונטער זיין קעפּי האָבן זיך געזען די נידריק־גע־שוירענע טונקעלע האָר. דאָס וואַרעמע רעקל האָט זיך אויף זיין פּלייצע אויפגעבלאָזן, אָבער דאָס האָט ניט געמינערט דעם רייטערס שטאָלטענ־קייט. איך בין אים נאָכגעפאָרן אין אַ גלייכער ליניע און איך האָב זיך געמיט אָנצוהאַלטן די מעסיקע גיכקייט און דעם טאַקט. דאָס צווייטע האָט זיך מיר ניט אַלעמאָל איינגעגעבן. ווען עס איז מיר אָבער געלונ־גען, האָט זיך הערי אומגעדרייט צו מיר און געשמייכלט מיט זיינע גלייכע ווייסע ציין. די פאַרב האָט אים געשפּילט אין פּנים און די אויגן זיינע האָבן געקוקט אויף מיר מיט דאַנק.

מיר זיינען צוגעקומען צו דער ריטשקע. זי איז געווען ברייט און פלאַך און קוים וואָס מע האָט געהערט דעם רויש פון איר שטראָם. די פערד האָבן ווייטער ניט געוואָלט גיין. זיי האָבן געכראָפּעט און זיך גע־רוקט צוריקוועגס. הערי האָט זיך געבייזערט און געזידלט זיין ברוינעם. איך האָב „איינגערעדט" מיין סוס אויף ענגליש און אויף רוסיש... מיין שוואַרצער האָט איינגענעצט די פעדערשטע פיס אינעם קאַלטן וואַסער.

זאַמד און שטיינדלעך האָבן זיך געזען אויפן קרומען דעק. איך האָב גיט אויפגעהערט אונטערצוגעבן חשק מיין פערד... עס האָט געהאָלפן! ער איז אַריין טיפער אין וואַסער. הערי׳ס ברוינער איז מיר שווער נאָכגעגאַנגען. איך האָב דערפילט דאָס וואַסער ביי מיינע פיס. איך האָב זיי אַרויסגעכאַפּט פון די האַלטערס און זיי פּאַרריסן צום פערדס האַלדז.

— קאַמאָן! קאַמאָן!! האָב איך מיין פערד געמונטערט. מיר זיינען שוין געווען אויף דער צווייטער זייט. מיטאַמאָל האָט זיך מיין שוואַרצער אַ ריס געטאָן צוריק צום וואַסער...

— אָ, ניין! — האָב איך געזאָגט און געקערעוועט דאָס פערד מיטן פּנים צום באַרג אַרויף, צום וואַלד צו.

— זע, זע, פּאַ!! — האָט הערי אויסער זיך געשריען און געוויזן ווייטער אַהין, רעכטס, ביי דער ריטשקע. — פּאַ!!! — האָט ער שוין געשריען אויף אַ פאַלצעטאַ — לוק היר!

איך האָב אַ קוק געטאָן און דערזען ביי אַ פערטל מייל פון דאַנען צוויי הירשן טרינקען. זיי האָבן געהאַלטן די קעפּ איבערן וואַסער און עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואַרטן אויף עפּעס. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי קוקן צו אונדז. איך האָב זייער געוואָלט זען די הערנער, אָבער איבער דער ווייט איז עס געווען אוממעגלעך.

— זאָלן זיי נאָר אַ גיי טאָן צו אונדז — האָב איך דערהערט הערי׳ס דראָענדיק קול.

דאָ האָט איין הירש, ווי איך האָב איצט שוין געזען, דער גרעסערער, געטאָן אַ לויף צום וואַלד און דער קלענערער איז אים נאָכגעלאָפן. באַלד האָט ער איבערגעיאָגט דעם גרעסערן. זיי זיינען ביידע צוגעלאָפן צום וואַלד און — פּאַרשוואונדן.

ווידער האָט זיך דערהערט אַ שאָס.

— מענטשן זיינען שוין אויף יאַגד —האָט הערי אויפגערעגט געזאָגט.

איך האָב געשוויגן. מיר זיינען געריטן באַרג אַרויף. מיין פערד האָט געבויגן דעם קאָפּ אַרונטער. איך האָב געפילט דעם הינטערשטן אויסבויג פונעם זאָטל זיך איינשפּאַרן אין מיין רוקן. איך האָב אָנגעיאָגט הערין און זיך אויסגעגלייכט מיט אים. איך האָב שוין געוואָלט דערזען אונדזער אויטאָ, אָבער דאָס באַרגיקע פעלד איז געווען אַזוי משופּעדיק, אַז מע האָט קוים געזען דעם אויבערשטן זוים פונעם וואַלד. דאָ איז די

ערד ניט געווען פאַראַקערט. די פערד האָבן געטראָטן איבער האַרטער סטערני, איך האָב ניט געקענט באַשטימען פון וועלכער תבואה.

באַלד האָב איך באַמערקט דעם אויטאָ, וואָס האָט אויסגעזען פון דאַנען ווי אַ קליינער טונקעלער פירעק, איינגעוואַקסן אין דער הויכער וואַנט פון וואַלד.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צום וואַלד, האָבן מיר געטראָפן דזשאַגען שלאָפן, זיצנדיק אין אונדזער אויטאָמאָביל. איך האָב אים אויפגעוועקט. מיר האָבן אים איבערגעגעבן די פערד, און איך מיט הערי'ן זיינען אַריין צווישן די בוימער. דאָ זיינען געוואַקסן דעמבעס, סאָסנעס און יעלן.

הערי האָט אָנגעלאָדן די ביקס. ער האָט זי באַטראַכט, זי געווישט מיטן אַרבל פון זיין רעקל, נאָכדעם — מיט זיין טיכעלע און צופרידן געזאָגט:

— לייק איי גוד פיס אָוו דזשועלרי (ווי אַ גוטע שטיק צירונג).

ער האָט געקוקט אויף מיר, דעם געוועזענעם „יעגער", שמייכלענדיק אַ ווײַלע צוגעשוויגן און באַלד אַרויס מיט לשון:

— אַ יעגער אָן אַ ביקס.

— מיין זון! — האָב איך אים געבעטן — איך האָב דיר צוליב געטאָן, — טו זשע מיר אויך צוליב! — דאָס האָט אים ערשט פאַרדראָסן: עס הייסט, אַז מיר גייט די יאָגד ניט אָן. דאָס האָב איך אים צוליב געטאָן. ער האָט זיך געקליבן עפּעס זאָגן, מיר אַריינזאָגן, אָבער ער האָט זיך באַהערשט.

ער איז געגאַנגען. איך האָב אים נאָכגעפאָלגט. איך האָב געהאַט פאַרדראָס אויף אים און אויף זיך, אויף אים פאַר זיין איינגעשפּאַרטקייט און אויף זיך — פאַר מיין הנאָה, יאָ, איך האָב באמת הנאה געהאַט פון דער נסיעה צום פאַרמער, פונעם יידישן פאַרזייטן פעלד, פונעם שיינעם שמעקעדיקן וואַלד און פון דער גרויסער שטילקייט און רואיקייט, וואָס דאָ האָט געהערשט. דאָ איז געווען וואַרעמער ווי אין אָפענעם פעלד און עס האָט מיך אָנגענעם געשלעפערט. עס האָט זיך געגלוסט צושפּאַרן צום נאָנטסטן בוים, צומאַכן די מידע אויגן און דרעמלען, אָבער פאַר מיר האָט זיך אין גאַנג געוויגט הערים געשטאַלט, אָנגעשטרענגט, פול מיט געהער... בין איך אים נאָכגעגאַנגען... וואוהין? וואָס האָבן מיר געקאָנט באַשליסן? אינסטינקטיוו האָבן מיר זיך געלאָזט אין דער ריכטונג, וואו די צוויי הירשן זיינען אַריין אין וואַלד. מיר האָבן געשפּאַנט אין

געל־גרוילעכן, פאַרוועלקטן גראָז, איבער פייכטע, איבערגעטריקנטע צווייגלעך און אָפּגעהאַקטע שטאַמען פון בוימער. אויף אייניקע שטאַמען זיינען געווען אויסגעקריצט נעמען פון מענטשן און פיגורן פון מענטשלעכע הערצער.

מיטאַמאָל האָט זיך הערי אָפּגעשטעלט...

— שמעקסט עפּעס? — האָט ער מיך האַסטיק געפרעגט.

— מע זאָגט „פילסטו עפּעס" — האָב איך אים פאַרריכט זיין יידיש.

— וואָס איז דער חילוק... עס שמעקט... ניין?

ווירקלעך, איך האָב דערשמעקט אָפּפאַל.

— איצט — האָט הערי זיך דערפרייט — זיינען מיר ביים ציל!

איך בין אויך געווען זיכער, אַז מיר זיינען „ביים ציל", אָבער ווען מיר זיינען מיט די שפּורן פונעם אָפּפאַל אָפּגעגאַנגען עטלעכע יאַרד, זיינען מיר אַריין אין אַ געדיכטעניש פון בוימער. עס איז געוואָרן טונקעלער און פייכטער. די ריחות פון צעפוילטן גראָז האָבן זיך אויסגעמישט מיטן גערויך פון סאָסנע. דער קאָפּ האָט זיך געדרייט. די שטאַמען פון די בוימער האָבן געשווינדלט פאַר די אויגן, ווי פאַרגליווערטע שאָטנס. דורך די אָנגעבלעטערדיקע צווייגן האָט זיך געזען אַ ליכטיק־פאַרוואָלקנטער הימל, אָבער זיין ליכט האָט די טונקלקייט דאָ ניט געמינערט.

פון ווייטן האָבן זיך מיט איין מאָל דערהערט טריט, לייפּנדיקע, שווערע טריט. הערשל האָט זיך צוגעטוליעט צום נעענטסטן בוים און ער איז געוואָרן ווי איינס מיטן טונקעלן דעמב־שטאַם.

—העי, יו! — האָט עמיצער גערופן.

— האַלאָ! — האָט הערי געענטפערט.

פון צווישן די בוימער האָבן זיך ווידער דערהערט טריט, נעענטער און נעענטער. קיין מענטשן האָבן מיר נאָך ניט געזען, מיר האָבן אָבער געוואוסט, אַז זיי קומען. אין אַ מינוט אַרום זיינען פאַר אונדז געשטאַנען צווייפ מענער אין אויבערהויזן, אין גרויסע וואַרעמע קעפּיס און אַלטע ביקסן אין די הענט. איינער פון די מענער האָט געשוויגן און דער אַנדערער האָט גערעדט. און עס האָט אויסגעזען, אַז דער רעדנדיקער רעדט שוין אויך פאַרן שווייגער...

— איר האָט זיי געזען? — האָט דער רעדנדיקער געפרעגט.

— יאָ, — האָט הערי געענטפערט — ביים טייך וואָסער טרינקען...

— און פאַרוואָס האָט איר זיי ניט דערשאָסן?

— הערי האָט זיך פאַרשעמט. איך בין אים געקומען צו הילף.

— זיי האָבן בלויז אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן און פאַרשוואונדן.

— נעוועך מיינד „פאַרשוואונדן" — האָט דער יעגער זיך געבייזערט און אַ שמייכל געטאָן אין דער קרום.

— מיר וועלן זיי פּאַקן — האָב איך געזאָגט און איך האָב דערפילט, אַז אויך איך ווער פאַרכאַפּט פון דעם שטאַרקן געפיל פון אַ יעגער, וואָס זעט זיין קרבן און לאָזט אים ניט אָפּ פונעם אויג... איר האָט געמעגט געוועזן זען די אויגן ביי די צוויי מענער!... די יעגער אַליין האָבן אויסגעזען ווי געוויינלעכע שטאָט־אַרבעטער, שווערע אַרבעטער, וואָס באַנוצן זיך מיט שווערע מכשירים, ווי סטאָליאַרעס, למשל. זייערע אויסערהויזן האָבן מיר טאַקע דערמאָנט אָן קאַרפּענטערס־אָוועראָלס, אָבער זייערע אויגן, איין פּאָר שוואַרצע און איין פּאָר גרויע האָבן געהאָט דעם גלאַנץ פון געיעג נאָכן קרבן, וועמען זיי וועלן קריגן אויב ניט היינט, איז מאָרגן און אויב ניט מאָרגן, איז אַן אַנדער מאָל...

אויך הערדיס אויגן האָבן איצט פאַרמאָגט יענעם קאַלטן פאַרגלייווערטן גלאַנץ פון קריג און בלוט. ווי אַזוי האָב איך אויסגעקוקט אין יענעם מאָמענט? איך בין דאָך געווען ניט מער ווי אַ נאָכגייער... סמ'יקע געדאַנקען האָבן מיך אין יענעם מאָמענט פּלוצים באַהערשט. עס האָט זיך מיר דערמאָנט ווי איך באַהאַלט זיך אויס צווישן די יידן פונעם אוקריינישן שטעטל, אין דער צייט פון די פּעטליורע־פּאָגראָמען. די פּעטליורע־יעגער, וואָס האָבן אונדז געיאָגט און וועמען זיי האָבן געכאַפּט, האָבן זיי געטויט. ניט איין מאָל, זיצנדיק פאַרשטעקט אין אַ קעלער, אויף אַ בוידעם, אָדער אין פעלד, האָב איך פון מיין באַהעלטעניש געהערט דעם טויט־געשריי פונעם געפאַנגענעם קרבן. יענע צייט איז אַזוי ווייט, אַזוי ווייט, און דאָך טראָג איך זי אין זיך. ווי קאָן מען פאַרגעסן?

איך בין נאָכגעגאַנגען מיין באַפרייטן זעלנער פון קריג, מיין זון, מיין יעגער... עס זיינען געווען מאָמענטן, ווען הערדי איז מיר נאָכגעגאַנגען. מיר האָבן זיך געדרייט צווישן די בוימער אין דער פייכטער טונקלקייט און מיר האָבן אויסגעקוקט ווי צוויי פאַרבלאָנדזשעטע ריטער. יענע צוויי יעגער זיינען פאַרשוואונדן.

מיר איז געוואָרן הייס: שפּאַנען אין פייכטן, צעפּוילטן גראָז איז גאָר ניט אַזוי גרינג...

— וואַרט, — האָב איך געזאָגט — לאָמיר זיך איינהערן.

מיר האָבן אַזוי געטאָן. עס איז געווען שטיל. זעלטן ווען האָט זיך

געהערט דאָס פאַלן פון אַ טרוקן צווייגל, ניט זיין אָנשלאָגן זיך אָן דער ווייך אויסגעבעטעטער ערד נאָר — זיין באַרירן די צווייגן ביים פאַלן.

פאַר די אויגן האָט אַ שווינדל געטאָן אַ ברוינער פלעק... ער האָט אַ שפּרונג געטאָן פון בוים צו בוים און זיך פאַרשטעקט.

— עס איז בלויז אַ אַ האָז — האָט הערי מיט פאַראַכטונג געזאָגט.

מיר זיינען געגאַנגען ווייטער. איך האָב געזען, אַז הערי ווערט אומזיכערער און וואַקלדיקער. ער וואָלט שוין געגאַנגען צו די פערד, און ער שעמט זיך פאַר מיר. ער האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. איך האָב זיך געלאָזט פירן. ווידער האָבן מיר געזען אַ האָז דורכלויפן. אויף אַ בוים איז געזעסן אַ וועווערקע און אומדערשראָקן געקוקט אויף אונדז מיט אויסגעקוילערטע אויגן. זי האָט מיט איין פעדערשט פיסל געגלעט דאָס שפּיציקע מאָרדעלע און צוגעשאָקלט מיטן לענגעכדיקן קעפּל.

איך האָב אַ גיכערן שפּאַן געטאָן, איבערגעיאָגט הערין, אים אויסגעמיטן צו קוקן אין די אויגן און איך האָב זיך געלאָזט — ניט דירעקט — צום ברעג וואַלד. מיין זון איז מיר נאָכגעגאַנגען. מיר זיינען צוגעקומען צום פעלד און פון דער ווייט דערזען אונדזערע פערד ביים אויטאָ. איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט. ווי איך וואָלט געוואָלט ברוגז מיט הערין, האָב איך אים געפרעגט, ניט אומקוקנדיק זיך: „וועלן מיר גיין צו די פערד?"

— ניט איך! — האָט הערי פאַרעקשנט מיר אָפּגעענטפערט און זיך האַסטיק אָריינגעדרייט צוריק אין וואַלד, צוריק צו די פינצטערע ביימער, וואָס פאַרשפּרייטן דאָס געפיל פון ווייטקייט און פרעמדקייט און שטאַרקן די בענקשאַפט נאָך מענטשן און שטאָטישן גערויש. אָ, ווי גוט האָט מיר איצט געקלונגען יענער ברום פון מיין שטאָט, וואָס הערט קיינמאָל ניט אויף!... הלוואי וואָס גיכער צום לעבעדיקן שפּרודלדיקן רויש, צו דער שטאָט, צו דער ליכטיקער, וואַרעמער היים, צום שטייענדיקן לאָמפּ מיטן אָנגענעמען ליכט, צו דער צייטונג, צום בוך, צו דער ראַדיאָ!... הערי, הערי, ביז וואַנען וועלן מיר דאָ אומוואָגלען?

הערי שפּאַנט פאַר מיר. די ביקס אויף זיין אַקסל גלאַנצט און שפּיגלט אין זיך אָפּ שטיקער ביימער און די גרויקייט פונעם הימל. זיין שיינע שטאָלטנע פּלייצע איז אַביסעלע געבויגן, מיד. ער שלעפּט די פיס פונעם פייכטן גראָז, ווי ער וואָלט געטראָטן אין אַ בלאָטע. ער בלייבט שטיין, איך שטעל זיך אָפּ. איך זע זיין פּנים איז באַדעקט מיטן טוי פון שווייס. ער אָטעמט שווער. אַ ווייַלע שטייען מיר אַזוי. ער לאָזט זיך ווייטער, שוין מער ניט פּאַראַלעל מיט'ן זוים פונעם וואַלד, נאָר צוריק,

אין דער טיף. עס ווערט צוריק טונקל און די קלאַנגען און די ריחות פונעם וואַלד ווערן שאַרפער. איך קוק זיך איין אין מיין זייגערל. שוין צוואַנציק מינוט צו צען. דריי שעה, אַז מיר גייען דאָ אום. ביז וואַנען, ביז וואַנען?...

אין אַ צען מינוט אַרום שטעלן מיר זיך ווידער אָפּ. די בוימער שטייען דאָ ווי די מאָסן פון ליכט און פינצטערניש. די פינצטערניש רייסט זיך פון דער ערד אַרויס און וויל איינהילן די שטאַמען און די צווייגן. און דאָס ליכט קומט אָן פון אויבן און רייסט זיך דורך צווייגן און צווייגלעך אַרונטערצו, גרייכנדיק די פינצטערניש ביזן האַרטן פייכטן גראָז און אַפילו צווישן די גראָזן. וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס ביסל פינצטערניש קעגן אָט יענעם גרויס־גרויסן ליכט, וואָס גרייכט די ווייטסטע רוימען אין דער הויך, אין דער ברייט און — אין אַלע אַרומען? מיינע אויגן זיינען שוין אַזוי צוגעוואוינט צו דער טונקלקייט, אַז איך קאָן זען אַ הונדערט שפּאַן פאַר זיך. איך קוק אויף דער „ווייטסטער" גרופּע בוימער און איך מעסט די שטרעקע, און מיר דאַכט זיך, אַז ס'איז נאָך מער ווי הונדערט שפּאַן.

הערי כאַפּט מיך אָן ביי דער האַנט און ער דריקט זי ביז ווייטיק. איך דערשרעק זיך... וואָס איז געשען!? ער האַלט מיך ביי דער האַנט און איך זע, ווי הערי טוט אַ שטרעק זיין קאָפּ פאַראויס, באַלד — צוריק. אין דער טונקלקייט צייכנט זיך זיין פּראָפיל שאַרף. דאָס מויל האַלב אָפן און די נאָז זיינע שמעקט גיריק. איך פיל, ווי אויך איך שטרעק מיין קאָפּ פאַראויס און צוריק... איך קוק נאָך מיין זונס אָנגעשטרענגטן בליק און איך באַמערק צווישן צוויי דעמבעס אַ טונקעלע מאַסע, ווי אַ באַוועגלעכער שטיין. איך קוק זיך איין און איך זע שוין די קאָנטורן פון דעם, וואָס ליגט צווישן די ביימער. איך דערזע הערנער און איך שריי אויס: „אַ הירש! אַ הירש!!!"

— יו ספּוילד איט! — שרייט אויך מיין בן יחיד מיט אַ פאַרענ־דערט קול. ער האָט אָפּגעלאָזט מיין האַנט און זיך גענומען צו דער ביקס.

דער „באַוועגלעכער שטיין" טוט זיך האַסטיק אַ וואַרף, אַ שטעל אויף, און איך דערזע אַ גרויסן, שיינעם הירש. זיינע הערנער טוען אַ גיי דאָ צו איין בוים, דאָ — צום צווייטן. עס הערט זיך אַ טעמפּער קלאַפּ...

— האָסט אים איבערגעשראָקן! — זאָגט דער זון מיינער בייז און גיט צו מעשה מבין — איצט היט זיך! — צווישן אונדז און דעם הירש

וואַקסן די בוימער שיטערער, און איך דערזע, תיכף, אַז הערי איז געד רעכט: דער הירש טוט זיך אַ דריי אום און בלייבט שטיין קעגן אונדז און לאָזט זיך גלייך צו מיר און צו הערין. מיט יעדן שפּאַן, וואָס ער דער־נענטערט זיך, ווייזט זיך מיר אויס, אַז ער ווערט גרעסער. דאַכט זיך עס מיר, צי איך זע טאַקע בעסער ווי פריער? איך זע, איך זע קלאָר דעם הירשס טעמפּן שטערן, די קליינע, פייכטע מאָרדע... „הערי!!!!" וויל איך אויסשרייען. אינעם זעלביקן מאָמענט, וואָס מיין מויל עפנט זיך צום געשריי, דערהער איך אַ שאָס... דער גייענדיקער הירש טוט נאָך איין שפּאַן פאָראויס. נאָכדעם הויבט ער זיך עטוואָס אויף ווי אויף אַ שפּרונג צו טאָן. ער שטעלט זיך צוריק אויף אַלע פיר, טוט אַ גיי אָן אַ זייט און פאַלט אויף די פעדערשטע פיס. עס דאַכט זיך, אַז זיי ווערן קירצער און זינקען אין דער פייכטער ערד ביז שיינעם באַצווייגטן קאָפּ... דער הינטערשטער טייל קערפּער זינקט איצט צו דער ערד. דער קאָפּ מיט די צווייגעוודיקע הערנער טוט זיך אַ צי פאָראויס, ציט זיך צוריק — און דער הירש בלייבט ליגן אויף אַ זייט, פריער מיט אַלע פיר פיס אין דער לופטן, ווי ער וואָלט זיך פון וואוילטאָג געקאַטשעט, זיך ניט געקאָנט איבערקערן אויף דער אַנדערער זייט און, ליגנדיק, פאַלט ער צוריק מיט דינע ציטערדיקע פיס און זיין בויך, דאַכט זיך, לויפט אויף.

הערי רעדט עפּעס צו מיר. איך הער ניט. שרייט ער:

— ...איי גאָט הים! איי גאָט הים!!!

ער לויפט צום הירש, און איך זע, ווי די שיינע באַשעפעניש הויבט נאָך דעם קאָפּ פונעם גראָז. הערי שטעלט אַרויף זיין פוס אויפן קאָפּ פונעם הירש און בויגט אים צו דער ערד. איך קום צו און זע, אַז איבערן רעכטן אויג ביים הירש שלאָגט אַרויס בלוט. עס גיסט זיך איבער דער האָריקער באַק צו דער טונקעלער מאָרדע און — אַרונטער, אין גראָז אַריין. איך קראַמף איין אין האַנט אין דער צווייטער. איך בין אַזוי דערשיטערט, אַז איך קאָן קיין קלאַנג ניט אַרויסברענגען. און דאָס בלוט ביים דערמאָרדעטן הירש הערט ניט אויף צו פליסן, ווי עס וואָלט אינעווייניק, אינעם ציטעריקן קערפּער געזאָטן און אויסגעלאָפּן. ווידער קומט מיר אויפן געדאַנק מיין לאַנדסמאַנס בריוו. און ווידער זע איך דעם מאַסן־קבר אַרום וויניצע, די פרישע, צעגראָבענע ערד און דאָס בלוט פון מיינע דערשאָסענע שוועסטער און ברידער שלאָגט אַרויס אַריבער דער ערד צו די הימלען.

איך הער, ווי הערי רעדט צו מיר. ער פרעגט מיך אומגעדולדיק :

— וואָס איז דיר, דעדי ?

איך האָב אים ניט געקאָנט ענטפערן, איך האָב אים אין די אויגן ניט געקאָנט קוקן. איך האָב זיך געשעמט מיט מיין זונס נצחון. איך בין געשטאַנען, געהאַלטן מיינע אויגן אַראָפּגעלאָזט און געזען מיין זונס פּוס אויפן קאָפּ פונעם טויטן הירש.

דאָס איז געווען זיין ענטפער אויף מיין פראַגע, וואָס איך האָב אים ביז היינט אויסגעמיטן צו שטעלן.



# אַ שטוב מיט אַ גאָרטן

(אַ צייט־מאָטיוו)

זינט די מלחמה איז געקומען, האָט מיין גראָסערי אָב־געהויבן איינצושרומפּן. פּרייזן אויף סחורה זיינען געשטיגן און קריגן די וואָרע איז געוואָרן שווערער און שווערער. איך האָב באַשלאָסן צו ווערן אויס געשעפטסמאַן און גיין אַרבעטן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון אונדזער לאַנד, אָדער ווי מען רופט עס „דעפענס״.

דערווייל בין איך אַנגעגאַנגען מיט מיינע געשעפטן. סיי איך, סיי מיין פרוי האָבן שווער געאַרבעט, און פאַרקויפן, אָדער שליסן די קראָם, האָבן מיר ניט געקענט. מיר האָט זיך דערמאָנט די צייט, ווען איך האָב „גרינערהייט״ געאַרבעט אין פאַבריקן און מיין ציל איז דאַן געווען — צו באַפרייען זיך פון דער אַרבעט און ווערן אַ געשעפטסמאַן. איצט האָב איך געטראַכט: ווי אַזוי ווערט מען אויס סוחר? וואו נעמט מען די כוחות אויפצוהענגען אַ שלאָס אויף דער טיר פון מיין שפּייז־קראָם און גיין „מאַכן אַ טאָג אַרבעט״ באַגלייך מיט אַנדערע?

פאַראַכטאָגן איז דאָס געשען. מיין ווייבל איז אַריין אין גראָסערי מיט אַ בשורה: דער גראָסערימאַן פון קעגנאיבער האָט געשלאָסן זיין געשעפט.

— איצט — האָט זי געזאָגט — וועלן מיר שוין פאַרשפּאָרן טראַכטן פון פאַרקויפן אונדזערע ביזנעס. איך בין געווען זייער אויפגערעגט און איר דערווייל גאָרניט געענטפערט. איך בין אַרויס אין דרויסן אַ קוק טאָן אויף דער צוגעמאַכטער גראָסערי.

די שיין־אויסגעשטעלטע שוי־פענצטער זיינען שוין געווען ליידיק. אינעווייניק האָט זיך נאָך עמעצער אַרומגעדרייט. אַ פּאָר נייגעריקע מענטשן האָבן אַריינגעקוקט דורך די אויסגעהוילטע פענצטער פון יע־

נער קראַם. מיין האַרץ האָט מיר געקלאַפּט פון פרייד. איך בין אַריין צוריק אין מיין קראַם.

— נו? — האָט מיין פרוי מיך געפרעגט. איך האָב באַטראַכט איר אויסגעבלייכט געזיכט און די גרויסע שיך אויף אירע געשוואָלענע פיס און איך האָב אַזוי געזאָגט:

— ערשט איצט וועלן מיר מאַכן אַן עק דערפון:

איך האָב אַלע מאָל נאָכגעגעבן מיין פרוי. זי האָט זייער שווער געאַרבעט און דער אמת איז, אַז זי האָט געטראָגן אַלע זאָרגן אויף אירע שוואַכע פּלייצעס. אָבער דאָס מאָל האָב איך אויסגעפירט. איך האָב פאַר־קויפט מיין קראַם פאַר אַ גאָרנישט און אַוועק ווייט אויסער דער שטאָט, וואו עס האָט זיך געבויט אַ גרויסע רעגירונגס־אונטערנעמונג.

עס איז געווען אַ וואָלקנדיקער זומער־טאָג. ביי אַן אָפן פענצטערל פון אַן אימפּראָוויזירטן אָפיס, ביים טראַקט־וועג אין פעלד זיינען געשטאַנען צענדליקער מענטשן און געוואַרט אויפן דעלעגאַט פון דער קאָרפּאָ־טער־יוניאָן. איך האָב זיך געשטעלט אין דער ריי. די מערסטע זיינען דאָ געווען קריסטן. די פּאָר יידן האָבן זיך איבערגעקוקט מיט מיר. מיר האָבן זיך דערקאָנט, כאָטש מיר האָבן זיך פריער קיינמאָל ניט געזען. מיר האָבן געדרויכערט און געוואַרט. דער הימל איז געוואָרן טונקעלער און שווערער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעצט זיך אַרונטער אויף אונדזערע קעפּ.

— עס זעט אויס, אַז ס'וועט רעגענען — האָבן מיר פאָראויסגע־זאָגט און עס האָט לאַנג ניט גענומען. שטיל, אַן אַ דונער, אַן אַ בליץ האָבן זיך די וואָלקנס פאַמעלעכן געעפנט. זיי האָבן זיך ווי אַלטע, נאַסע שאַלן געוויגט איבער אונדז און אונדז באַשפּריצט מיט קילע, קליינע טראָפּנס רעגן.

די אַרבעטער האָבן זיך געבייזערט און „געבענטשט" דעם דעלעגאַט, נאָך וואָס ער ער זאַמט זיך און אים אַרט גאָרניט פאַר אונדז.

— אַזוי איז די לאַגע פונעם אַרבעטער — האָב איך אויך אַריינגע־זאָגט און צו זיך אַליין געשמייכלט: „אויך מיר אַן אַרבעטער..." ווייל אין דער אמתן האָבן זיך אין מיינע געדאַנקען איצט געפּלאָנטערט די נעמען און די אַדרעסן פון מיינע קונים, וועמען איך האָב היינט פאַרטאָג ניט געבראַכט זייערע באַשטעלונגען. איך בין געווען אין אַ געהויבענער שטימונג און עס האָט זיך מיר געגלוסט שפּאַסן. די גראָסערי־זאָרגן האָבן

זיך אינגאַנצן אָפּגעטאָן פון מיר און וועט ניט די יסורים פון מיינע צוויי זין, דזשערי און דזשאָזעף, וואָס דאַרפןביידע גענומען ווערן אין דער אַרמיי, וואָלט איך איצט געווען אין דער ראָל פון אַ היימישן יינגל, וועמען דער רבי האָט אין מיטן העלן טאָג פרייגעלאָזן פונעם חדר. דאָך בין איך געווען אַזוי אויפגעלייגט, אַז אין דעם מאָמענט איז מיר אַפילו וועגן מיינע זין ניט שווער געווען צו טראַכטן. עס האָט זיך איצט, מער ווי שטענדיק, געהאָפט, אַז עפּעס וועט מיט זיי פּאַסירן און מען וועט זיי ניט אָננעמען אין מיליטער־דינסט. די דאָקטוירים וועלן עפּעס געפינען אַ חסרון.. און אפשר, ביז מען וועט זיי נעמען, וועט גאָר די מלחמה אויפהערן. דאָס געפיל פון באַפרייאונג איז געווען גרויס אין מיר. דער רעגן האָט מיך טאָקע גענעצט, אָבער שוין אַ לאַנגע צייט, אַז איך האָב ניט איינגעאָטעמט דעם גערוך פונעם פעלד. אמת, דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט, אָבער דער האָריזאָנט איז דאָך געווען אומגעווייגלעך ברייט און ווייט. פון יענער זייט וועג, ביי אַ פערטל מייל פון דאָנען איז, אַן אַרומגעצוימטע מיט אַ הויכן פּלויט, געשטאַנען די אונטערנעמונג און אַ לעבעדיקער רויש האָט זיך פון דאָרט געטראָגן אַהערצו.

דער דעלעגאַט איז געקומען. איך האָב זיך דערוואָרט אויף מיין ריי. איך האָב געמאַכט די ערשטע איינצאָלונג אויף אַ יוניאָן־קאַרטל און מען האָט מיך מיט מזל געשיקט אין קעמפּ אַריין אַרבעטן.

ניט אַזוי גרינג איז דאָס צוגעגאַנגען. איך האָב דורכגעמאַכט אַלע פּאָרמאַליטעטן פון אויספּילן עטלעכע אַפּליקאַציעס, ביז נעמען בילדער און מיינע פינגער־צייכנס. און ערשט נאָכדעם האָט מען מיך, אונטער אַ וואך, געשיקט צו „מיין" פאָרמאַן.

דער קעמפּ איז געווען אַ קעניגרייך אין פעלד, פאַר זיך אַליין. צענדליקער געביידעס זיינען שוין דאָ געווען פאַרטיקע מיט די נויטיקע אויפשריפטן אויף זיי. צענדליקער רעשטאָוראַניעס פאַר אַנדערע געביידעס האָבן זיך געזען צעוואָרפענע איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון דעם גרויסן קעמפּ. איבערן נאַסן וועטער האָט מען קיין סך אַרבעטער ניט געזען, אָבער פון ערגעץ האָבן זיך געטראָגן אומאויפהערלעכע קלעפּ פון האַמערס און דאָס פרייילעכע געזאַנג פון זעגן און, ווי אַ היימישער פאַרזינגער, האָט די עלעקטרישע זעג־מאַשין לוסטיק אַלעמען איבערגעזונגען.

מיין גאַרד, אַ גרויסער, שווייגנדיקער נעגער איז געגאַנגען פאַר־

אויס און איך האָב געשפּאַנט הינטער אים. דאָס גערויש פון דער זעג־מאַשין איז געקומען נעענטער.

מיר זיינען צוגעקומען צו אַ קליינער געביידע אָן ווענט, אונטער אַ נידעריקן דאַך. דאָרט איז געווען די זעג־מאַשין. דאָרט איז אויך געווען מיין פאָרמאַן, אַ נידעריקער, שמאָלפּלייציקער מענטש אין די מיטעלע יאָרן. ער האָט מיך גלייכגילטיק באַטראַכט און געהייסן קומען מאָרגן, ווייל היינט רעגנט.

פון שטאָט ביז אין קעמפּ איז געווען דרייסיק מייל און מיין אויטאָמאָביל, וואָס האָט געפירט גראָסערי־באַשטעלונגען, האָט מיך באַדאַרפט פירן אין קעמפּ אַריין. איך האָב אָנגעזאָגט מיין פרוי, זי זאָל צוליב מיר ניט אויפשטיין פאַרטאָג, אָבער זי האָט מיך ניט געפאָלגט. זי איז געווען זייער אויפגערעגט, און ניט נאָר זי, מיינע צוויי קאָלעדזש־בחורים האָבן זיך אַ גאַנצן אָוונט איבערגעקוקט מיט דער מוטער אויף מיין חשבון. איך האָב געזען, אַז זיי באַדויערן מיך. נאָר דער קלענערער, דזשאָזעף האָט געזאָגט, אַז די איבונגען וועלן מיר ברענגען נוצן...

צו מיין גראָסערי פלעג איך דאַרפן אויפשטיין האַלב נאָך פינף. און דאָ האָב איך באַדאַרפט אויף זיין פריער מיט אַ גאַנצער שעה. איך האָב אָנגעשטעלט מיין וועק־זייגער, אָבער איך האָב אים ניט באַדאַרפט. איך בין געשלאָפן זייער אומרואיק און צוויי אַזייגער ביינאַכט בין איך שוין געווען וואַכעדיק. איך האָב מיטגענומען אַ ביסל אַלטע געצייג, וואָס איך האָב שוין יאָרן ניט גענוצט און בין מיט מזל אַרויס אין פינצטערן דרויסן. איך בין אַריין אין גאַראַדזש. די פינצטערניש איז דאָ געווען דורכגעזאַפּט מיטן גערויך פון גומי און גאַזאָלין. איך האָב קוים אָנגעזען די קאָנטורן פון מיין „דאַדזש" און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז „ער" חידושט זיך אויף מיר און אויף מיין בריהשאַפט. איך האָב זיך אַריינגעזעצט אין קאַר און געלאָזט לויפן דעם מאָטאָר. איך האָב אָנגעצונדן די פּראָזשעקטאָרס. דער קליינער, נידעריקער גאַראַדזש איז מיט איין מאָל פאַרפלייצט געוואָרן פון אַ העלן שטראָם ליכט. די וואַנט אַקעגן די ליכטער האָט זיך ווי אָנגעצונדן. איך בין אַרויסגעפאָרן און געזען מיין פרוי בעטי שטיין אין פענצטער. דאָס פענצטער איז געווען העל באַלויכטן און איך האָב זי געזען אַ שמייכלענדיקע און אַזאַ שוועסטערלעכע. זי האָט מיך ניט געקענט זען און זי האָט פאַרלוירן געפאָכעט מיט דער האַנט צו מיר.

— גוד ביי! — האָב איך פריילעך גערופן און אַ לעש געטאָן איין

פּראָזשעקטאָר, ווי איך וואָלט צוגעוואונקען מיט אַן אויג. איך האָב אים גלייך צוריק אַנגעצונדן און אַרויס אין גאַס.

איך בין ניט געווען זיכער, צי איך ווייס דעם וועג אין קעמפּ אַריין, אָבער איך האָב געהאָפּט, אַז איך וועל טרעפן. דער וועג איז, ווי אַלע אַנדערע וועגן, אַ נומערירטער און בלאַנדזשען וואָלט געווען אוממעגלעך.

שטיל זיינען געווען די פּאַרטאַגיקע שטאָטישע גאַסן און, הגם די גאַסן־לאַמפּן זיינען געווען פּאַרטונקלט, האָבן זיי אויסגעזען מער ליכ־טיק ווי אַלע מאָל. אויטאָס זיינען שוין געלאָפן פאַר מיר און הינטער מיר און אייניקע פון זיי זיינען אין פעלד אַרויף אויף מיין וועג. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען טאַקע געפאָרן אין מיין קעמפּ. פון די פינצטערע קאַרס האָבן אַרויסגעבליקט גליענדיקע פּייערלעך פון סיגאַרעטס. עס האָט זיך געהערט אַ הויך רעדן און אַ הוסטן. די פינצ־טערניש ביי בײדע זייטן וועג האָט זיך געוויגט אין צוויי וואָלקנדיקע וואָקלענדיקע ווענט. די פּראָזשעקטאָרס האָבן די פינצטערניש געטריבן אין בײדע זייטן און ווען איך האָב אַריינגעקוקט אין מיין שפּיגעלע אין קאַר איבער מיין קאָפּ, האָב איך געזען ווי די פאַנאַנדערגעטריבענע פינצטערניש האָט זיך צונויפגעגאָסן, ביז אַ קאַר איז הינטער מיר אָנ־געלאָפן און זי ווידער געיאָגט אויף די זייטן וועג.

שלעכט איז געווען מיט די אַנקומענדיקע פּראָזשעקטאָרס פון אַקעגן. אַלע ווײַלע האָט זיך די פינצטערניש אין דער ווייט דורכגענומען פון אַ געלבלעכער ציטערדיקער שיין. זי איז געוואָרן שטאַרקער און העלער, און שמעלער, און שאַרפער. און באַלד האָבן אויפגעבליצט צוויי פּראָ־זשעקטאָרס גלייך אין מיינע אויגן אַריין. איך האָב געניצט דעם ליכט־שיצער, אָבער עס האָט מיר דאָך געשטערט צו זען. יעדן מאָל, ווען אַן אַנטקעגנדיקע קאַר איז דורכגעפאָרן און די פינצטערניש האָט פאַרפלייצט דאָס אַנטלויפנדיקע שאַרפע ליכט, האָב איך פרייער אָפּגעאָטעמט. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך פאַר מיר שוין ווידער געזען דאָס געלבלעכע ציטעריקע ליכט פון אַן אַנדער קאַר . . .

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מיין זייגערל. עס איז געווען האַלב נאָך פינף. ערשט צוואַנציק מינוט, אַז איך פאָר. איך האָב געזוכט דאָס ליכט פונעם אַנקומענדיקן טאָג. איך האָב עס שוין, דאַכט זיך, געפילט, אָבער געזען האָב איך עס נאָך ניט. אין אַ פופצן מינוט אַרום האָב איך באַמערקט אַן ענדערונג אַרום מיר. אַ ווינט האָט זיך אַריינגעריסן אין מיין קאַר. איך האָב געקוקט פאַר זיך און געזען, ווי אַ וואָלקן איז צע־

ריסן געוואָרן און עטלעכע שטערן האָבן שוואַך אויפגעפינקלט. אַ קאַר האָט מיך שנעל איבערגעיאָגט און אַ פונק איז פון דאָרט אַריין צו מיר.

— העי! — האָב איך מיט פאַרדראָס אויסגעשריען און אַ ווידער־קול האָט מיר אָפּגעענטפערט.

די שטערן האָבן אָנגעהויבן זיך צו בלייכן. די פינצטערניש איז געוואָרן שיטערער. דער ווינט האָט זיך געשטאַרקט. איך בין געפאָרן צו דרום. לינקס האָט דער הימל ביי דער ערד זיך געליכטיקט.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז געוואָרן טאָג. איך האָב זייער געוואָלט זען דעם זון־אויפגאַנג אין פעלד, אָבער היינט איז די זון געווען אונטער אַ שווערן וואָלקן.

איך בין צוגעפאָרן צום קעמפּ, באַזאָרגט מיין קאַר און אַוועק אַהין, וואו איך האָב באַלאַנגט.

אויף אַ רונד שטיקל בלעך האָב איך שוין געהאַט מיין פאָטאָגראַפיע מיט מיין נומער. איך האָב זיך געשטעלט אין ריי ביים פענצטער פונעם אָפיס און מען האָט מיך איינגעשריבן, אַז איך, ניט דער גראָסערימאַן, מיסטער זיסקינד, נאָר דער קאַרפּענטער, מאָזעס זיסקינד בין באַשטימט צום פאָרמאַן טשאַרלס אָקאָנאָר צו אַרבעטן אונטער זיין אויפזיכט פון אַכט אין דער פרי ביז האַלב נאָך זעקס אין אָוונט.

— טשאַרליס גענג היר! — האָט עמעצער מיט אַ געזונט קול אויסגערופן. איך האָב זיך אומגעקוקט און דערזען טשאַרלין און לעבן אים אַ הויכן ליכטיק־האָריקן מאַן אין די דרייסיקער. ער האָט אַ וואונק געטאָן צו מיר. איך בין צוגעקומען און ער האָט מיט די גרויע לאַכנדיקע אויגן אָנגעוויזן אויפן פאָרמאַן.

דער קליינער שטשופּלע פאָרמאַן האָט מיך באַטראַכט מיט זיינע גלייכגילטיקע אויגן און מיר דערלאַנגט אַ קיבעץ:

— און איר, הייסט עס, האָט געזאָלט זיין אַ קאַרפּענטער...

די אַרבעטער האָבן פונעם פאָרמאַנס חכמה געלאַכט און איך האָב פאַרלוירן געשמייכלט.

— לאָסי — האָט דער פאָרמאַן זיך געווענדט צו איינעם פון די אַרבעטער — נעם דעם מאַן זיך, צו די קלעצער.

צו מיר איז צוגעגאַנגען לאָסי און אַ בורטשע געטאָן: „אָלרייט".

איך האָב באַטראַכט לאָסי'ן. ער איז ניט געווען קיין סך העכער פונעם פאָרמאַן, נאָר מאָגערער. אין דער אמתן האָט ער געמאַכט אַן

איינדרוק, ניט פון אַ מאָגערן מענטשן, — נאָר פון אַן אויסגעטרוקנטן און אַ דורכגעברענטן פון זון און ווינט. אַפילו אין זיינע טונקל־גרויע אויגן איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן דער קילער אָטעם פון פעלדיקן ווינט. ער האָט אויסגעזען אין די פריִע פערציקער, אָבער זיין שמאָלע פלייצע איז געווען געבויגן, די אָרעמס זיינע זיינען געווען אומגעווייִנלעך לאַנג און די פינגער פון זיינע שטאַרק־פאַרברענטע, שיִר ניט שוואַרצע הענט, זיינען געווען אויסגעקרומט און גרעבער אַרונטערצו, צו די שוואַרצע, ווי אויסגעביסענע נעגל.

— קאַמאַן — האָט ער מיר געזאָגט. איך בין אים נאָכגעגאַנגען און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער גייט צו פּאַמעלעך, ווי ער וואָלט אויס־גערעכנט, עס זאָל געדויערן וואָס לענגער. אין מיטן וועג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און פאַררייכערט זיין ליולקע. ער האָט אַלץ געטאָן מיושבדיק. אויף מיר האָט ער אַפילו קיין קוק ניט געטאָן. נאָר ווען ער האָט שוין ענדלעך פאַררייכערט, און זיך געלאָזט ווייטער שפּאַנען, האָט ער געפרעגט:

— איר רויכערט ניט?

— יאָ, — האָב איך זיך דערפרייט און פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס.

— פוי — האָט לאַסי געזאָגט — סיגאַרעטס!... איך קאָן זיי ניט ליידן. חוץ אַ הוסט וועסטו גאָרניט האָבן פון זיי. — אָט דאָס איז אַ רויכעלקע! — האָט ער אויסגערופן און אויפגעהויבן זיין ליולקע — אי סע דאַרף ניט קיין פּאַפּיר אי סע גיט דיר ניט קיין האַרץ־ברעכעניש. נאָר שוועבעלעך פרעסט עס, אָ, פרעסט עס! איך בין אַלע מאָל אָנגעלאָדן מיט שוועבעלעך. איך זאָל זיך כאָטש ווען עס איז ניט אָנצינדן.

— גאָט באַהיט! — האָב איך געזאָגט.

— ער איז אַלרייט, ער היט מיך. — ער האָט זיך פאַרצויגן און ווידער שטיל געבליבן. איך בין געגאַנגען הינטער אים און געפּרואווט טרעפן, וואוהין ער פירט מיך. ערשט ער האָט מיך געבראַכט צו אַ קליי־נינקער געביידע, וואו מען האַלט דאָס געצייג. ער האָט מיר געהייסן אי־בערלאָזן מיינע זאַכן מיטן עסן אין דער געביידע און אים ווייטער נאָכפאָלגן.

ער האָט פון דער וואַנט אַרונטערגענומען אַ גרויסע זעג מיט צוויי הענטלעך און מיר זיינען צוריק אַרויס אין דרויסן. און ווידער זיינען מיר אַוועק אין פעלד.

די פרימאָרגן־זון איז אַרויס פון הינטערן וואַלד, און דאָס גאַנצע

פעלד אַרום האָט אויפגעלויכטן מיט אַזאַ פריילעך ניי ליכט, וואָס קאָן נאָר זיין אין פעלד, ווען מען האָט עס שוין יאָרן לאַנג ניט געזען.

— וואָס וועלן מיר טאָן מיט דער זעג? — האָב איך געפרעגט.

— שניידן צווייגן ביי צוועלף.

— צוועלף ביי צוועלף?! — האָב איך זיך געחידושט.

— איר האָט ניט געהערט? — האָט לאַסי בייז געפרעגט.

— יאָ, איך דערהער ניט אַ ביסל... — האָב איך געזאָגט.

לאַסי האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און מיך באַטראַכט.

— און איר גייט בעסער צו אַ דאָקטאָר, פאַרלאָזט עס ניט — האָט ער מיר געראָטן. — אַזאַ זאַך טאָר מען ניט פאַרלאָזן.

מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען גרויסע סטאָסן מיט פאַרשיידנערליי ברעטער און קלעצער. לעבן איין סטאָס ברעטער האָב איך דערזען אַ פּאָר היימישע מענטשן. זיי האָבן מיך פריילעך געגריסט און איך האָב זיי געענטפערט.

— איר זענט אַ ייד? — האָט מיך לאַסי געפרעגט.

— יאָ, — האָב איך ניט זיכער געענטפערט.

— זיי זיינען דאָ פאַראַן אַ סך, גאָר אַ סך — האָט לאַסי געזאָגט. ער האָט באַלד אָנגעוויזן אויף אַ באַרג שווערע, טונקעלע, פירעקדיקע באַלקנס: — אָט איז עס.

איך בין געווען אומרואיק: ביז איצט האָב איך געטראַכט, צי וועל איך געפעלן לאַסין ווי אַן אַרבעטער, איצט האָב איך זיך געזאָרגט, טאָמער האָט ער עפּעס קעגן מיר, ווי קעגן אַ יידן. זאָל ער זיך פּרוּוון מיט מיר אָנפאַנגען. איך בין ניט קיין שיפע זיבעלע. איך לייען אַ יידישע צייטונג יעדן טאָג. איך לייען אויך ענגליש. מיין סאָסייעטי, וואו איך באַלאַנג, ברענגט אַרונטער ניט נאָר אונטערהאַלטער, נאָר אויך גרויסע יידישע געלערנטע, שרייבער און בכלל מענטשן פון וויסן. איך ווייס ווער איך בין און איך בין גרייט אָפּצושלאָגן אַלע בלבולים. אַנו, אַנו, לאַסי, לאָמיר זען. איך בין געווען גרייט צום געפעכט און נאָר געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט. איך האָב פאַרגנבעט געכאַפּט אַ קוק אויף דעם מאָגערן אויסגעאַרבעטן מענטשן און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער האָט פאַרגעסן אָן מיר. פּאַמעלעכן האָט ער געריינקט זיין ליולקע און זי ווידער פאַררויכערט. נאָכדעם האָבן מיר ביידע געזוכט צוויי קאָזלעס. נאָכדעם האָבן מיר מיט גרויס מי אַרויפגעלייגט איינעם פון די זעכצנפוּ־

סיקע באַלקאָנס אויף די קאָזלעס און זיך גענומען צו דער אַרבעט. די גאַנצע צייט האָט מיך לאָסי געלערנט זיך ניט צו איילן.

„דאָס וואָרפּט ער מיר אויף — האָב איך געטראַכט — מיין יידיש כאַפּעניש. וועל איך אים ווייזן...״

— איך זענט דאָך אַלרייט, — האָט ער געזאָגט, און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער וועט באַלד זאָגן: „אַבי איך האָב געמיינט, אַז אַלע יידן כאַפּן...״

— יאָ, — האָב איך זיך קוים באַמיט צו רעדן געלאַסן — איך האָב מיר ליב פּאַמעלעכן. אַז מען אַרבעט פּאַמעלעכן — האָב איך געשפּאַסט, — לעבט מען לענגער.

— דעטסרייט! — איז לאָסי געווען צופרידן.

אָבער פון מיין אַרבעט איז ער געווען אַנטוישט. מיין קליינע זעג האָב איך נאָך ווי עס איז געקענט באַהערשן, אָבער אָט די גרויסע, שווערע זעג מיט די צוויי שטעקלדיקע הענטלעך איז ניט געווען פאַר מיינע הענט. זי האָט זיך ווי אַ שכורע געוויגט, מיך געשלעפּט און מיין שכן געשטערט.

— סעי — האָט ער מיך פאַרהערט — האָט איר אַמאָל געהאַלטן אַ זעג אין דער האַנט?

— ניט אַזאַ מין, — האָב איך זיך מודה געווען.

לאָסי האָט בייז געסאָפּעט מיט דער דינער נאָז און געזאָגט:

— איר פאָלגט נאָר מיך, וועט שוין זיין אַלרייט.

— איך וועל פאָלגן.

— יו בעטער! — האָט ער מיך שטרענג געוואָרנט.

איך האָב באַשלאָסן אים לאָזן פירן די זעג לויט זיין ווילן און לויט זיין שוואונג און איך זאָל זיך אויסלערנען אַריינצופּאַסן זיך אין זיין טאַקט. אויב דאָס וועט געשען, אויב דאָס וועט זיך מיר איינגעבן, וועלן מיר דערגרייכן די נייטיקע האַרמאָניע: אונדזערע כוחות וועלן זיך פאַר־טאָפּלען און די אַרבעט וועט אָפּגעטאָן ווערן.

איך האָב זיך איבערגעגעבן דעם האַסט פון מיין שותּף באַוועגונ־גען. תּחילת איז עס מיר געווען שווער. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז מיין ווילן טוט זיך אָפּ פון מיר, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט ניט גע־שטאַנען אויף מיינע פיס און ניט באַוועגט מיט מיינע הענט. דאָס דאָזיקע געפיל האָט פאַרמינערט מיינע כוחות. די קני האָבן מיר געציטערט, די מוסקולן פון מיינע אָרעמס זיינען דורכגענומען געוואָרן פון אַ שאַרפן ווייטיק. די פינגער פון מיינע ניט־זיכערע הענט האָבן קוים איינגעהאַלטן

דאָס הענטל פון דער זעג, וואָס האָט זיך געוויגט פּאַראויס און צוריק. מיין פּלייצע איז מיר נאָס געוואָרן. באַלד האָט מיין שטערן אָנגעהויבן צו שוויצן. דער שוויס איז מיר גערונען אין די אויגן. איך בין געוואָרן פאַרצווייפלט... אָט נאָך אַ ווײַלע — און איך וועל פאַלן. זאָל מען מיך אָפּזאָגן, זאָל מען מיך פריילאָזן צוריק אַהיים צו מיין גראָסערי, צו מיין שטילער, ליבער, רואיקער היים. איז דאָס אַן אַרבעט פאַר מיר? אין פאַרצווייפלונג, אין געבעט האָב איך אויפגעהויבן מיינע אויגן צו לאָסין. ער האָט מיך ניט געזען. זיין קליין, שאַרף פּנים איז געהאָנגען איבער דער זעג און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז געוואָרן איינס מיט איר. ער האָט גאָרניט געשוויצט! ס'אַראַ גבורה עס שטעקט אין אָט דעם אויסגעטרוקנטן מאַן! איינס צוויי, איינס צוויי! וואו נעמען זיך צו מיר נאָך כוחות? אָבער די זעג בייסט זיך איין טיפער און טיפער אין האָרטן האָלץ אַריין. זי קאָן זיך שוין מער ניט וויגן, ווייל זי איז פאַרקלעמט אין האָלץ. איצט דאַרף מען נאָך שלעפּן און וואָס לייכטער מען האַלט דאָס הענטל, אַלץ בעסער גייט די זעג.

— עס גייט בעסער און בעסער — זאָגט מיטאַמאָל לאָסי — און מיין האַרץ קלאַפּט אויף פון פרייד און גוטסקייט. מיינע אויסגעשעפּטע כוחות ווערן ווי ניי געבוירן. זיי קומען צו מיר צוריק. איך שטאַרק זיך און שלעפּ די זעג און איך באַשליס, אַז איך זאָל אַפילו פאַלן, וועל איך דאָס הענטל פון מיין האַנט ניט אַרויסלאָזן. איך מוז באַלד זען אָט דעם שווערן, אומגעלומפּערטן קלאָץ צעשניטן אויף צווייען און דאַן וועל איך טריאומפירן!

אָבער דאָ הערט לאָסי אויף צו שלעפּן און זאָגט:

— עס איז אומניצלעך זיך אַליין אָוועקצוהרגענען. — ער האָט מיך באַטראַכט און מיט רחמנות געזאָגט: — און איר שוויצט עס אַ ביסל! אָבער — האָט ער מיר פאַרזיכערט — איר וועט זיין אַלרייט.

— איך האָף אַזוי, — האָב איך מיט בטחון געזאָגט.

מיר האָבן פאַררויכערט און גערוט היפּשע עטלעכע מינוט. איך בין געווען זייער דאַנקבאַר מיין שותף און איך האָב אים געזאָגט:

— איר זענט אַ גוטער לערער.

לאָסי האָט אַ שמייכל געטאָן צופרידן און געזאָגט:

— איר טוט נאָר, וואָס איך זאָג אייך, וועט איר זיין, וועט איר אַלע מאָל זיין אַלרייט.

— איך וועל טאָן, — האָב איך געענטפערט.

— טהעט׳ס טהי מען! — האָט ער מיך דערמוטיקט און מיר האָבן זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט. איך האָב איצט געהאַט דאָס געפיל, אַז איך וואַקס... ניט נאָר ווער איך שטאַרקער, נאָר אויך פאַרשטענדי־קער און ניט נאָר מיין קאָפּ באַנעמט איצט מער דעם קונץ פון זעגן, נאָר מייַנע הענט, יעדער פינגער ווערט עפּעס אַזוי ווי קלוגער. זיי וויסן וואָס ווייטער, אַלץ מער ווי אויסצובייגן זיך, וואו נאָכצולאָזן. מיט אַזאַ חכמה וועל איך ווייט אַוועק. נאָר ניט פאַרלירן דעם מוט. אמת, צום סוף פון דער וואָך זיינען נאָך פאַרבליבן שיר ניט גאַנצע זעקס טעג (ווייל איך אַרבעט ערשט צוויי שעה) אָבער נאָכן זעקסטן טאָג וועל איך אָפּ־נעמען אַ געהאַלט — לאָ׳מיך נאָר אַ רעכן טאָן — אַ פינף, זעקס און ניינציק דאָלער און אפשר טאָקע אַלע הונדערט.

יאָ, איך האָב שוין באַצייטנס געטראַכט וועגן אַ צוקונפט, נאָר ביים עסן האָט מיר לאַסי פאַרשטערט מיינע חלומות:

— ווייסט איר כאָטש — האָט ער געזאָגט — אַז איר קריגט די זעלבע שכירות, וואָס איך?

— איך ווייס — האָב איך שולדיק צוגעגעבן.

— איר וועט כאָטש קויפן אַ באַנד? — האָט ער מיך געפרעגט. מער האָט ער ניט באַדאַרפט... איך האָב אים שוין דערציילט, ווי מיר רייסן שטיקער פון זיך און קויפן באָנדס סיי אין דער היים, סיי דאָרט, וואו איך באַלאַנג. איך האָב אים שוין אויך דערציילט, וועגן מיינע צוויי זין, וואָס דאַרפן היינט־מאָרגן גענומען ווערן אין מיליטער־דינסט. לאַסי האָט געהערט און געשוויגן.

און איך האָב גערעדט און גערעדט און האָב אַלץ געוואָלט וויסן, צי גלויבט ער מיר. אָט אין וואָס מיר איז געגאַנגען. טאָמער גלויבט ער מיר ניט, וועט עס דאָך מיינען, אַז איך בין אַהער געקומען מיטן איינ־ציקן ציל צו מאַכן געלט און דאָס לאַנד, מיין לאַנד, וואָס האָט מיך גע־מאַכט פאַר אַ מענטשן און אויף די פיס געשטעלט, גייט מיר גאָרניט אָן. איך האָב גערעדט און לאַסי האָט געשוויגן. ענדלעך איז ער אַרויס מיט לשון:

— וועל, עס זעט אויס, אַז איר פאַרשטייט דעם ענין בעסער פון מיר.

— וואָס מיינט איר? — האָב איך זיך געחידושט.

— אָט איר ווייסט, צוליב וואָס מען דאַרף קויפן די באָנדס און

איך דענק, אַז זיי וואָלטן זיך געקענט באַגיין אָן מיינע אָרעמע פּאָר דאָלער.

— איר שפּאַסט? — האָב איך מיט אומצוטרוי געפרעגט.

— לייק העלל, אַי דו! — האָט ער מיט כעס געזאָגט. — דעם זון האָבן זיי ביי מיר צוגענומען און פון מיין ייִנגערן ברודער ווייס איך שוין באַלד צוויי חדשים ניט. איז דאָס ניט גענוג פאַר זיי?

— איר האָט שוין אַ זון אין דער אַרמיי?

— איך בין שוין ניט אַזוי יונג.

— איר זעט נאָך אויס גאַנץ יונג.

— אָ, יע?... האָט ער געזאָגט און צוגעוואונקען מיט איין אויג. דערפון איז דאָס צווייטע אויג געוואָרן גרעסער ווי געווייגלעך, גרעסער און גרינער. — וועלל, — האָט ער צוגעגעבן, — איך גלויב, אַז איר פאַרשטייט דעם ענין און אַז מען דאַרף קויפן באָנדס, וועל איך קויפן. צום טייוול דערמיט, אַבי פּטור ווערן פון דער מלחמה.

אין פאַרלויף פונעם טאָג האָט מיר לאָסי נאָך אַריינגעקיבעצט. ער האָט מיר, למשל, געזאָגט, אַז רעדן איז מיר גרינגער ווי אַרבעטן, אָבער איך האָב געזען, אַז איך בין אויסגעוואָקסן אין זיינע אויגן און אויף מאָרגן האָט ער מיר, אויף זיין שטייגער, געמאַכט אַ קאָמפּלימענט:

— מאַזעס, יו׳ר גאָד דעמנד גוד!

איך האָב זיך שוין באַלד צוגעוואוינט צו דער זעג און זי איז ביי מיר געגאַנגען אַ גאַנג. אמת, אין אָוונט בין איך נאָך אַלץ געווען מיד און אַלע ביינער האָבן מיר געבראָכן, אָבער איך האָב זיך שוין מער ניט געשראָקן, ניט פאַר דער אַרבעט און דערהויפּט — ניט פאַר לאָסין און פאַר זיין מיינונג וועגן מיר. מיר זיינען געוואָרן גוטע פריינט.

מיר האָבן געציילט די טעג פון דער וואָך. ענדלעך איז געקומען דער לעצטער טאָג, דער טאָג פון קריגן די שכירות. מיר זיינען ביידע געשטאַנען אין דער ריי. לאָסי האָט, ווי אַלע מאָל, געשוויגן, ביז ער האָט מיך דערזען אַריינלייגן מיין געלט אין קעשענע. ער האָט צו מיר צוגעוואונקען און געפרעגט:

— וואָס וועט איר טאָן מיטן געלט?

— אָט האָב איך אים אָפּגעגעבן חשבון — איך וועל קויפן אַ באָנד, צוקויפן אַ ביסל געצייג, געבן דער ווייב אויף הוצאות און דאָס איבערי־קע אָפּשפּאָרן אויף אַ רעגנדיקן טאָג.

— און איך קען ניט — האָט ער זיך שולדיק מודה געווען. —

דאָס ערשטע נעם איך אַ טרונק... צום גליק איז די מאַמע אַ ניכטערע און גיט אַכטונג אויף מיר.

— די מאַמע ? ! — האָב איך זיך געחידושט...

— אָ, זי איז מיר בעסער, ווי אַ מאַמע ! — האָט ער געזאָגט און איך האָב שוין פאַרשטאַנען, אַז ער מיינט זיין ווייב.

— זי איז שטרענג צו איך ? — האָב איך געפרעגט.

— אָ, באָי ! זי, אַז זי טוט נאָר אַ בליק אויף מיר, ווייסט זי שוין, וואָס ביי מיר אין האַרצן טוט זיך. זי וועסטו ניט אָפּנאַרן. איר דאַרף איך אָפּגעבן חשבון !

טשאַרלי אָקאָנער איז צוגעקומען און אונדז געזאָגט, אַז ווער עס וויל, קאָן זיך באַלד שטעלן ביים צווייטן פענצטערל — ער האָט אונדז אָנגעוויזן — און קויפן אַ באָנד. איך בין באַלד צוגעגאַנגען. לאָסי האָט געציילט און געציילט זיין געלט. ער איז געווען בייז און געסאָפּעט מיט דער נאָז. ענדלעך האָט ער זיך געשטעלט הינטער מיר.

---

אַהיים בין איך געפאָרן אַן אויפגעלייגטער, אַ גרויסער פאַרדינער און מיטן געפיל פון אַ פּאַטריאָט, וואָס האָט בייגעשטייערט צו דער גי־גאַנטישער מלחמה־אויסבערענגעריי. אָבער ווען איך בין אַריינגעקומען אין הויז, האָב איך געטראָפן מיין פרוי אין בעט, מיט אַן אַרומגעבונדענעם שטערן און פאַרוויינטע אויגן, רויטע פון טרערן. דזשערי ווערט גע־רופן אין מיליטער און דזשאָזעף וויל זיך אָנשליסן פרייוויליק. דזשערי, האָט מיר מיין פרוי וויינענדיק דערציילט, האָט אַ קיבעץ געטאָן דעם יינגערן ברודער, אַז ער בלייבט אין דער היים, ווי אַ בייבי, האָט דזשאָ־זעף געענטפערט: „און איך וועל ניט וואַרטן, ביז מען וועט מיך קומען נעמען !״ הכלל, ער איז אַן אויפגערעגטער אַוועק און זיך פרייוויליק אַריינגעגעבן אין דער אַרמיי און נאָך ווי אַ לופט־פליער דערצו.

מיין פרוי איז געווען פאַרצווייפלט. מיר איז געווען זייער שווער צו שיידן זיך מיט מיינע זין, אָבער זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז מיין ערשטער געדאַנק איז געווען: לאָסי. מאָרגן וועל איך אים שוין האָבן וואָס צו דערציילן.

וואָס ביי אונדז אין הויז האָט זיך יענעם אָוונט אָפּגעטאָן ! ניט נאָר איך און מיין פרוי האָבן גערעדט איבער דזשאָזעפן, אַפילו דזשערי האָט געפּרואווט ווירקן אויף אים, ער זאָל זיך ניט איילן מיטן מיליטער־דינסט. עס האָט ניט געהאָלפן. דער עלטערער זון מיינער האָט זיך געפילט

שולדיק. ער האָט אַ רוף געטאָן דעם ברודער אָן אַ זייט און אים געזאָגט: „אויב עפּעס וועט פּאַסירן מיט דער מאַמען, ביסטו פאַראַנטוואָרטלעך". דזשאָזעף האָט זיך, אָן אויפגעקאָכטער, געוואָרפן שלאָגן. מיר האָבן זיי קוים צענומען... עס איז שוין געווען איינמאָל אָן אָוונט, פרעגט ניט...

אויף מאָרגן האָט לאָסי דערקאָנט אויף מיר, אַז עפּעס איז ניט גלאַט.

— יו לוק קיינד אָוו פּאַנני, — האָט ער מיר געזאָגט. און איך האָב אים דערציילט מיינע צרות.

— האָט איר דאָך גוטע בחורים, — האָט ער פריילעך גערעדט און נאָר אויף דער מוטער האָט ער רחמנות געהאַט. — נו, האָט ער מיך געטרייסט — איר וועט זיך דאָ אַרבעטן, אָפּשפּאָרן געלט און עפענען אַ קרעמעלע, אַ גראָסערי, צי אַ קענדי־סטאָר און איר וועט לעבן רואיק מיט אייער מאַמען. יידן האָבן שכל צו לעבן.

איך האָב אַ שטום־געוואָרענער, אָבער אַ דערוואַכטער, געקוקט אויף לאָסין. ער האָט מיך שוין באַשטאַט, באַזאָרגט. „לאָסי! — האָב איך געוואָלט אויסשרייען — איך בין נאָר וואָס פּטור געוואָרן פון אַ גראָסערי. מיין געשעפט האָט מיך קראַנק געמאַכט, מיין פרוי האָט באַקומען געשוואָלענע פיס. ווען מיר פלעגן דערזען דעם הורטאָוונע איינמאָנער, פלעגן מיר זיך ביידע דערשרעקן. איצט בין איך געזונט, מיין קאָפּ דאַרט מיר ניט. איך האָב אויפגעלעבט".

— ניין, לאָסי — האָב איך געזאָגט אַ האַלבן ליגן — אַ קאַרפּענטער בין איך געווען און אַ קאַרפּענטער וועל איך שוין פאַרבלייבן!

— אַזוי האָב איך טאַקע געגלייבט. — און פאַרן געלט, וואָס איך וועל אָפּשפּאָרן, וועל איך אויסבויען אַן אייגענע דירה.

— ניין, מאָזעס, איך האָב מורא, אַז איר נאַרט מיך. אַרבעטן איז שווער. אַ קרעמעלע איז גרינגער. אַ נאַר, נאָר אַ גולם אַרבעט שווער. און, לויט ווי איר רעדט, זענט איר ניט קיין נאַר.

— זאָג איך אייך, אַז איך וועל בויען אַ הויז, נאָך מיט אַן אייגענעם גאָרטן!

מער האָט לאָסי זיך מיט מיר ניט געשפּאַרט. איך האָב געזען, אַז רייד וועלן מיר ניט העלפן. ווי אַזוי אים איבערצוצייגן, האָב איך ניט געוואוסט, האָב איך געזאָגט: לאָמיר זיך וועטן!

— עס איז אַ געוועט! — האָט ער געזאָגט.

וואָס הויז, ווען הויז — דער קאָפּ איז מיר געווען ביי מיין היים. איך האָב ניט געקענט פאַרגעסן בעטי׳ס רויטע, פּאַרוויינטע אויגן. און מיינע צוויי זין זיינען מיר מיטאַמאָל אַזוי נאָענט געוואָרן, גאָרניט ווי דערוואַקסענע מענטשן, נאָר ווי זיי וואָלטן קליינע ברעקעלעך יינגלעך געוואָרן, וואָס לויפן אום אין אונטערוועש און זייערע גלידער זיינען אַזוי צאַרט! איך שעם זיך, אָבער איך האָב געוואָלט וויינען. בלייבן אָן די זין אין הויז? ווי אַזוי איז עס מעגלעך? און דאָך האָב איך אָנגענומען דאָס געוועט און דער געדאַנק איז מיר גאָרניט אויסגעקומען קרום... איך האָב ערנסט אָנגעהויבן צו טראַכטן פון אָן אייגענער הויז מיט אַ גרויסן גאָרטן. אָט דער גאָרטן האָט מיך אינגאַנצן געפאַנגען. איך האָב די צווייטע וואָך פאַרדינט מער ווי הונדערט דאָלער. מיין קאַפּיטאַל איז געוואַקסן. די דריטע וואָך האָב איך פאַרדינט נאָך מער. דערווייל זיינען נאָך ביידע זין געווען אין דער היים. איך און מיין פרוי האָבן זיך ביס־לעכווייז באַרואיקט און איך האָב איר פאַרטרויט מיין פּלאַן וועגן אָן אייגן הויז מיט אַ גרויסן גאָרטן דערביי.

בעטי האָט מיך באַטראַכט מיטן בליק פון אָן עלטערער שוועסטער.

— אם ירצה השם, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן. — האָט זי מיר געזאָגט.

— דו ווייסט דאָך, טייערע, אַז איך האָב אַלע מאָל געטרוימט וועגן דעם. אַלע מיינע יאָרן האָב איך געטאָן ניט דאָס וואָס איז מיר ליב. איך ווייס, איצט איז ניט די צייט פאַר נייע פּלענער און נייע אונטערנעמונגען, אָבער כאָטש אָן אייגן ווינקל און אַ גאָרטן אַ גרויסן, שיינעם גאָרטן! האַ, וואָס זאָגסטו, בעטי?

— איך וועל זיך מיט דיר ניט שפּאַרן, — האָט בעטי געענטפערט, — אָבער דיין גאַנצע אידייע קוקט מיר אויס ניט אין צייט און ניט אויפן אָרט.

מיר איז ניט אָנגעשטאַנען צו דערציילן מיין פרוי וועגן דעם גע־וועט, וואָס איך האָב געהאַט מיט לאַסי׳ן. איך האָב געהאַט פאַרדראָס אויף זיך און האָב זיך צעשריגן אויף בעטי׳ן.

— וואָס איז יאָ אין צייט און וואָס איז יאָ אויפן אָרט? דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס און — אַלץ אַרום איז ניט אין צייט און ניט אין פּלאַץ! איז די מלחמה אין פּלאַץ? איז דאָס גאַנצע לעבן ביז דער מלחמה געווען אויפן ריכטיקן אָרט? און דאָס וואָס איך ברענג אַהיים יעדע וואָך מער ווי הונדערט דאָלער איז גוט? און דאָס וואָס מיר דאַרפן בלייבן אָן די

זין איז אין צייט ? בעטי, איך ווייס אַליין ניט, וואָס איך וויל. איין זאַך פיל איך, אַז איך וויל אַ ביסל רו. און אַ גאָרטן, אַ גרויסער, שיינער גאָרטן הינטער מיין אייגן הויז וועט מיר און דיר גיבן רו. לאָמיר פאַר אונדזער געלט קויפן אַ קאַפּיטשקע רו!

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך וועל זיך מיט דיר ניט שפּאַרן — האָט בעטי ווידער אָפּגעענטפערט.

איצט איז מיר שוין דער געוועט ניט אָנגעגאַנגען, ווייל איך האָב געפילט, אַז איך האָב אַלע מאָל געגאַרט נאָך רו און נאָך אַן אַנדער סאָרט לעבן, ווי איך האָב געפירט.

דער געשפּרעך צווישן מיר און בעטין איז פאָרגעקומען אין אָוונט, נאָך אַ לאַנגן טאָג פון אַרבעט. עס איז געווען הייס און שטיקעדיק. איך בין געווען מיד און איך האָב מער ניט געוואָלט רעדן. איך האָב אין דעם מאָמענט געטראַכט וועגן באַלדיקער רו אויף מיין געלעגער און מאָרגן, אויפן וועג צו דער אַרבעט וועל איך אַלץ באַטראַכטן און אַרומטראַכטן. אָבער איך בין געווען אומרואיק און ניט געקאָנט איינשלאָפן. די זין זיינען נאָך ניט געווען אין דער היים. אַלע מאָל זיינען זיי פאַרנומען ביז שפּעט אין אָוונט. איצט איז ערשט געווען האַלב נאָך ניין. איך בין געלעגן און האָב געהערט, ווי בעטי האָט זיך אין קיך געפּאָרעט מיטן געשיר.

„אַ קאַפּעטשקע רו!” האָב איך פריער מיט אַ ווילדע געשריען צו בעטי׳ן. וועט מיר דער גאָרטן געבן רו? גייט עס דען נאָר אין דעם גאָרטן? צי גייט עס גאָר אין מיר אַליין? נו, אָט למשל, בין איך ניט געווען צופרידן מיט דער גראָסערי און איך פיל זיך איצט אַ סך געזונטער ביי מיין אַרבעט. אָבער דאָס איז דאָך בלויז אַ צופאַל, אַ בלוטיקער צופאַל. די הונדערטער וואָס איך קריג, זיינען דאָך איינגעטונקען אין בלוט פון אונדזערע קינדער אויף די מלחמה פראָנטן! אַרבעט איז בעסער און נוצלעכער פון געשעפט. אמת, איך פיל עס איצט אין מיינע ביינער. שוין יאָרן, ווי איך האָב ניט געגעסן מיט אַזאַ אַפּעטיט, ווי איצט און אַז איך שלאָף זיך אויס, פיל איך זיך יעדן טאָג אָפּגעפרישט. אָבער אין דער אמתן איז דאָס אויך אַ ליגן: עס איז ניט אַזוי די אַרבעט, ווי דאָס ניט אַרבעטן, ווייל אין קעמפּ אַרבעטן מיר אַלע אויסערגעוויינלעך לייכט און געלט קריגן מיר פאַר טאָפּעלער אַרבעט און נאָך 48 שעה אַרבעט, באַקומען מיר פופציק פּראָצענט הוספה, פאַרוואָס קומט דאָס אונדז? און איך בין דאָך גאָרניט קיין קאַרפּענטער. איך ווייס דאָך דעם

אמת. און איך ווייס אויך, ווי דער אַרבעטער ווערט באַלוינט אין פרידלעכע צייטן. וויפל אַרבעטער, שווערע, גוטע אַרבעטער האָבן געמוזט אָנקומען צו מיר, איך זאָל זיי באַרגן שפּיין? זיי האָבן זיך ניט געפּוילט צו אַרבעטן. זיי זיינען ניט געווען קיין געשעפטסמענטשן און זיי האָבן, לויטן באַגריף פון אַלע גוטע פּרעדיקער, געפירט אַן ערלעך נוצלעך לעבן. ווער האָט זיי באַלוינט דערפאַר? ווער האָט זיי געגעבן אַנער־קענונג? פון מיין גראָסערי האָבן זיי געמוזט באָרגן און אַ סך פון זיי זיינען מיר נאָך אַלץ שולדיק געלט. איך וואָלט פאַר דעם געקאָנט אויסבויען גאָר אַ שיין הויז".

אַזוינע געדאַנקען זיינען מיר געקומען און האָבן מיין פּלאַן גע־שטערט. איך בין אַנשלאָפן געוואָרן. אויף מאָרגן בין איך אויפגעשטאַ־נען אין צייט און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

עס איז געווען קיל און פינצטער, די געדיכטע פינצטערניש פאַר אַ נייעם טאָג. איך האָב ווייטער געטראַכט וועגן מיין „שטוב־מיט־אַ־גאָרטן"־פּלאַן, וועגן מיין געוועט מיט לאָסין און דערהויפּט, וועגן מיין געשפּרעך מיט בעטין און וועגן איר אויסדרוק „ניט אין צייט און ניט אויפן אָרט".

איך האָב נעכטן אָונט געהאָפט אַז ביז היינט וועל איך קליגער ווערן און קענען קומען צו אַ געוויסן באַשלוס, אָבער דער קילער, פּריי־שער פאַרטאָג האָט מיר מיט זיינע געשמאַקע פעלד־ריחות פאַרשאַפט פאַרגעניגן, ווי אַלעמאָל, ווען איך פאָר דאָ דורך. קיין לייזונג צו מיינע פּראָבלעמען האָב איך דאָ ניט געפונען און איך האָב זיך געוואונדערט, ווי איך האָב עס גאָר געקענט דערוואַרטן.

איך בין געפאָרן ווייטער און ווייטער און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז די גרויסע, טונקעלע נאַכט בלייבט הינטער מיר און אַקעגן מיר קומט אָן אַ נייער ליכטיקער טאָג. ער האָט זיך געוויזן אין דער בלייכקייט פונעם הימל, אינעם אויסגיין פון די שטערן און אין דעם ערשטן קלאַנג פון אַ דערוואַכטן פויגל. מיין דאַדזש איז געלאָפן באַרג־אַראָפּ. פונעם טאָל האָט זיך געהויבן אַ ווייסער נעפּל. איך האָב געמוזט נוצן דעם פענצטער־ווישער, אַזוי געדיכט האָבן זיך די נעפּל־כוואַליעס אַרומגעוויקלט אַרום מיין קאַר. איך האָב אָנגעצונדן מיינע פּראָזשעק־טאָרן, אָבער זיי האָבן מיר מיין וועג ניט באַלויכטן. איך האָב זיך באַדאַרפט איילן, ווייל פאַרשפּעטיקן אַ שעה, האָט געמיינט פאַרלירן צוויי

דאָלער. אָבער איילן זיך איז געווען געפערלעך, איך בין געפאָרן פּאַמע־לעך און געדולדיק געוואַרט אויף דער באַפרייאונג פון די נעפּל־נעצן.

צוביסלעך האָט דאָס טאָג־ליכט דורכגעדרונגען דעם טומאַן. אין עט־לעכע מינוט אַרום, האָב איך שוין געזען דעם „עק" פונעם שווערן קנויל־דיקן נעפּל. ער האָט זיך איצט אין קליינע קרייזן געפּלאָנטערט אַרום די רעדער פון מיין דאָדזש און מיר שוין ניט געשטערט. דאָס גאַנצע פעלד אַרום האָט זיך אויסגעוויקלט פונעם נעפּל און אַ באַפרייטס, אויפגע־לויכטן אַקעגן דער אויפגייענדיקער זון.

דאָס פעלד איז געווען אַזוי שיין, אַזוי גרויס און אַזוי רואיק עס האָט געאָטעמט און זיין ווייסער, קילער אָטעם איז געווען דורכגענומען מיט דער ראָזעווידיקייט פון די ערשטע זון־שטראַלן.

איך בין געווען באַצויבערט פון אָט דער גרויסער־גרויסער שיינ־קייט, און איך בין געווען באַוועלטיקט פון אָט דער פּרעכטיקער רואי־קייט און איך האָב אין דעם מאָמענט שוין מער ניט געטראַכט און ניט געקלערט און ניט איבערקלערט, נאָר איך האָב באַשלאָסן, אַז אַ שטוב מיט אַ גאָרטן וועל איך קויפן, אָדער —אויסבויען. איך האָב אים שוין אַפילו געזען, אָט דעם גרויסן, שיינעם גאָרטן און ער האָט איצט גע־בליט מיט אַלע זיינע בייטן בלומען, גרינסן און פרוכטן, ווי אַ טייל פון אָט דער פעלדישער שיינקייט אַרום מיר.



# אויף דער וואַך

ביים גרויסן, ווייסן טיש אין קיך זיצט דער באַלעבאָס פונעם הויז, מיסטער באַלטאַן מיט זיין שכן מיסטער סאַלדאָווסקין און שפּילן אין קאָרטן. די מיסעס באַלטאַן וואַשט דאָס געשיר. ס׳רוישט דאָס לויפּנ־דיקע וואַסער פונעם קראַן און עס הערט זיך דאָס קלאַפּן פון טעפּ, טעלער, לעפל און גאָפּלען. עס שמעקט מיט רינד־פלייש און פריש געבעקס. איבערן אַלטמאָדישן טונקעלן „סינק" הענגט אויף דער וואַנט אַן אַלטער קיך־זייגער, וואָס קלאַפּט הילכיק אויס די סעקונדן. אונטערן טיש הערט זיך אַ שווער אָטעמען. דאָרט באַהאַלט זיך פונעם שאַרפן עלעקטרישן ליכט דזשאַ, דער געלבלעכער הונט.ביידע קאָרטנשפּילער גיבן אַכטונג, זיי זאָלן מיט זייערע פיס ניט אַ זעץ טאָן דזשאַ׳ן.

עס איז פריער ווינטער. אין דרויסן איז שוין פראָסטיק, אָבער אין קיך איז אַזוי וואַרעם, אַז ביידע שכנים זיצן אָן רעקלעך, די קאָלנערס פון די העמדער צעשפּילעט. זיי פּאַרקוקן מיט ניט־יונגע אָנגע־שטרענגטע אויגן אין די קאָרטן און זיי זינגען פרידלעך ניגונים פונעם יידישן טעאַטער. באַלטאַן איז אַ ליטוואַק; סאַלדאָווסקי קומט פון פּוילן. זייער יידיש איז פאַרשיידן, אָבער זייער געזאַנג האַרמאָנירט:

„אַ יידישע מיידל
דאַרף אַ יידישן באָי..."

זינגט אויס באַלטאַן און סאַלדאָווסקי כאַפּט אונטער מיט זיין הייזעריקלעך קול די צווייטע שורה:

„דאַרף אַ יידישן באָי..."

די מיסעס באַלטאַן ווישט שוין דאָס געשיר. זי צעפּראַלט ביידע טירלעך פונעם געשיר־שראַנק און שטעלט אַריין אַהין די טעלער. נאָכ־דעם קומט זי צו צום טיש און אַנטשולדיקט זיך פאַר די שפּילער. זי עפנט דעם שופלאָד און פון אירע רויטלעכע הענט, צעפּאַרעטע פונעם

הייסן וואַסער, ווערט מיט אַ געדיכט־צעשאָטענעם קלונג אַריינגעוואָרפן דאָס זילבער.

דזשאָ טוט אַ קורצן, דערשראָקענעם ביל.

— קאָלם דאַון, אָל׳ באַי, — רעדט באַלטאַזאַן צום הונט. דזשאָ רוקט זיך אַרויס פון אונטערן טיש. ער לייגט דעם קאָפּ אויפן באַלעבאָס׳ קני און פאַרקוקט אים אין די שטילע, גרויע אויגן. באַלטאַזאַן גלעט אים מיט דער פרייער האַנט, אויף וועלכער עס פעלן דריי פינגער. באַלטאַזאַן קוקט צום הונט, נאָכדעם — צום שכן. אויך דזשאָ קוקט צו סאַלדאַווסקין. ער קען זייער גוט דעם שכן, אָבער ער פאַרשטייט אים ניט: סאַלדאַווסקי האָט אַ טבע צוצומאַכן איין אויג, בשעת ער קוקט צו דזשאָ׳ן. דער הונט ווערט דערפון אומרואיק. וואָס זאָל דאָס מיינען? ווען דער שכן מאַכט צו איין אויג, ווערט דאָס אָפענע בייז, דורכדרינגנ־דיק און עס דראָט. וואָס קלייבט זיך דער שכן צו טאָן? דזשאָ פינטלט מיט זיינע קליינע רויטלעכע אויגן, און סאַלדאַווסקי זאָגט אים: „היינ־טישע מאָרדע, לעבסט, ווי גאָט אין אָדעס!״

איך וויס גאָרניט — רופט זיך אָן באַלטאַזאַן — וואָס איך וואָלט גע־טאָן אָן אים? מיסעס באַלטאַזאַן, וואָס האַלט אין וואַשן דעם סינק, רייסט איבער די אַרבעט. פון אירע נאַסע הענט טריפן וואַסער־טראָפּנס אויפן „אוילקלאָט״ זי זאָגט:

— מע געוואוינט זיך צו צו דעם און מע קאָן שוין אָן דעם ניט זיין. ער איז דאָך קלוג ווי דער טאָג!

— איין קלייניקייט! — חוזקט סאַלדאַווסקי און קוקט מיט צוויי אָפענע אויגן אויף דער באַלעבאָסטע. און באַלטאַזאַן קוקט דערווייל אויפן שכן, און ער זעט זיין אָפענעם, לאַכנדיקן בליק, און ער שעמט זיך טראַכטן, וואָס ער טראַכט. שוין באַלד דרייסיק יאָר פאַרהייראַט צו דער מיסעס, און — הלוואי אויף ווייטער! — ער האָט נאָך פון איר קיין בזיון ניט געליטן. אָבער עס איז אים ניט קלאָר איר האַלטן זיך, בשעת סאַל־דאַווסקי איז דאָ. ווען זיי זיינען אַליין אין הויז, קלאָגט זיך די ווייב אָפּט אויף ווייטיקן אין רוקן און אין די פיס. זי טוט איר אַרבעט בריהש, אָבער זי גייט אום איבער די צימערן שווער, און איר רונדע פּלייצע איז גע־בויגן. ווען סאַלדאַווסקי איז דאָ אין הויז, קרעכצט זי קיינמאָל ניט. זי גייט אַנדערש, זי קוקט אַנדערש, און איר מויל זעט אויס, ווי עס וואָלט געוואָלט שמייכלען... נו דעריבער, נו דעריבער?.... דעריבער?...

אַ נאָגנדיקער געדאַנק עסט זיך איין אין אים און ער פאַרגעסט, וואו

ער האָלט אין דער שפּיל. סאָלדאָווסקי זינגט שוין אומגעדולדיק: „מאָמעניו, ליבעניו, הארצעניו, קרוין...״ די צווייטע שורה פונעם ליד דרייט ער איבער אַזוי: „נו, גיב זיך שוין דאָרטן אַ ריר״.

— אָלרייט, — רופט זיך אָפּ באָלטאָן, ווי ער וואָלט דערוואַכט, און ער וואַרפט די קאָרט מיט אַ פּליעסק אויפן ווייסן מעטאַלענעם דעק פונעם קיך־טיש. ער זאָגט מיט כעס:

— אַז געגאַנגען — איז געגאַנגען!...

סאָלדאָווסקין טוט הנאה יענעמס גאַנג און ער זינגט איבער יע־נעמס בייזלעכע ווערטער מיטן ניגון פון „לאָמיר אַלע זינגען״.

די שפּילער פאַרטיפן זיך אין זייער שפּיל. דושאַ איז אומצופרידן, ער לייגט זיך אויפן דיל, ביים באַלעבאָס׳ פיס, מיטן פּנים צו דער טיר. די פעל ציטערט ביי אים אויפן רוקן. איין ווייכער אויער באַוועגט זיך.

די מיסעס ברייגנט אַריין פון אַן אַנדער צימער די יידישע צייַ־טונג און זעצט זיך לייענען ביים זעלבן קיכטיש. זי טוט אַן אויגנגלעזער און זי ווערט דערפון עלטער און ערנסטער. זי לייענט אין זיך, אָבער זי באַוועגט מיט די ליפּן.

— וואָס שרייבט עפּעס דער פייפער — פרעגט סאָלדאָווסקי.

— אוי, אוי, אוי! — קרעכצט די פרוי און הויבט ניט אויף אירע שוואַרצע אויגן — אַזוי פיל צרות, אַזוי פיל צרות!

— העך — מאַכט סאָלדאָווסקי אַוועק מיט דער האַנט — פייפּערס שרייבן קיינמאָל ניט קיין פריילעכע זאַכן. — זי ענטפערט אים דערויף גאָרניט. די מענער פאַרטיפן זיך ווידער אין דער שפּיל. זיי ברומען ביידע איין ניגון, איין שטילן נאָגנדיקן ניגון.

---

און אָט קומט דער מאָמענט, אויף וועלכן אַלע דריי וואַרטן און וואָס זעט ביי זיי אויס זייער קלוג און שיין, און וויכטיק. די ווייזערס אויפן קיך־זייגער דערנענטערן זיך צו זיבן. דאָס איז די שעה, ווען מיסטער באָלטאָן מוז גיין צו זיין נאַכט־אַרבעט. ער איז אַ וואַכמאַן אין דער זעלבער קליידער־פאַבריק, וואו ער האָט געטריי אָפּגעאַרבעט פופצן יאָר און — פאַרלוירן דריי פינגער. אַזוי ווי אַרבעטן אויף זיין ניי־מאַשין האָט ער שוין מער ניט געקאָנט, האָט אים דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק באַזאָרגט מיט אַ שטענדיקער באַשעפטיקונג און ער האָט דעם גוטן „אָפּערייטאָר״ געמאַכט פאַר אַ וואַכמאַן.

האַלב נאָך זיבן דאַרף ער זיין אין פאַבריק. זיבן פאַרלאָזט ער דאָס הויז. אַ פּאָר מינוט פאַר זיבן הויבט זיך אָן די „פאָרשטעלונג", און אָט דערויף וואַרט דאָס פאַרפאָלק און זייער שכן, וואָס וואוינט אַ האַלבן בלאָק פון דאַנען, מיסטער סאָלדאָווסקי. געוויינלעך הויבט זיך דאָס שפּיל אָן אַזוי:

דזשאָ ווערט אומרואיק. ער גייט צו צו דער טיר און הויבט זי אָן גראַבלען מיט די נעגל פון זיינע שווערע פאַדערשטע פיס. באָלטאָן מאַכט זיך ניט וויסנדיק. הויבט דזשאָ אָן צו בילן. ער גייט צו צום באַלעבאָס און הויבט אים אָן צו שטויסן מיט דער טונקעלער, פייכטער מאָרדע אין די פיס.

— אָלרייט, אָל' באָי — רעדט באָלטאָן צו זיין געטרייען פריינט. ער הויבט זיך אויף און גייט זיך אָנטאָן. דעמאָלט הויבט זיך אויך סאָל־דאָווסקי אויף און גייט אַהיים.

איצט אָבער לייגט סאָלדאָווסקי אַוועק די קאָרטן, ווי זיי וואָלטן אים געווען אַ שטער, און ער כאַפּט זיך אָן מיט דער האַנט ביים ברוסט־קאַסטן, אָדער, ווי מע זאָגט „ביים האַרצן".

— וואָס איז דער מער? — פרעגט באָלטאָן אומרואיק.

— ס'איז גאָרניט, ס'איז גאָרניט — מאַכט סאָלדאָווסקי מיט אַ נע־בעכדיק קול, וואָס איז גאָרניט ענלעך צו זיינעם: עס איז פאַרגנבעט און שלאָבעריק און עס ציטערט אונטער.

דזשאָ שטייט שוין ביי דער טיר און גראַבלט זי, אָבער קיינער קוקט זיך אויף אים ניט אום. מיסעס באָלטאָן שפּאַנט פלינק צום געשיר־שראַנק. זי נעמט פון דאָרט אַרויס אַ גלאָז. זי טראָגט עס צו צום „סינק". דאָס גלאָז גלאַנצט אָקעגן ליכט. זי פילט אָן דאָס גלאָז מיט קאַלט וואַסער און טראָגט עס צום שכן. ער דאַנקט איר שוואַך און טרינקט מיט קליינע זופּעלעך. דזשאָ לויפט פון דער טיר צום באַלעבאָס און כאַפּט אָן מיט די ציין זיינע הויזן.

— אַ קעי, אַ קעי — זאָגט באָלטאָן. ער קוקט אויפן זייגער. נאָך צוויי מינוט צו זיבן. ער קוקט אויף דער פרוי. איר בליק אַקעגן זיינעם, פאַרצווייפלט, ווי זי וואָלט געזאָגט: „וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנשיקעניש אויף מיין קאָפּ?"

מיסטער סאָלדאָווסקי הויבט זיך אויף און זעצט זיך צוריק אַראָפּ.
— וואַרט איבער, — זאָגט באָלטאָן, — וועט אייך איבערגיין.

— אפשר אַרונטערגיין און טעלעפאָנירן צו אייך אַהיים ? — פרעגט די פרוי דעם שכן.

סאָלדאָווסקי שאָקלט אויף ניין מיט זיין שווערן קאָפּ, באַקרוינט מיט געדיכטע, גרויע קרויזן.

באַלטאַן שטייט פאַרלוירן און זאָגט שולדיק „וועלל...” ער וואַרט אָפּ אַ ווײַלע און זאָגט ווידער „וועלל”. ער קווייקלט זיך: ער מוז גיין. אויף אים וואַרט אַ גרויסער, פּירגאַרנדיקער שאָפּ מיט „אַ סך גוטס”. אויף אים פאַרלאָזט מען זיך. ער איז דער וואַכמאַן. ער זאָגט נאָך אַמאָל, נאָך שולדיקער און הילפלאָזער ווי פריער: „וועלל, איך מוז גיין”. ער טוט זיך אָן וואַרעם, לעגט אַריין די יידישע צייטונג אין קעשענע פון זיין גראָבן מאַנטל, זאָגט „גודביי” דער ווייב און דעם שכן און גייט אַרויס אין פינצטערן אינדרויסן.

---

די גאַס, וואו די באַלטאַנס וואוינען, איז אַ שמאָלע. די הייזער זיינען דאָ אַלטע, געדיכט אָנגעשטעלט איינע לעבן דער אַנדערער, אַזוי אַז אין דער אָוונטיקער טונקלקייט גיסן זיך די ווענט פון די דערבייאיקע הייזער צונויף אין איין לאַנגער וואַנט. די שמאָלע דורכגאַנגען צווישן די היי־זער זיינען אַזוי פינצטער, אַז אַפילו די שיין פון די באַלויכטענע פענצטער נעמט זיי ניט דורך. קיין גאַראַדזשעס זיינען אויף דעם בלאָק ניטאָ און דערפאַר זיינען די אויטאָס געדיכט אָנגעשטעלט ניט נאָר האַרט ביים טראָטואַר, — נאָר אויף אַפילו, וואו ניט וואו, טאָפּלט. עס איז טאָקע קעגן געזעץ, אָבער די גאַס איז אַ זייטיקע, און זי זעט אויס, ווי די גרויסע שטאָט, פון וועלכער זי איז אַ טייל, וואָלט פאַרגעסן אָן איר.

באַלטאַן שפּאַנט איבערן קרומען, צעבראָכענעם טראָטואַר. אַ פרעמדער מענטש וואָלט דאָ באַדאַרפט זיין זייער פאָרזיכטיק, אָבער באַלטאַן גייט מיט שווערע, זיכערע טריט און מיידט אויס יעדער גע־פערלעך אָרט. פונקט אַזוי זיכער שפּאַנט פאַר אים דזשאָ. אויך ער מיידט אויס די צעבראָכענע שטיקער טראָטואַר.

דער הונט שפּאַנט און ער דערפילט מיט איין מאָל, אַז דעם באַלע־באָס'ס טריט דערווייטערן זיך פון אים. ער באַוועגט מיט זיינע ווייכע אויערן. ער שטעלט זיך אָפּ און דער גרינער פאָספאָר פון זיינע אויגן נעמט דורך די פינצטערניש ביז צום אָרט, וואו באַלטאַן שטייט. דזשאָ קוקט אויפן באַלעבאָס' פּיס אין די גרויסע שיך. ווי גוט ער קען אָט

די צווײ שיך און ווי ליב איז אים זײער ריח! ער וועט אים ניט פאַר־בײטן אויף קײן אַנדער ריח אין דער וועלט. באַלטאַן שטײט צו דזשאַ'ן מיט דער פּלײצע, און דער הונט דערפילט, אַז אַט די אַנגעפּעלצטע פּלײ־צע איז דורכגענומען פון שווערער אָנשטרענגונג. ווערט דזשאַ אומרו־איק. ער נעמט אָניאָגן דעם באַלעבאָס, און, גײענדיק, שמעקט ער דעם קילן שטײן פון טראָטואַר. דאָ וואַלגערן זיך פּאַפּירלעך, זעלטן אויף שאָלעכץ פון פּרוכט, אַ ווײס, פאַרטריקנט בײנדל, אַזוי טרוקן, אַז קוים וואָס ס'שמעקט שוין. און אַט איז ער לעבן באַלעבאָס. ער רײבט דעם שווערן קאָפּ אָן יענעמס פּיס. ער גרײכט דעם באַלעבאָס' האַנט און לעקט זי. באַלטאַן נעמט די האַנט ניט צו. ער שטײט און קוקט צום באַ־לויכטענעם פענצטער אין זײן קיך. ער אָטעמט שווער. דזשאַ קאַן ניט לײדן, ווען דער מענטש אָטעמט אַזוי שווער. ער בורטשעט בײז און גע־טרײ, ווי אים וואָלט פאַרדראָסן, וואָס דער באַלעבאָס דערצײלט אים ניט וועגן זײן זאָרג. דזשאַ טוט אַ קורצן ביל — אַ סיגנאַל אַז ער איז גרײט צו דינען, העלפן. באַלטאַן ציטערט אויף פונעם ביל.

— קאַלם דאַון, אָל' בּאָי — זאָגט ער און ער לאָזט זיך אין וועג אַרײַן. פון דאַנען צו דער פאַבריק דאַרף ער אַזוי אָפּשפּאַנען באַלד פערצן בלאָק. מיטן אויטאָבוס וואָלט די שטרעקע געדויערט אַ פינף זעקס מי־נוט. לאָזט מען אים אָבער ניט אַרויף מיטן הונט. מוז דער געטרײער וואַכמאַן שפּאַנען.

די מערסטע פענצטער אין די הײזער צו דער גאַס זײנען דאָ פינצ־טער. האַרט בײם טראָטואַר שטײען די מאַשינען טונקעלע, אויסגע־לאָשענע. נאָר אַט צינדן זיך אָן די פּראָזשעקטאָרס אין אײן אויטאָ, און עס דערהערט זיך באַלד דאָס רוישן פונעם מאָטאָר. די מאַשין ראַנגלט זיך אַ ווײלע מיטן קאַרגן שטח צווישן צווײ אויטאָס, פאַר איר און הינ־טער איר. די פאָדערשטע מאַשין ווערט שטאַרק באַלויכטן און מיט איר — אַ שטיק גאַס. דאָס אָנגעצונדענע ליכט שפּילט אויף דער גאַס, אויפן טראָטואַר, אויף אויסגעלאָשענע פענצטער, וואָס צינדן זיך און לעשן זיך צוריק. אַט ווערט דזשאַ אײנגאַנצן דורכגענומען פון אַ שטאַרקן שטראָם ליכט און ער דרײט דעם קאָפּ אָן אַ זײט. דאָס ליכט שנײדט אויך דעם מענטשן די אויגן. די מאַשין שאַרט זיך אַרויס אין מיטן גאַס און זי יאָגט זיך װײטער. באַלד ווערט דאָ צוריק שטיל.

באַלטאַן גײט ווײטער. אַט איז ער שוין בײם ראָג פון דער גאַס. דאָ איז ליכטיק און רוישיק. פון אײן זײט די באַלויכטענע גרויסע קראָם־

פענצטער און די גלעזערנע טיר פון דער שפייז־קראַם און פונעם סאַלון דערביי, קאַרגלעך באַלויכטן, דאָך ליכטיק. און אַקעגן — די שטאַרק־באַלויכטענע פענצטער פונעם נאַשעריי־געשעפט.

מיסטער באַלטאַן קומט צו צום ראַג. רעכטס פירט די באַלויכטענע גאַס טיפער אין שטאָט אַריין, דאַון טאַון, און לינקס — צום טייך, צו די פאַבריקן. די גאַס דאָ איז ניט קיין סך ברייטער פון דער, וואו ער וואוינט. אָבער דאָ זיינען שוין פאַראַן קראָמען און אַפילו אַ קינאָ, און אַ פאַסאַזשיר־אויטאָ לויפט דאָ.

דזשאָ דאַרף אַריבערגיין די גאַס. ער שטעלט זיך אָפּ, קוקט זיך אום אויפן באַלעבאָס; נאָכדעם קוקט ער פאַר זיך, נאָכדעם רעכטס און לינקס, און לאָזט זיך אַראָפּ פונעם טראָטואַר אויפן ברוק. באַלטאַן גייט אים נאָך. זיי טרעטן אויפן באַלויכטענעם טראָטואַר, און דזשאָ וואונ־דערט זיך, וואָס דער באַלעבאָס רעדט צו אים קיין וואָרט ניט אויס. ער פילט דאָס האַרץ פונעם מענטשן. ניט אומזיסט שוויגט ער איצט. פון אָנשטרענגונג און דערוואַרטונג ווערט דזשאָ דורכגענומען מיט אַן אָנ־זאָג אויף מורא. דערפון איז זיין גאַנג ניט רעגלמעסיק און זיין שווערער, האַריקער קערפּער באַוועגט זיך פאָרויס ניט גלייך, נאָר אַביסל קאָסע, גרייט אומצודרייען זיך צום געטרייען באַלעבאָס.

אַקעגן קומט אָן אַ מאַן מיט אַ קליין שיין הינטעלע, געפירט אויף אַ לאַנגן פּאַסיק. דאָס הינטל רייסט זיך פונעם מאַן און בילט מיט אַ דין קולכל. דזשאָ וואַרפט צו דעם הינטל אַ שווערן, זייטיקן בליק און זעצט פאָר זיין גאַנג אונטער דער לאַנגער ריי לויכטנדיקע גאַסן־לאָמפּן. זיי ציען זיך אין צוויי גלייכע שורות פאָרויס, פאָרויס... אין דער ווייט גיסן זיי זיך צונויף אין צוויי פייערדיקע שנורן, וואָס ווערן שמעלער און שמע־לער, זייער ליכט — טונקעלער און רויטער, און די רויטקייט שלאָגט זיך אָן אינעם נידריקן הימל מיט אַ שטומפּיקן זשאַווער־אָפּגלאַנץ. דער דאָזיקער ניט־אָנגענעמער קאָליר ווערט איבערגעריסן אין איין זייט פון אַ גרויסן עלעקטרישן שילד, וואָס צינדט זיך און לעשט זיך אָן אויפהער, און — פון דער אַנדערער זייט — פון אַ גרינלעכן פלאַם און גרויסע פייער־פונקען, וואָס שטראָמען פון דער שטאָל־גיסעריי. דאָרט געפינט זיך דער טייך, און ביים טייך, צווישן פאַבריקן, וואָס שפרייטן זיך אויף בלאָקן אַרום, איז אויך דער שאָפּ, וואוהין באַלטאַן גייט אויף אַ גאַנצער נאַכט, ביז זיבן אַזייגער אין דער פרי. דאָרט האָט ער זיך זיין קעמערל מיט קליינעם אויוועלע אין ווינקל, ביי דער טיר. ביים אויוועלע — אַ

צעבראָכן בענקל אָן אָן אָנלען און אַ ברייטע באַנק ביי דער וואַנט. לעבן אויוועלע — אַ גרויסער עמער מיט גלאַנציקע שוואַרצע קוילן.

שוין אָפּגעשפּאַנט באַלד אַ האַלבן וועג.

דזשאַ קערעוועט זיך רעכטס צו אַ שמעלערער, טונקעלער גאַס, און באַלד צוריק, אין דער זעלביקער ריכטונג, צום טייך. אויך אויף דער גאַס זיינען די אויטאָס „געפּאַרקט" געדיכט. זעלטן ווען מע באַגעגנט דאָ אַ דורכגייער. קעץ לויפן דאָ איבער דעם וועג און נעמען דורך די טונקלקייט מיטן גרינעם פאָספאָר פון זייערע אויגן. דער שווערליי־ביקער דזשאַ קאָן קיין קעץ ניט פאַרטראָגן. ער לויפט נאָך זיי, און אין דער פינצטער הערט ער דאָס גראַבלען פון די קעצישע נעגל אין דער הויך פון אַ פּלויט, צי פון אַ בוים. אונטן בילט מיט גרויס פאַרדראָס דזשאַ און פון דער הויך הערט זיך אַהער דאָס בייזע שיפּען און דאָס שפּייען פון דער קאַץ.

באַלטאַן שפּאַנט ווייטער און ער הערט, דזשאַ יאָגט אים אָן. דער כלב איז צעוואַרעמט. ער רייבט אויפגערעגט זיין שווערן קאָפּ אָן באַל־טאַנס פיס און גיט אַרויס אומגעדולדיקע קלאַנגען, ווי ער וואָלט זיך געקליבן עפּעס זאָגן, דערציילן וועגן די אַפּשיילעכע קעץ, וואָס האָבן די העזה צו שפּייען אים אין פּנים און דערצו זיך נאָך פאַרמעסטן מיט אָן אויסגעשטרעקטער לאַפּע.

באַלטאַן, ווען ער זאָל זיין אויפגעלעגט, וואָלט ער אַ גלעט געטאָן דעם הונט און אים געזאָגט אַ גוט וואָרט. דערפון אַליין ווערט שוין גרינגער צו לעבן אויף דער וועלט. אָבער דער מענטש שווייגט... מאַכט דזשאַ אַ חנדל. ער שפּאַרט זיך אָן מיטן גרויסן קאָפּ צום שטיין, האַלט זיך אָן מיט די פאָדערשטע לאַפּעס אינעם טראָטואַר און מיט די הינטערשטע פיס גייט ער און דרייט זיך אַרום זיך אַליין, דרייט זיך און דרייט זיך אַרום און אַרום און מאַכט זיך כלומרשט, אַז ער קוקט ניט צום מענטשן... אָבער עס העלפט ניט. ווערט דזשאַ צוריק ערנסט און לאָזט זיך גיין זיין ווייטערדיקן וועג.

עס קומט אָן אַ שטילער פייכטער ווינט, דורכגענומען פון וואַסער און אויל. דזשאַ ניסט. עס פאַרדריסט אים זיין שוואַכקייט און ער בילט אויף זיך אַליין מיט פאַרדראָס, אָבער ער ניסט ווידער, שוין מיט אַ הוסט און מיט אַ כריפּ. ער הערט זיך צו צום ברומען פון זיינע געדערים און ער טראַכט: „ניט גוט, ניט גוט".

הינטער אים קלאַפּן שווער דעם באַלעבאָס' גרויסע שיך.

עס ענדיקט זיך די גאַס. זיי דאַרפן אַריבערגיין אַ ליידיק שטיק פעלד. דאָ איז דער ווינט פרייער און שאַרפער. דאָס ניסעניש באַפאַלט מער ניט. פון ווייטן זעט זיך שוין דער אייגענער שאַפּ. די געביידע איז הויך און פינצטער, נאָר דריי פענצטער אינעם אויבערשטן פערטן גאָרן ווערן אַלעמאָל באַלויכטן פונעם גרויען עלעקטרישן שילד אויף אַן אַנדער שאַפּ אין דער ווייט. די דריי פענצטער און אַ שטיק וואַנט איבער זיי און אונטער זיי ווערן באַלויכטן און פאַרטונקלט... אַזוי — אַ גאַנצע נאַכט.

באַלטאַן קומט צו צום שאַפּ. ער שליסט אויף פריער דאָס אײַזערנע טויערל. דזשאַ רייסט זיך דורך פאַר דעם באַלעבאַס. בשעת באַלטאַן פאַרשליסט צוריק דאָס טויערל, לויפט דער הונט צו דער טיר פון דער קאַמער און וואַרט. באַלטאַן שליסט אויף די טיר און ער הערט אין דער פינצטער, ווי דזשאַ שפּרינגט אויף דער ברייטער באַנק ביי דער וואַנט און לייגט זיך דאָרט. באַלטאַן מאַכט ליכטיק. דזשאַ קוקט אים נאָך. ער ווייסט שוין פון פריער, וואָס דער מענטש וועט טאָן: ער וועט אויסטאָן זיין אויבערמאַנטל און אים אויפהענגען אויפן נאָגל אין דער וואַנט. ער וועט זיך זעצן אויפן בענקל ביים אויוועלע, אויסשפּרייטן די צייטונג און קוקן אין איר. ער וועט לאַנג לאַנג קוקן... דאָ וועט ער אַ לאַך טאָן, דאָ וועט ער זיפצן און מאַכן אַ גרויסע פויסט, זיך פאַרמעסטן אויף עמיצן...

...אָבער ניט היינט... באַלטאַן מאַכט ליכטיק און, אַנשטאָט זיך צו זעצן אויפן בענקל אַן דעם אַנלען, גייט ער צו צו דער אַנגעגלייזטער טיר און קוקט אַרויס. פון זיין קעשענע שטעקט אַרויס די צייטונג. עס זעט אויס, אַז ער האָט פאַרגעסן אַן איר. אינגאַנצן פאַרגעסן.

וואָס טוט זיך דאָ? דזשאַ קאָן גאָרניט פאַרשטיין. ער זעצט זיך אויף און בורטשעט. באַלטאַן קוקט זיך אום צו אים, און דער הונט דערזעט שרעק און אומרו אינעם באַלעבאָס׳ אויגן. באַלטאַן קוקט אויפן כלב און זאָגט: „נו?"

— באַו, באַו! — בילט דזשאַ. ער שפּרינגט אַרונטער פון דער באַנק און שאַרט זיך צום מענטשנס פיס. באַלטאַן קוקט שוין ווייטער אַרויס. פון ווייטן זעט ער די באַלויכטענע גאַס. די צוויי רייען ברעגענדיקע גאַסן־לאָמפּן זעען דאָ, אין דער ווייט, אויס, ווי הענגענדיקע פּייערדיקע שנורן... דאָרט אויפן ראָג, ביים נאַשעריי־געשעפט פאַרדרייט מען זיך רעכטס, און באַלד דאָרט שטייט זיין וואוינונג. אָט איז דער

קרומלעכער פּאָרטש, אָט איז די „פראָנט־רום", ווייטער — „די דיינינג רום" און ביי דער זייט פונעם שפּייז־צימער — דער אַלקער; דאָס שלאָפצימער זיינס, זיינס און טייבעלס, פאַר זיינע אויגן „שטייט" סאָל־דאָווסקי. באַלטאָן זעט זיין אָפּענעם, לאַכנדיקן בליק געווענדט צו דער מיסעס. די גרויע קרויזן אויף זיין גרויסן קאָפּ גלאַנצן אַקעגן דעם ליכט פון דער עלעקטריק אין קיך. איצט איז ער אפשר נאָך אַלץ דאָרט. ער איז געבליבן אַליין מיט טייבלען. עס איז אים ניט גוט געוואָרן. ער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט אַלע קאָרטן מיט איין מאָל אינעם מעטאַלענעם דעק פונעם קיכטיש און געזאָגט „אוי!" ער האָט צוגע־מאַכט די גרויע אויגן. ער האָט געקרעכצט. ער האָט געטרונקען דאָס וואַסער מיט קליינע גנבישע זיפּעלעך... און ווען זי האָט געוואָלט אַרונטערגיין טעלעפאָנירן צו אים אַהיים, האָט ער געשאָקלט מיטן גרויסן קאָפּ אויף „ניין" און די גרויע קרויזן אויף זיין קאָפּ האָבן גע־גלאַנצט. איצט איז ער דאָרט. עס איז געווען אַן אָנשטעל. באַלטאָן וואונדערט זיך ניט, וואָס זיין שכן טוט דאָרטן. ער וואונדערט זיך גיכער אויף זיך, וואָס טוט ער דאָ? דאָרט דאַרף ער איצט זיין, און ער... דער דערפילט, ווי מע פּאַטשט אים מיט עפּעס אין דער אָראָפּ־הענגענדיקער האַנט. ער קוקט צום הונט. דזשאָ האַלט די יידישע צייַ־טונג אין מויל און פּאַטשט מיט איר דעם באַלעבאָס אין האַנט. דער מענטש ווערט גערירט. ער נעמט די צייטונג און זעצט זיך אויפן בענקל. ער טוט זיך אָבער ניט אויס. ער וויל לייענען און קאָן קיין שורה ניט פאַרדייען. ער קוקט אין די שורהלעך און זעט, דאַכט זיך, גאָרניט. דזשאָ גייט צו דער באַנק. ער שפּרינגט אַרויף און לייגט זיך. ער קוקט נאָך דעם באַלעבאָס... „אפשר וועט שוין גוט זיין ז..." טראַכט ער. ער דרייט אויס דעם קאָפּ אָן אַ זייט, צו זיך און טוליעט איין די פייכטע מאָרדע אין זיין אייגענער פעל. ער מאַכט צו די אויגן. דאָס ליכט שטערט אים מער ניט. אַ דרעמל באַפאַלט אים, און עס פּלאָנטערט זיך אים, ווי ער גייט אין גאַס און קען האַלטן אין איין לויפן איבערן וועג... אין דרעמל דערפילט ער ווי באַלטאָן שטייט ווידער ביי דער טיר. ער וואַרפט זיך דורך... ווירקלעך: ער זעט פאַר זיך באַלטאָנס אָנגע־פּעלצטע פּלייצע. די צייטונג אויפן דיל צעשפּרייט, צעוואָרפן... דזשאָ איז שוין וואַכנדיק און ער, בורטשעט.

— אָלרייט, אָלרייט, — זאָגט דער מענטש, ניט אומקוקנדיק זיך. ווי גוט און ווי זיס זיין קול קלינגט! דזשאָ בורעט זיך איין.

באַלטאַן שטייט און קוקט. ער דערהערט דעם מוראדיקן סיגנאַל פון די פייערלעשער. עס קלינגט זייער הילכיקער גלאָק און עס הערן זיך די שווערע מאָטאָרן. נאָכדעם ווערט ווידער שטיל. די פינצטערניש אַרום די שעפער ווערט געדיכטער און די צוויי הענגענדיקע פייערדיקע שנורן אין דער ווייט ווערן העלער און ווי אָנגעגליט. ער, באַלטאַן, איז דער וואַכמאַן. ער היט זיין באַלעבאָס׳ גוטס. יענער פאַרלאָזט זיך אויף אים, און דאָ דאַרף ער זיין יעדן אָוונט, יעדן אָוונט, נאָכט איין נאָכט אויס יאָר איין יאָר אויס און... אויך היינט? היינט, ווען דער שכן איז געבליבן מיט זיין ווייב אַליין? ווער ווייסט דען, צי באַלטאַן איז דאָ אין זיין וואַך־קאַמער? דער באַלעבאָס טרויט אים. ער איז זיכער, אַז אויף באַלטאַנען קאָן מען זיך פאַרלאָזן. דאָס ערשטע יאָר פלעגט ער זיך אַמאָל אַראָפּכאַפּן זען, צי דער היטער איז דאָ אויף זיין אָרט, אָבער מער קיינמאָל ניט. דעם שומר׳ס נאָמען איז אונבאַפלעקט... אָבער היינט, היינט? היינט קאָן ער דאָ ניט זיין! ער וועט גיין, ער וועט שוין גיין! ער וועט צוקומען צו זיין היים. ער וועט שטילערהייט עפענען די טיר און אַריין... זיין האַרץ קלאַפּט אים אַזוי האַסטיק, אַז ער דערשרעקט זיך. אָט דאָ, אין דער קאַמער וועט ער באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און — זיך אויסציען. און דזשאָ וועט שטיין איבער אים און קלאָגן. און מאָרגן וועט מען אים געפינען אַ טויטן. און טייבל, די ווייב טייבל, וועט קומען צו לויפן און וועט וויינען און קלאָגן. עס וועט איר באַנג טאָן, אָבער עס וועט שוין זיין שפּעט, עס וועט שוין זיין נאָך אַלעמען, נאָך אַלעמען.

ער לייגט אַרויף די האַנט אויפן ברוסטקאַסטן און ער הערט, ווי דאָס האַרץ שלאָגט זיך אָן אָן דער האַנט... ניין, ער קאָן שוין דאָ מער ניט שטיין! ער וועט גיין! ער עפנט די טיר, און אַ ווינט רייסט זיך אַריין און דזשאָ שפּרינגט אַרונטער פון דער באַנק און בילט אומרואיק. באַלטאַן לעשט אויס דאָס ליכט און אין דער פּלוצימדיקער פינצטערניש דערזעט ער דזשאָ׳ס גרין־געוואָרענע לויכטנדיקע אויגן געווענדט קעגן זיינע.

— קאָם אָן, באָי! — זאָגט ער מיט אַ פרעמד קול און ער פאַר־שליסט דאָס צימער, און נאָכדעם — דאָס אייזערנע טויערל, און ער לאָזט זיך גיין צוריק מיטן אַלטן וועג. ער שפּאַנט שווער, אָבער האַס־טיק — מיט דער טונקעלער גאַס, צוריק אויף דער ליכטיקער גאַס, צום נאַשעריי־געשעפט, צום סאַלון... ער פאַרקערעווועט זיך רעכטס... אָט איז זיין גאַס. אָט שטייען געדיכט אָנגעשטעלט די אויטאָמאָבילן.

אָט זיינען די באַקאַנטע הייזער. כמעט אַלע פענצטער אין זיי אויסגע־לאָשן.

ווייטער, ווייטער...

דזשאָ לויפט פאָרויס, דזשאָ בלייבט אונטן. ער שאַרט זיך צום באַלעבאָס. ער איז אויפגערעגט. ער ווייסט ניט וואָס צו טאָן. וואָס קומט דאָ פאָר? ער פילט דאָס האַרץ פונעם מענטשן און ער וויל אים העלפן. ער קאָן שוין מער ניט שווייגן. ער לאָזט אַרויס קוים־הערבאַרע דערשטיקטע בילן. ער קרעכצט, ער בעט זיך... ער שמעקט דעם שטיין אונטער די פיס. ער שמעקט דעם באַלעבאָס' שיך... פון וואַנען דראָט די סכנה?

און אָט איז דאָס אייגענע הויז, די היים. אַלע פענצטער אויסגעלאָשן. אָט זיינען די פענצטער פון דער קיך און באַלד לעבן דעם קיך־פענצטער — דאָס איינציקע פענצטער פונעם שלאָפצימער. צוויי פאָר אויגן קוקן אַרויף, קוקן לאַנג־לאַנג.

באַלטאָן מאַכט אַ שפּאַן נענטער צום פאָרטש און בלייבט שטיין. ער קוקט ווידער אויפן פינצטערן פירעק פונעם פענצטער, און ער זעט, אַז דער ליכט־שיצער איז, ווי שטענדיק, אַראָפּגעלאָזט ביז אַרונטער. זאָל ער אַרויפגיין? ער פילט, אַז ער קאָן עס ניט טאָן. ער וויל דורכ־קוקן די פינצטערניש. פאַרוואָס גייט ער ניט אַריין צו זיך אַהיים און זעט אַלץ מיט זיינע אייגענע אויגן? ער שעמט זיך, ער שרעקט זיך. ער וועט זאָגן טייבלען אַ תירוץ, אַז ער האָט שטאַרק איבערגעטראַכט וועגן זיין שכן, אַז ער האָט זיך געזאָרגט וועגן איר, וואָס ער האָט איר איבערלע־לאָזט אַ צרה אין הויז, אַ קראַנק־געוואָרענעם פרעמדן מאַן.

ער שטעלט ווידער אַ טריט נענטער צום פאָרטש און בלייבט שטיין. דזשאָ גייט אים נאָך דעם שפּאַן און בלייבט שטיין און וואַרט אויף אַ באַפעל.

„אַ גליקלעכער" געדאַנק נעמט דורך דעם מענטשן: ער וועט צוגיין צו דער היים פון די סאָלדאַווסקיס און זען. ער לאָזט זיך איילִיק אַהין. ער קומט צו צום באַשטימטן הויז. אויך דאָ איז ניטאָ קיין ליכט אין די פענצטער. עס איז פינצטער און שטיל. קיין ליכט, קיין קלאַנג, און נאָר זעלטענע אויטאָמאָבילן לויפן דורך דער גאַס מיט אַן איילִיק, אומ־רואיק ליכט. זיי באַווייזן זיך פּלוצים מיט צוויי גרויסע העלע ליכטער, ווי זיי וואָלטן אַרויסגעוואַקסן פון דער פינצטערניש און באַלד פאַר־שווינדן זיי, מיט אַן אויסגייענדיק קליין רויט ליכט. דאָ שטייט ער, דער

אַלטער געטרייער וואַכמאַן, אַ פאַרשעמטער פון די העלע ליכט פון די אָנקומענדיקע אויטאָס. ער שטייט דאָ מיט זיין הונט, וואָס העלפט אים אָפּהיטן דאָס עשירות, וואָס איז זיי ביידן אָנפאַרטרויט געוואָרן. און דאָרט, ביים טייך איז דאָס אָנפאַרטרויטע איבערגעלאָזן געוואָרן אויף הפקר.

באַלטאָן דרייט זיך האַסטיק אום און גייט צוריק. ער גייט ווידער פאַרביי זיין הויז. ער שטעלט זיך אָפּ. איצט קאָן ער שוין ניט טראַכטן וועגן טייבלען און סאָלדאַטוסקין אַליין. אין זיינע צערודערטע געדאַנקען וואַקסן אויס אַלע פיר שטאָק פון „זיין" פאַבריק. ער זעט טונקעלע פּי־גורן, לאַסט־אויטאָס. זיי קומען צו צום שאַפּ. זיי זיינען שטיל. אין זיי־ערע הענט קליינע ליכט־וואָרפער. ער זעט זיי אויפברעכן טירן, אַרויס־טראָגן פּעק מיט סחורה, מיט קליידער. זיי טראָגן האַסטיק דאָס גוטס און לאָדן דערמיט אָן די גרויסע לאַסט־אויטאָס.

ער קוקט אין דער ריכטונג פון דעם שאַפּ, אָבער ער קאָן גאָרניט זען, חוץ'ן ווייטן פלאַם פון דער שטאָל־גיסעריי. ער כאַפּט נאָך איין קוק צום פענצטער פון זיין שלאָפצימער און ווענדט זיך צו דזשאָ'ן: „קאָם אָן, באָי!" זיין שטים קלינגט היימיש, שטאַרק און באַפעלעריש. דזשאָ לאָזט זיך גלייך פאַרויס און ביידע, מענטש און הונט גייען, יאָגן זיך צוריק, וואו זיי באַלאַנגען.



# אויפֿן גלייכן וועג

**שוין** דאָס צענטע יאָר, אַז ער איז אַ קאַטער ביי פּרויען־קליידער. אין דעם שאַפּ, וואו ער אַרבעט און ער האָט זיך די מלאכה אויסגע־לערנט, זיינען הונדערטער שניידער באַשעפטיקט. זינט ער איז אַריין אין שאַפּ, האָבן זיך די אַרבעטער דאָ אַזוי געביטן, אַז פון די ערשטע איז כמעט קיינער ניט פאַרבליבן. ווער עס האָט געפונען בעסערע אַר־בעט, ווער עס האָט דאָ פאַרלוירן זיין באַשעפטיקונג און ווער עס איז איבערהויפּט „אַרויסגעפאַלן" פון פאַך. ער, מיסטער בענסאָן, איז דאָ, און ער וואָלט אודאי דאָ פאַרבליבן ווער ווייסט ווי לאַנג נאָך, אָבער זיין כלה, עטל, האָט אויף אים געווירקט, אַז ער זאָל שוין ווערן „אַ מענטש פאַר זיך". ער האָט אָנגעזאַמלט עטלעכע טויזנט דאָלאַר, זי האָט אים געגעבן צוויי טויזנטער, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו זוכן אַ גע־שעפט, אַ געשעפט פון וואַרע אויף פּרויען־קליידער.

היינט איז שבת, אַרבעט דער חתן בלויז אַ האַלבן טאָג. נאָכדעם דאַרף ער עסן זיין מיטאָג און גיין אָנקוקן „די סטאָר". עס איז שוין ניט די ערשטע קראָם, וואָס ער האָט אין שטאָט געזען, זינט ער זוכט אַ געשעפט פאַר זיך. ער האָפט, אַז היינט וועט ער געפינען דאָס, וואָס ער זוכט. אין דער פרימאָרגנדיקער צייטונג האָט ער דערזען אַן אַנאָנס אַז אויף דילענסי סטריט פאַרקויפט זיך פונקט אַזאַ געשעפט, ווי ער וויל.

דער גרויסער שאַפּ־זייגער ווייזט צוועלף, בענסאָן באַהאַלט זיין גע־צייג. ער טוט אָן זיין רעקל. פון דער קעשענע שטעקט אַרויס די צייַ־טונג. דעם אַנאָנס, וואָס ער דאַרף, האָט ער אונטערגעשטראָכן. ער איז צופרידן: ער האָט טאַקע געוואָלט דילענסי סטריט. ביז היינט האָט ער געוואָלט און ער האָט געהאַט וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. ער האָט נאָך ביז איצט ניט אָפּגעווייכט פונעם גלייכן וועג. ער איז אַלעמאָל געווען אין צייט ביי דער אַרבעט. ער האָט אין צייט זיך אויס־

געלערנט די מלאכה און זיך „געשטעלט אויף די פיס". ער איז אין צייט אַ חתן געוואָרן און ער וועט אין צייט קריגן דאָס געשעפט, וואָס ער וויל און דאַרף פאַר זיך און פאַר עטלען.

ער שטעמפּלט אָפּ זיין אַרבעט־קאַרטל און קומט אַרויס אין דרויסן. עס איז זוניק און ווינטיק. די גרויסע שטאָט ברומט מיט איר אונאויפהערלעכן גערויש. ער איז רואיק. ער גייט פאַרביי דעם רעסטאָראַן, וואו ער עסט אַלע טאָג, שוין באַלד צען יאָר. אויך איצט ציט עס אים אַהין צו זיינע באַליבטע שבת׳דיקע מאכלים. אָבער היינט וועט ער עסן ביי עטלען, ווי ער האָט איר צוגעזאָגט. גענוג צו עסן אין רעסטאָראַנען. זאָל ער נאָר געפינען דאָס געשעפט, וואָס ער זוכט, זאָל ער עס אַרויספאַרבעטן, ווי ער פאַרשטייט און זאָל ער זיך נאָר שטעלן אויף אַ דרך, וועט ער חתונה האָבן, נעמען אַ וואוינונג, זי שיין אויסמעבלירן און עסן — ביי זיך.

ער שטעלט זיך פאַר אין זיין אייגן געשעפט. עטלען לאָזט ער ניט אַרבעטן... סיידן דאָס געשעפט איז אַזוי גרויס, אַז ער דאַרף זי, זי זאָל אַכטונג געבן אויפן לייזונג... ער פאַרקויפט וואַרע. מענטשן וואַרטן אין דער ריי. ער האָט עטלעכע מענטשן, זיי אַרבעטן טיכטיק, און זיין דורכדרינגענדיק אויג איז אין יעדן ווינקל פונעם גרויסן געשעפט. ער שמייכלט פריינדלעך צו די קונים. ער באַפעלט די אַרבעטער. דער טאָג גייט אַריבער אין אויפגעלעבטער באַשעפטיקונג. עס קומט דער אָוונט. די גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן ברענען העל, און אין דרויסן, אינעם שיין־דעקאָרירטן פענסטער, גליט זיין נאָמען אין פרעכטיק־פאַרמירטע עלעקטרישע אותיות: „מ. דזש. בענסאָן ענד קאָמפּאַני".

עטל האָט אים געבעטן, ער זאָל איר טעלעפאָנירן איידער ער קומט. צו וואָס? זי ווייסט דאָך, אַז ער וועט קומען. עס איז איבעריק, איבעריק... ער איז ניט צופרידן. אים גייט ניט אינעם ניקל. אָבער ס׳איז פאַרט איבעריק. ער גיט ניט אויס קיין איבעריקן סענט. דאָס כלה־פינגערל קאָסט אים מער ווי 500 דאָלאַר, און עס איז אים אָנגענעם: עס איז ניט איבעריק... אָבער טעלעפאָנירן, אַז ער קומט, ווען זי ווייסט סיי־ווי־סיי אַז ער קומט — דאָס קען ער ניט פאַרשטיין...

אומצופרידן ווייכט ער אָפּ פונעם גלייכן וועג: ער קומט אַריין אין אַ דראַג סטאָר און טעלעפאָנירט איר. זי פרייט זיך, אָבער... „...פאַר וואָס, פרעגט זי, קלינגט דיין שטים ברוגז?" „ברוגז?!" — וואונדערט ער זיך... „איך מיין ניט ברוגז, זאָגט זי, אָבער — זיכער ניט צו־

פרידן..." „גיי שוין גיי" — זאָגט ער, און לאַכט. ער הענגט אויף דאָס שוואַרצע טעלעפאָן־טרייבל און קוקט אויף דעם. אים דאַכט זיך, אַז ער הערט עטל׳ס שטים וויברירן אינעם קילן טרייבל. דאָס האַרץ קלאַפּט אים. עס איז אים אַנגענעם.

ער לאָזט זיך אַראָפּ אין סאָבוויי און אין אַ האַלבער שעה אַרום איז ער שוין ביי עטלען. אירע עלטערן און איר שוועסטער וואַרטן אויף אים מיטן עסן. דער טיש איז שבת־יום־טוב׳דיק געגרייט. אין די פינקל־דיקע גלעזער שטעקן חנוודיק, מיט די שניי־ווייסע שפּיצלעך אַרויפצו קליינע סערוועטקעס. פריש־געשניטענע רויטלעכע גרייפּ־פרוכטן ליגן אין בלאַנקנדיקע שאָלן. די גרייפּ־פרוכטן זיינען מיט ראָזאָווע הייטעלעך באַצויגן, ווי באַהויכטע פון אַ לייכטן פראָסט. פון דער קיך טראָגן זיך ריחות פון געפילטע פיש, געדעמפטע פלייש און — אַ היימישער יויך מיט אַ סך שמעקנדיקע גרינסן פאַרבראָקט.

אין מיטן געגרייטן טיש שטייען צוויי גרויסע לענגלעכע געבלימלטע טעלער. איינער, דער גרעסערער, איז פול מיט געשניטענער, געלבלעכער חלה און דער אַנדערער — מיט צעבראָקטע טאָמייטאָס, לעטאַס, סעלערי און רויטע רעטעכלעך.

די כלה און איר צען־יעריק שוועסטערל לויפן אַקעגן דעם חתן. מען באַזעצט אים אויבנאָן, לעבן דעם מחותן. דער מחותן, מיסטער שיין, גיט בענטאַנען שלום מיט אַ שווערער, אויסגעאַרבעטער האַנט. —

— האַלאָ, זון — גריסט ער דעם ליבן גאַסט. די מחותניתטע קומט אַריין און לאַכט. זי לאָזט קיינעם ניט באַדינען דעם חתן. זי הויבט באַצייטנס אָן אויף אים אַכטונג צו געבן, אַזוי, אַז ווען דער מאַלצייט ענ־דיקט זיך, איז אים שווער זיך אויפצוהויבן.

די כלה באַגלייט אים. אינעם טונקעלן קאָרידאָר קושט זי אים. ער וויזט איר דעם אַדווערטייזמענט אין צייטונג. אירע אויגן גליען. זי ווינשט אים גליק. זי וויל גיין מיט אים. „דאָס ניט", זאָגט ער מענלעך. „פיר אַזייגער וועל איך זיין צוריק און דיר אַלץ איבערגעבן פּינקטלעך". זי ברוגזט זיך. ער גיט איר אַ לייכט פּעטשל איבערן אַקסל, וואָס קוקט חנוודיק אַרויס צו אים פון איר דורכזיכטיק קלייד. ער גייט אַליין.

ווידער איז ער אין סאָבוויי.

אין דילענסי סטריט שטייגט ער אויס און ער גייט אויפן אָנגעגעבע־נעם אַדרעס. פון וויטן באַמערקט ער אויפן שילד פונעם געשעפט דעם זעלבן נאָמען, וואָס אין צייטונג. „דאָס איז עס" — טראַכט ער.

ער קומט אַריין אין קראָם. עס איז דאָ טונקל, און עס ברענען גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן אין דער פאָרמע פון הענגענדיקע ליכט. פון די פּאָליצעס זעען זיך אַ סך, אַ סך קלעצלעך פאַרביקע וואַרע. אויך די צוויי לאַנגע טישן, לענג־אויס צוויי ווענט, זיינען פאַרוואָרפן מיט סחורות. עט־לעכע קונה׳טעס זיינען דאָ. ביי איין טיש שטייט אַ הויכער, רייך־געַ־גאַלטער מאַן און ביים צווייטן טיש — אַ פרוי. דער מאַן קוקט אויף בענ־סאָנען און שמייכלט צו אים, ווי צו אַ קונה... דער שמייכל איז ניט קיין זיכערער: אַ קונה, אָבער אַן אַנדער סאָרט קונה... בענסאָן זעט אין אים, אַז ער ווייסט שוין צוליב וואָס ער איז אַהער געקומען. ער זעט עס דערפון, וואָס דער פאַרקויפער קוקט אויף בענסאָנס צייטונג...

— האַ דו יו דו? — גריסט ער בענסאָנען. די פרוי וואַרפט צו אים אַ בליק פון צוויי ליכטיקע בלויע אויגן. אַ לאָק טונקל־ברוינע האָר פאַלט איר אויפן שמאָלן קלאָרן שטערן. זי אַנטציקט אים מיט איר האַנט. די האַנט איז אַ קליינע, אַ ווייסע, און איבער יעדן פינגער אַ חן־גריבעלע. דאָס ברייטלעכע מויל איהרס איז ליידנשאַפטלעך און אין דער לינקער באַק איז דאָ אַ חן־גריבעלע. בלויז אין איין באַק.

זי שמייכלט צו בענסאָנען. אויך זי כאַפּט אַ קוק אויף דער צייטונג, וואָס שטעקט אַרויס פון זיין קעשענע. ווידער פאַלט דער לאָק האָר צום בלויען אויג צו, ווידער פאַרשאַרט זי אים און די באַוועגונג פון איר קליינער האַנט און פון די פינגער מיט די חן־גריבלעך איבער זיי כישופן דעם חתן.

בענסאָן וואַרט. ער קוקט צופיל אויף דער שיינער פרוי. גיך ווענדט ער אָפּ זיין בליק און באַטראַכט אַלע פּאָליצעס.

אין קראָם לויפן אַריין צוויי קינדער אויף רעדלעך, אַ ייִנגל פון אַ יאָר אַכט און אַ מיידעלע פון אַ יאָר זעקס. דער מאַן באַטראַכט די קינ־דער מיט אַ שטרענגן בליק און די פרוי שרייט אויף זיי. זי איז זייער מוטער. דאָס מיידעלע איז זייער גערואָטן אין איר. זי הייסט זיי גיין. זיי ווילן געלט. זי טוט אַ קום אַרויס צו זיי. ווי חנעוודיק זי שטעלט אירע טריט! ווי שיין זי בויגט אויס איר האַלדז!... בענסאָן כאַפּט זיך, אַז ער קוקט שוין ווידער אויף דער פרוי, און ער דרייט אַוועק דעם קאָפּ. ער הערט ווי זי גיט די קינדער געלט און שיקט זיי אַרויס פון דער קראָם. באַלד דערהערט ער דאָס רוישן פון די אייזערנע רעדלעך אויפן טראָטואַר ביי דער קראָם. ער דערהערט איר שטים: „איך וועל באַלד זיין מיט אייך״.

ער ציטערט אויף און באַגעגנט זיך מיט אירע אויגן נאָענט, נאָענט, בליק צו בליק. זי זעט זיין פאַרלוירנקייט און זי שמייכלט שעמעוודיק, און דאָס פּאַסט איר נאָך שענער. ער הערט ווי זי גייט אָפּ. אירע שיכלעך קלאַפּן איבערן דיל ווייטער, ווייטער...

אין אַ ווײַלע אַרום דערהערט ער איר שטים:

— דו יו מאַינד?

זי רופט אים. זי שטייט פון יענער זייט טיש ביי אַן אָפענער טיר. זי לאַדט אים איין. אַ באַרוישטער, מיט אַ לייכטן פראָסט אין אַלע גלידער, גייט ער איר נאָך.

דאָס צימער פון יענער זייט טיר, איז אַ האַלבע קיך און אַ האַלבער שלאָפצימער. אַ קליין טישל. אַ בענקעל און אַ סאָפע ביי דער וואַנט. עס שמעקט דאָ מיט קאַווע און טאָרט. זי צינדט אָן דאָס עלעקטרישע ליכט. זי בעט אים זיך זעצן. ער זעצט זיך אויפן בענקל. זי שפּאַרט זיך צו אויף דער קאַנאַפּע.

— ווי איך פאַרשטיי... — הויבט זי אָן.

זי רעדט און ער שווייגט. ער דאַרף זיין זאַכלעך, ענטפערט ער קורץ און — צום פונקט, אָבער ער איז מיט איר איינשטימיק אין אַלץ וואָס זי זאָגט. דער פּרייז איז צוגענגלעך. אַזוי דאַכט זיך אים... ער פילט, אַז ער פאַלט אַריין דערפאַר, ווייל ער שטימט צו אַלץ צו. ער דערשרעקט זיך... ער וועט זיך ניט אונטערגעבן! אָ, ניין, ניט בענסאָן!...

— זייער פיין, — זאָגט ער, און זיין שטים ציטערט — אָבער איר וועט מיר ערלויבן זיך איבערצייגן אין אַלץ וואָס איר זאָגט.

— וואָס מיינט איר? — פרעגט זי שטרענג.

— איך מיין — זאָגט ער ניט זיכער — מ׳דאַרף אָפּשטיין מיט אייך אַ צוויי וואָכן... — ער פאַרכאַפּט זיך, טאָמער איז עס צופיל פאַרלאַנגט — כאָטש אַ וואָך און זען...

— אָך, מיט פאַרגעניגן! — זאָגט זי און גיסט אים אָפּ מיט אַ הייסן שטראָם ליכט פון אירע אויגן.

— אָך, מיט פאַרגעניגן! — רופט אויך ער אויס באַגייסטערט און ער דערשרעקט זיך פאַר זיין אייגן קול. זי לאַכט. ער פאַרלירט זיך. ער פינטלט מיט די אויגן. ער קען זיין בליק. ניט אָפּרייסן פון איר. זי שווייגט. ער שווייגט. אויף וואָס וואַרטן זיי?

— מען דאַרף גיין צו דער אַרבעט! — זאָגט זי שטרענג. זי טוט זיך אַ הויב אויף און שלייכט זיך דורך פאַרביי אים אַזוי נאָענט, אַזוי

נאָענט... ער גייט איר נאָך. ער שטייט אין קראָם און מאַכט אַ זאַכ־
לעך געזיכט. ער כאַפּט אַ קוק אויפן זייגער. ער וואָלט נאָך געקענט זיין
ביי עטלען פאַר פיר. ער רעכנט זיך אויס, ער זאָל ניט פאַרשפּעטיקן.
די פּינקטלעכקייט רעדט אין אים... און ווען די צייט קומט, פאַרנויגט
ער זיך פאַר די באַלעבאַטים פון דער קראָם. ער לאָזט זיך צום סאָבוועי.
ער פילט דער פּרויס בלויע אויגן אין זיין בליק. ער שמייכלט און ער
פילט איר שמייכל אין זיינעם. ער האָט דאָס געפיל, אַז ער לאַכט צו זיך
אַליין און ער דערשרעקט זיך פאַר זיין בליק און פאַר זיין שמייכל און
פאַרן געלעכטער, וואָס קלינגט אים משונה־פרעמד.

ער קוקט אויף זיין האַנט־זייגערל. אודאי וועט ער זיין ביי עטלען
פיר אַזייגער, פּונקט פיר, ווי ער האָט איר צוגעזאָגט, אָבער די איצטיקע
פּינקטלעכקייט באַקומט אים ניט: ער פילט, אַז היינט, דאָס ערשטע
מאָל, זינט ער איז צו זיין שכל געקומען, איז ער אַראָפּ פונעם וועג, און
די פּינקטלעכקייט, מיט וועלכער ער קומט היינט זען זיין כלה, איז די
לעצטע פּינקטלעכקייט אין זיין אויסגעפּלאָנטעטן לעבן.



# זיין אויסגעשטרעקטער אָרעם

**אויף** איינער פון די רוישיקע גאַסן אין דער גרויסער שטאָט, ביי דער שטיינערנער וואַנט פון אַ הויך־הויכן מויער, שטייט ער. אַ וואוקסיקער אַלטער מאַן מיט אַ סטולער פּלייצע. זיין לאַנגער אָרעם איז אויסגעשטרעקט פאָרויס און ציטערט, אָבער האַלט געדולדיק אויס די שטענדיקע אויסגעשטרעקטקייט. צווישן די לאַנגע קרומלעכע פינגער פון דער אויסגעשטרעקטער האַנט זעען זיך עטלעכע צונויפגע־דריקטע בלייפעדערס.

ער קומט אַהער, ווען עס איז נאָך פינצטער. פון דער קעשענע, פון זיין קאַלירלאָזן מאַנטל נעמט ער אַרויס אַ קליין שיסעלע אויף אַ שנירל. ער טוט אָן דאָס שנירל איבערן קאָפּ און עס בלייבט הענגען אויף זיין לאַנגן, געקאַרבטן נאַקן. דאָס קופּערנע שיסעלע — אויף זיין שמאָלער ברוסט. נאָכדעם נעמט ער זיינע בלייפעדערס, דריקט זיי צונויף אין דער אַלטער האַנט, שטרעקט זי פאָראויס און בלייבט אַזוי שטיין אין אַ פאַר־גליווערטער פּאָזע.

פאַמעלעכן און שטיל שיילן זיך די שטיינערנע געביידעס אויס פון די נאַכטיקע שאָטנס. עס לעשן זיך די גאַסן־לאָמפּן, און אַלץ אַרום ענ־דערט זיך אין אַנבליק. אַ ווײַלע דאַכט זיך, אַז דער אַרום וואַרט, די לאָמפּן זאָלן זיך צוריק אָנצינדן. עס קוקן די ווייסע, ווי געפרוירענע גלעזער פון די לאָמפּן און הונדערטער טויזנטער רייען טונקעלע פענצ־טער פון די גרויסע געביידעס אַרום.

אין זוניקע פרימאָרגנס שיינען אויף די אונטערשטע רייען פענצ־טער, די פענצטער פון די קראָמען, מיט פאַרביקע סחורות. אין כמורנע טעג בלייבן די גרויסע שטיינערנע געביידעס שווער, ניט דערוואַכט און זיי ווינקען צום קונה מיט מידע עלעקטרישע לעמפּעלאַך.

און דער אַלטער מיט זיין אויסגעשטרעקטן אָרעם איז דאָ שטענדיק. ער וואַרט אויף אַ נדבה. זיין פּנים איז גוט אויסגעגאָלט, די קליינע וואַנ־

ציעס—פייכט, די רונדלעכע אויגן אין אַ פֿאַרגליווערטער דערנידעריקונג און די ליפּן, בלוי־בלייכע, באַוועגן זיך. אויב עמיצער פֿון די דורכגייער וואַרפֿט אַריין אַ פּעני אין טעפּעלע און נעמט ניט קיין בלייפֿעדער, וואונ־דערט זיך ניט דער בעטלער: כמעט אַלע גיבן פּעניס און נעמען גאָרניט. עס געשעט אָבער דאָך, אַז איינער וואַרפֿט אַריין אַ פּעני, אָדער צוויי און נעמט אַ בלייפֿעדער פֿון דער אויסגעשטרעקטער, ציטעריקער האַנט. דאַמאָלט דערוואַכט דער אַלטער פֿון זיין פֿאַרגליווערטקייט, ער דרייט אויס דעם קאָפּ און קוקט נאָך דעם קונה...

מאַכט זיך, אַז עמיצער וואַרפֿט אַריין אין טעפּעלע אַ גאַנצן ניקל. דעם אַלטנס פּנים ווערט אויגנבליקליך פֿאַרוואַנדלט. אַ שוואַכע בלייך־ראָזע פֿאַרב לייגט זיך ווי אַ שאָטן אויף זיינע קאָלירלאָזע באַקן. ער וויל זעטיקן זיין בליק מיט דער שיינער ווייסער מטבע, און ער האָט מורא בייטן זיין פּאָזע. ער קוקט זיך פֿאָרזיכטיק אום. נאָכדעם פֿאַרקוקט ער אין שיסעלע. איבער די עטלעכע פּעניס אויפֿן דעק ליגט ברייטלאַך דער פֿריילעכער ניקל, ווי ער וואָלט געשמייכלט צום אַלטן.

דער אַלטער שמייכלט צוריק. דערפֿון קרימט זיך זיין ברייט מויל. ער דערהערט אָנקומענדיקע טריט, און ער ווערט גלייך פֿאַרוואַנדלט אין אַן אונבאַוועגלעכער באַשעפֿעניש מיט זיין אויסגעשטרעקטן אָרעם פֿאָר־אויס, אין דער הויך. אַזוי ווי ער וואָלט געווען צוגעשמידט צו דער שטיי־נערנער וואַנט און ער וואָלט זיך אייביק געריסן פֿון איר.

זומער און ווינטער, אין היץ, רעגן און אין שניי, שטענדיק איז ער דאָ. ווער איז ער? פֿון וואַנען איז ער געקומען? און ווען וועט ער אַוועקגיין?

---

עס קומט אָן אַ טאָג, און דער אַלטער באַמערקט, אַז עס פֿעלן אים עטלעכע בלייפֿעדערס. אויף די איבערגעבליבענע איז די פֿאַרב אָפּגע־קראָכן. ער באַשליסט קויפֿן נייע. צוליב דעם לאָזט ער זיך אין דער נאָנסטער פֿינף און צען סענט קראָם, איין בלאָק פֿון דאַנען.

ער באַהאַלט דאָס שיסעלע אין קעשענע און שטופּט אין מויל אַ שטיק קיי־טאַבאַק. איין באַק ווערט דערפֿון גלייך ווי אָנגעשוואָלן, אָבער דאָס גאַנצע פּנים קריגט אַ זאָרגלאָזן, פֿריילעכן אויסזען. ער גייט גלייך אין דער קראָם פֿון מציאות. ער געדענקט גענוי דעם טיש דאָרט, וואָס איז רייך אָנגעשטעלט מיט זאַכן צום שרייבן. דער טיש איז אַ לאַנגער

און אַ רויטער. ער געדענקט אויך די פּאַרקויפערין, אַ ליכטיק־האָריקע מיידל.

ער קומט אַריין אין קראָם און לאָזט זיך צו „זיין" טיש. ער דער־קענט די יונגע פּאַרקויפערין.

— גוד מאָרנינג! — זאָגט ער ווירדיק, ווי אַ סוחר, וואָס איז געקו־מען אַהער נאָך מער ווי איין בלייפעדער. אָט וועט זי באַלד זען...

די מיידל ענטפערט ליבלאַך אויף זיין באַגריסונג. זי איז אָנגעטאָן אין אַ בלויען אַרבעט־כאַלאַט איבערן גרינגן קלייד. איר פּנים איז גע־פּוידערט און די שיינקייט פון אירע ליפּן האָט זי אונטערגעשטראָכן מיט צוויי טונקל־רויטע ליניעס. אירע ליכטיקע אויגן גלעטן. זי קוקט אויף זיין גרויסער געלבלעכער האַנט, וואָס קלייבט איבער די פּאַרביקע שרייב־פעדלאַך. אָט האָט ער שוין אָפּגעקליבן אַ טוץ, אָבער עס איז אים ניט גענוג... אַכצן, ניינצן, צוואַנציק... גאַנצע צוויי טוצן האָט ער שוין אָנגעציילט. ער כאַפּט פאַרגנבעט אַ בליק אויף דער מיידל. ער איז זי־כער, אַז זי איז געפּלעפּט פון זיין ריזיקן איינקויף. זי ווייסט אַפילו ניט ווער ער איז... ער גיט איבער די בלייערס וואָס פלאַמען נאָך אין זיינע לאַנגע פינגער מיטן איבערגוס פון געל, רויט, בלוי און גרין.

די מיידל נעמט איר שיינע סחורה אין איר קליינער, ווייסער האַנט. זיי זיינען אַזוי פיל, אַז זי קאָן זיי ניט איינהאַלטן. זיי צעפּאַלן זיך איבערן טיש מיט אַ שטילן, פריילעכן רויש. זי נעמט זיי צונויף, ציילט זיי איבער און שטרעקט אויס די האַנט נאָך געלט.

מיט גרויס חשיבות צאָלט ער איר אָפּ. זי פּאַקעוועט די בלייערס אין אַ לאַנגן, געלן שקאַרמיץ. ער נעמט ניט אַראָפּ פון דער מיידל זיינע פריילעכע אויגן. ער פאַרגעסט, אַז זי דאַרף אים, דעם קונה, דאַנקען. ער זעט, ווי זי לעגט אויס די בלייפעדערס גאַמעלע צו גאַמעלע און ער זאָגט מיט פרייד: „טענק יו!"

— יו אַר וועלקאַם — ענטפערט די פּאַרקויפערין און יעדעס וואָרט שוועבט אַרויס פון אירע ליפּלאַך אַ גרינגס און אַן אויסגעוואַרעמטס.

דער אַלטער נויגט זיך דזשעלטלמעניש און לאָזט זיך, אַ שטאָלצער, צום אַרויסגאַנג.

# ביי אונדז אין בלאָק

(אַ קריזיס־בילד)

עס איז שוין נאַכט, אָבער די וואוינונג פונעם אַרבעט־לאָזן שטיינבאַרג איז ניט באַלויכטן. ער איז אין דער פרי אַוועק זוכן באַשעפטיקונג, און נאָך ניט צוריקגעקומען. ער איז, ווייזט אויס, געבליבן צום מיטינג פון זיין יוניאָן, און אַהיים וועט ער שוין קומען האַלבע נאַכט.

די מיסעס שטיינבאַרג זיצט ביים טונקל־גרויען פענצטער, צום הויף. זי איז זייער מיד. איר האַרץ קלאַפּט אָפּט. זי איז נאָך יונג און ניט מיאוס, נאָר איר האַרץ איז אָפּגעשוואַכט, און דער דאָקטאָר האָט איר פאַרזאָגט ניט צו אַרבעטן. זי האָט נאָר־וואָס פאַרשלעפערט דאָס זעקס־חדשים׳דיקע קינד. מיטן עלטערן, דעם אַכט־יעריקן זון, האָט זי זיך צעקריגט.

— מאַ! — רופט דער זון, סאַל, פון דער פינצטערניש אַרויס. — איך בין נאָך הונגעריק!

— מוטשע מיך ניט — ענטפערט די מוטער צערייצט.

— פוי! — רופט אויס סאַל מיט עקל — עלעקטריק — ניטאָ, געז ניטאָ... וואו איז פּאַ?

— לאָז אים צורו, — בעט די מוטער.

— „צורו" — קרימט סאַל איבער. — מיין פאָטער איז אַ פוילענצער.

— סאַל! — בעט די מוטער.

— „סאַל" „סאַל"... פאַרוואָס אַרבעט ער ניט?

— און ווער אויף אונדזער בלאָק אַרבעט דען יאָ? — פרעגט מיסעס שטיינבאַרג.

— אויף אונדזער בלאָק זיינען אַלע פוילענצער, — זאָגט דער קליי־נער און פרעגט עזותדיק: — און פאַרוואָס אַרבעט דער אָנקל וואולף?

די מוטער איז צופרידן, וואָס עס איז איצט פינצטער. אַלאַ ניט, וואָלט סאַל געזען, ווי זי איז רויט געוואָרן.

וואולף און שטיינבאַרג האָבן נאָך פאַראַיאָרן געאַרבעט אינאיינעם. וואולף זעט אַלץ און שוויגט. ער איז אַ קלוגער, און דער באַלעבאָס שאַצט עס אָפּ. אָבער שטיינבאַרג איז געווען דער פירער פונעם סטרייק. דעם קאַמף האָבן די אַרבעטער פאַרלוירן, און שטיינבאַרגן האָט מען „אָפּ־געלייגט". וואולף איז שטענדיק זאַט, גוט אָנגעטאָן און אין קעשענע קלינגט ביי אים געלט. אַמאָל האָט ער זיך גע׳חבר׳ט מיטן פאָטער.

איצט באַווייזט ער זיך, ווען שטיינבאַרג איז אין דער היים ניטאָ. ער קומט און ברענגט מתנות. ווער דאַרף אים? שטיינבאַרג וועט נאָך געפינען אַרבעט. טראַכט די פרוי. די וואוינונג וועט ווידער אין די אָוונטן זיין באַלויכטן און וואולף וועט ניט וואַגן צוצושטיין צו איר. ער איז כיטרע. ער ווייסט, ווען שטיינבאַרג איז ביי אַ מיטנגג. דאַמאָלט קומט ער. ער וועט מסתמא היינט אויך דאָ זיין.

— מאַ! — רופט סאָל.

— וואָס?

— איך וואָלט געוואָלט האָבן אַזאַ פּאַפּ ווי וואולף.

— ביסט אַ נאַר, — איז די מוטער מכבד דעם זון.

— דאָס איז אַלץ, וואָס דו קאָנסט, — בייזערט זיך סאָל, — זידלען זיך...

די מוטער ענטפערט אים מער ניט. אין צימער איז שטיל. דאָס קינד אין וועגעלע איז אומרואיק. פון דרויסן דערהערט זיך דאָס ברומען פון אַ לאַסט־אויטאָ. די שויבן אין די פענצטער קלינגען שוואַך. דער דיל און די ווענט ברומען מיט. דאַכט זיך, אַז די סטעליע ציטערט.

באַלד ווערט צוריק שטיל. די טונקעלע בלויקייט אין די פענצטער ווערט עטוואָס ליכטיקער. די מאַמע זעט קוים דעם סילועט פון איר זון אויפן בענקל ביים טיש. זי וואַרט, ער זאָל דאָרט זיצנדיק אַנשלאָפן ווערן. וועט זי אים איבערטראָגן אין בעט.

אין דרויסן דערהערן זיך טריט.

— אפשר איז דאָס דער פעטער וואולף? — זאָגט סאָל און זיין שטים קלינגט הונגעריק און אומגעדולדיק. די מוטער ענטפערט ניט. די טריט ווערן אַנשטילט. קיינער.

שפּעטער דערהערן זיך זיכערע, שווערע טריט. די מאַמע און דער זון דערקענען וואולפס גאַנג. ער קלאַפּט גרינג אין טיר, און נאָך איידער מען לאָדט אים איין, עפנט ער זי און שטעלט זיך אַריין.

— העי! — שרייט ער פריילאַך — וואו זענט איר ערגעץ?

— דאָ, דאָ — ענטפערט לוסטיק סאָל און כאַפּט אָן וואולפס גרויסע האַנט.

— און וואו איז די מאַמע? — פרעגט דער „אַנקל".

— אָט דאָרטן, — ווייזט סאָל אָן מיט אַ פינגער צום פענסטער. וואולף זעט ניט דעם יינגלס האַנט, ער באַמערקט אָבער די פרוי ביים פענסטער און ער גייט גלייך צו צו איר.

— אַ גוטן אָוונט! — גריסט ער און גיט צו פּאַטערליך: — אַ לעבעכטס, פינצטער און עס טראָגט מיט הונגער... — ער טוט זיך בריה׳ש אַ דריי אום אויף די קנאַפּל. — העי, סאָל! — רופט ער דאָס יינגל, — טו נאָר אַ גיי און קויף ברויט און מילך און צוקער, און פּוטער, און... און די הויפּטזאַך, זון, ניט פאַרגעס אַ ליכט, אַ גרויס גרויס ליכט, אַזוי גרויס ווי דו! דאָ האָסטו קליינגעלט.

— מע דאַרף ניט! מע דאַרף ניט!! — בעט זיך מיסעס שטיינבאַרג, נאָר וואולף הערט זי ניט. ער שטופּט אַ פּאַפּירענעם דאָלער דעם יינגל אין האַנט אַריין. דער קליינער לויפט באַלד אין קראָם.

דאַמאָלט קומט וואולף צו צו דער פרוי ביים פענסטער און וויל זי אַרומנעמען.

— ניין, ניין! — בעט זי זיך. ער בויגט זיין פּנים צו אירן און ציט זיך מיט זיינע ליפּן צו איר. מיט אירע קליינע שוואַכע הענט שפּאַרט זי זיך אין זיינע הייסע באַקן און אין זיין ברייט מויל און זי וואָרענט אים:

— איך וועל אַזאַ געשריי טאָן, אַז אַלע שכנים וועלן זיך צונויפלויפן.

— זיי ניט קיין נאַר, — מאַכט ער שיכורלאַך און וויל צונעמען אירע הענט פון זיין פּנים. אָט, אָט, און זי גיט נאָך. זי איז שוואַך. זי אָטעמט שווער און זי פּכינקעט ווי אַ קינד, וואָס לאָזט זיך ניט שלאָגן. נאָך איין אָנשטרענגונג, און ער וועט זי אַרומנעמען. נאָר דאָ לויפט אַריין סאָל. מיט זיין גאַנצער שווערקייט טוט וואולף אַ שפּרונג אָפּ פון דער פרוי. אים דאַכט זיך, אַז זי וויינט. סאָל צינדט אָן דאָס ליכט. וואולף קוקט אויף דער באַלעבאָסטע. יאָ, זי וויינט. אַריינגענומען דאָס פּנים אין די הענט און די שטאַלטנע, שמאָלע פּלייצע ציטערט.

— וועטשערע! וועטשערע! — רופט פריילאַך סאָל. — און אייך, אָנקל, צוועלף סענט אויסגאַב.

— נעם עס זיך — זאָגט דער גוטער גאַסט.

— ניין, — באַשטייט דאָס יינגל אויף זיינעס. — דאָס איז אייערס. וואולף נעמט דאָס קליינגעלט.

סאָל קוקט צו דער מוטער און דערזעט, אַז זי וויינט. ער וואונדערט זיך: וואָס הייסט? און דער גוטער אָנקל, אַזאַ גרויסער און אַזאַ שטאַרקער, און ער זעט אויס פאַרלוירן. די מוטער נעמט אַוועק די הענט פונעם פּנים. זי גלייכט זיך אויס. אירע בלויע אויגן זיינען פאַרוויינט, זי קוקט אויפן טיש, וואָס איז אָנגעשטעלט מיט שפּייז און זי זאָגט פאַרצווייפלט:

— מיסטער וואולף, איך בעט אייך!... זי דערזאָגט ניט. ער קוקט באַליידיקט אויף איר, ווינקט צום זון און גייט אַוועק. סאָל קוקט אים נאָך. ער קוקט באַלד צו דער מוטער. איר פּנים איז בייז און באַליידיקט. זי שפּרינגט אויף פון איר אָרט, לויפט צו דער טיר און פאַרשפּאַרט זי. דאַמאָלט וועקט זי אויף דאָס קינד און גיט אים עסן צו דער זאַט. אַליין רירט זי זיך צו דער שפּייז ניט צו. ערשט שפּעטער נעמט זי אַ פּענעצל ברויט און קייעט הונגעריק. זי קוקט אויף די זאַטע קינדער. זי באַלייגט זיי שלאָפן, לעשט אויס דאָס ליכט, לייגט זיך אין בעט און הערט זיך איין. איר דאַכט זיך, אַז וואולף האָט זיך פאַרטאַיעט אין ווינקל. באַלד וועט ער צוקומען און זי אַרומנעמען. „נאָך אַלעמען איז ער ניט קיין שלעכטער" טראַכט זי וועגן אים. זי דערמאָנט זיך אָן דעם מאַן. ער וועט קומען אַ הונגעריקער. עס זיינען נאָך אַלץ פאַרבליבן צוויי בולקעלאַך. ער וועט אַפילו ניט פרעגן, וואו זי האָט זיי באַקומען. ער וועט זיי דערזען אויפן טיש און ער וועט זיי פאַרניכטן... אַזאַ איז ער שוין: צוטרויליך און ערלאַך ביז גאָר.

זי שמייכלט. זי וואַרט אויפן מאַן. עס הערט זיך טריט. ניין, דאָס איז ניט ער. די פינצטערניש פון צימער כוואַליעט זיך אין אירע מידע אויגן. זי איז מיד — מיד. פּלוצים, דאַכט זיך איר, האָט זיך דאָס ליכט ווידער אָנגעצונדן. זי זעט, דער טיש איז אָנגעשטעלט, פאַרשאָטן מיט אַ באַרג בולקעלאַך..... זי האָט געכאַפּט אַ דרעמל. זי האָט זיך דורכגעוואָרפן. דער מאַן שטייט ביים טיש און צינדט אָן דאָס ליכט. אין שרעק האָט זי צוגעמאַכט די אויגן. ער איז צוגעקומען צום בעט און געקוקט אויף איר. ער איז געווען זיכער, אַז זי שלאָפט.

ער גייט צום טיש. ער זעט צוויי ראָלס, אַ שטיקעלע פּוטער אין שאָל און אין פלאַש אַביסל מילך. ער טראַכט מיט באַוואונדערונג וועגן דער בריהשאַפט און דערפינדערישקייט פון זיין פרוי. ער גייט ווידער צום בעט. ער קוקט דאָ אויף זיין ווייב און דאָ אויף די פּנימער פון זיינע זין. ביי די קינדער שפּילן די באַקן מיט אַ גליקלעכער רויטקייט. דער ווייבס פּנים איז בלייך און מיד. אַפילו אירע ליפּן זיינען בלאַס. אונטער די געשלאָסענע אויגן טונקעלע רינגען. שטויסט ער זיך אָן, אַז זי האָט ניט געגעסן. ער וויל זי וועקן און עסן מיט איר אינאיינעם, אָבער ער וואַגט ניט.

ער זעצט זיך צום טיש און טיילט די שפּייז אויף צוויי חלקים: אַ קלענערן און אַ גרעסערן. דעם קלענערן נעמט ער זיך און דעם גרעסערן לאָזט ער פאַר איר, פאַר זיין גוטער, פאַר זיין וואונדערלעכער פרוי.

# אינעם שאָטן פונעם בוים

די יונגע מיסעס בלום, האָט זיך ניט געקאָנט פאַרגינען זומער פאָרן אין דאָרף, ווי עס האָבן געטאָן אַנדערע פון אירע אייגענע און באַקאַנטע. איר מאַן האָט ניט גענוג פאַרדינט פאַר איר מיט די צוויי קינדער, און זי האָט אַלעמאָל געמוזט פאַרבלייבן אין שטאָט און אַרבעטן שווער אין הויז.

זי האָט אָפט געפילט, אַז די שטוב־אַרבעט איז איבער אירע כוחות. זי האָט זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן. האָט דאָך דער מאַן אויך שווער געאַרבעט.

די קינדער זײַנען אונטערגעוואַקסן. מען האָט זיי באַדאַרפט שיקן אין שול. זייער וואוילשטאַנד איז אײַנגאַנצן געווען אָפּהענגיק פון איר מי, און זי האָט דעריבער מיט ליבע געטראָגן דעם יאָך ווייטער און ווייטער.

די בלומס האָבן געוואוינט אויף אַ רוישיקער גאַס פון אַ גרויסער שטאָט, ווייט פון אַ גאָרטן און פון אַ טײַך, און נאָר דער יונגער דעמב, וואָס איז אין הויף פונעם „טענעמענט"־הויז געוואַקסן, האָט דערמאָנט דאָס געגאַרטע, ניט־געזעענע דאָרף.

אין דער גרויסער אַמעריקאַנער שטאָט, ווי אין אַלע אַנדערע שטעט און דערפער איבערן לאַנד, איז אָנגעקומען אַ פּעריאָד פון מזל ברכה, אָדער, ווי מע האָט עס דאָ אַפילו אויף יידיש גערופן „פּראָספּעריטי". בלום איז ניט רײַך געוואָרן, ער האָט אָבער בעסער פאַרדינט ווי פריער. אין דער צייט זײַנען שוין אויף וואַקאַציע געפאָרן אויך פרויען פון אַר־בעטער. מיסעס בלום איז נאָך אַלץ פאַרבליבן אין שטאָט אויפן זומער. נאָר אָט האָט אַ שכנה, וואָס איז פאַראַיאָרן געווען אין אַ קעמפּ, אײַנגע־רעדט די מיסעס בלום צו פאַרברענגען דאָרט כאָטש אַ פּאָר וואָכן. זי האָט געפאָלגט דער גוטער שכנה און זיי זײַנען אינאיינעם אַוועק אין דאָרף.

לאַנג האָט זי דאָרט ניט געקאָנט פאַרבלייבן. די צווײ װאַכן, װאָס זי האָט דאָרט פאַרבראַכט האָבן זי אָפּגעפרישט.

די דאָרפישע שטילקייט האָט זי באַרואיקט. אין לויטערע טעג איז דער הימל געהאַנגען אויסגעשפּרייט מיט אַ טיפער בלויקייט, וואָס האָט געטריפט מיט אַן אומגעווײנלעכער װאַרעמקייט און ליכט. אין וואָלקנ־לאָזע נעכט איז דער הימל געווען געדיכט פאַרזייט מיט גרויסע, פינקל־דיקע שטערן. דער וואַלד און דאָס פעלד אַרום קעמפּ האָבן געשעמערירט מיט אַ רייכן איבערגוס פון גרינע קאָלירן. אין וואָלקנדיקע װעטערן איז דאָ אַלץ אַרום געווען טונקל און אומעטיק, אָבער עס האָט אויסגעזען, װי דער דאָרפישער אַרום טרינקט זיך אָן מיט די זאַפטן פון דער ערד, אַז ער זאָל אין די קומענדיקע זוניקע טעג און לויטערע נעכט װערן נאָך פאַרביקער און רייכער.

אַלץ איז דאָ געווען ניי, און יונג און פריש. מיסעס בלום האָט זיך דערפילט ייִנגער פון אירע יאָרן. זי האָט גערוט, פון פרייד און אָפּטן צופלוס פון יוגנטלעכע געפילן, איז זי, אין אירע הויזלאַך אומגעלאָפן װי אַ מיידעלע און זיך געקייקלט אין גראָז.

זי האָט זיך אומגעקערט אין שטאָט און לאַנג נאָכדעם האָט זי גע־זען פאַר זיך דעם קעמפּ אין זיין גרינער פרישקייט און אין זיין שטילקייט. די שטאָט איז פאַרבליבן װי געווען: רוישיק, אומרואיק, פול מיט זאָרג און אָנגעשטרענגטער מי.

דער יונגער דעמב אין הויף האָט איצט געהאַט אַ באַזונדער באַדייַ־טונג פאַר דער מיסעס בלום. זי האָט זיך אָפּט צוגעקוקט צו אים און זיך אייַנגעהערט אינעם פרידלעכן פליסטערן פון זיינע בלעטער.

עס איז אַריבער דער זומער. דער דעמב האָט זיינע בלעטער אָנגע־הויבן פאַרלירן. ווינטער איז ער געשטאַנען אַ הוילער, קרעכצנדיק מיט די טונקעלע צווייגן פון ווייטיק און בזיון. װי נאָר ער האָט דערפילט דעם אָטעם פונעם פרילינג־ווינט, האָט ער זיך אויסגעגלייכט. זיינע האַר־טע צווייגן זיינען װי ווייכער געוואָרן און אויף זייערע שפּיצן האָבן זיך געוויזן — און פון טאָג צו טאָג געמערט — שוואַרצלעכע קערעלאַך. זיי זיינען געווען אָנגעשפּאָלטן פון אין זייט און זיי האָבן זיך פאַרענדיקט מיט זייער קליינע עפּענונגען, װי ברויזן־מיילכעלאַך, װאָס טרינקען טוי און ליכט פון דעם הימל.

נאָכן ערשטן פרילינג־רעגן האָבן זיי זיך צעעפנט און פון די מייל־כעלאַך האָבן זיך באַוויזן גרינע צינגעלאַך, צאַרטע און שפּיציקע.

אַ פֿאַרמאַטערטע פֿון איר שווערער אַרבעט, האָט די פֿרוי, געקוקט אויפֿן באַנייטן בוים. זי האָט זיך דערמאָנט אַנ׳ם דאָרף און אָן די לידער, וואָס זי האָט זיך דאָרט אויסגעלערנט און זי האָט איצט געזונגען די זעל־בע מעלאָדיעס.

זי האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און באַמערקט, ווי זי עלטערט זיך. זי האָט אָבער די עלטער ניט געפֿילט. זי האָט זיך קוים דערוואַרט אויפֿן זומער און איז ווידער אַוועק אין דאָרף אַריין.

נאָכדעם איז שוין ביי איר געוואָרן שיר ניט אַ מנהג יעדן זומער אַרויספֿאָרן אין דאָרף אויף וואַקאַציע.

איין מאָל פֿרילינג, (דער דעמב אין הויף האָט זיך צעגרינט) האָט מי־סעס בלום באַמערקט אין אירע טונקעלע קרוילן עטלעכע גרויע האָר. זי האָט אַ ציטער געטאָן. זי האָט שפּעטער אַ קוק געטאָן אויפֿן דעמב. אַ יונגער, אַ באַנייטער, איז ער געשטאַנען און געשאָרכט מיט זיינע קורצע, שפּיציקע בלעטער. די פֿרוי האָט דערפֿילט אַ ווייטיק און אַן אייפֿערזוכט צום אייביקן־יונגן בוים.

אין אַ יאָר אַרום איז די צאָל פֿון גרויע האָר אין איר שיינעם קאָפּ גרעסער געוואָרן. אַרום אירע שוואַרצע אויגן האָבן זיך באַוויזן קנייטשן.

דער מאַן און די קינדער האָבן זי ליב געהאַט ווי שטענדיק, נאָר זי איז געווען אומרואיק. זי האָט די עטלעכע גרויע האָר צוגעפּאַרבט, דאָס פּנים — מאַסאַזשירט, אין קעמפּ זומער זיך פֿריילעך געמאַכט און גע־שטיפֿט, אָבער די אָנקומענדיקע עלטער האָט זי פֿאַרפּאָלגט.

זי האָט געקלערט „דער דעמב איז נאָך אַלץ יונג און בליט, און מיר איז באַשערט צו וועלקן און צוריק ניט אויפֿצובליען״.

עס איז געוואָרן ווינטער.

די פֿרוי האָט זיך איינגעהערט צום קרעכץ פֿון די דעמבענע צווייגן, און איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט עפּעס אַ נייעם טאָן. אָבער מיטן פֿרילינג האָט דער בוים צוריק דערוואַכט, ער האָט געוויגט מיט זיינע שטאַרקע צווייגן, ווי ער וואָלט אַראָפּגעטרייסלט פֿון זיך דעם דערעס־לעכן ווינטער:

מיסעס בלום האָט נאָכגעקוקט נאָך דער סודות׳דיקער אַנטוויקלונג פֿון בליען. און זי האָט געזען, ווי די בליאונג איז געוואַקסן און זיך גע־מערט, ווי די צאָל בלעטער איז געוואָרן גרעסער און זייער גרינקייט ריי־כער און זאַפּטיקער.

איין אין דער פֿרי האָט זי באַמערקט איין צווייג מאָגער באַוואַקסן

מיט בלעטער, און זיי זייגען, דאַכט זיך, געווען קלענער פון די אַנדערע, קלענער און פרעמד, ווי פון אַן אַנדער בוים.

אינעם חודש יולי, איידער זי איז אָפּגעפאָרן אין דאָרף, האָבן יענע בלעטער שוין געוועלקט.

די פרוי איז צוגעגאַנגען צום שפיגל, זי האָט אַ קוק געטאָן אויף די גריזע האָר, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן דורך דער פּרעקטיקער שוואַרצ־קייט אין איר קאָפּ. די קנייטשן אַרום די אויגן זייגען געוואָרן לענגער און טיפער. איר האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן, נאָר זי האָט ניט געוויינט און דאָס געפיל פון אייפערזוכט צום אייביק־יונגן בוים האָט איר מער קיין שמערצן ניט פאַרשאַפט, ווייל זי האָט אין יענעם מאָמענט באַגריפן מער ווי אַלעמאָל, אַז קיין אייביקס איז אויף דער וועלט ניטאָ.



# דער מזלדיקער בוים

עס איז אַ שפּעטע סוף־זומערדיקע נאַכט. צווישן דעם ניו דזשוירזיר יונג־וואַלד טראָגט זיך אַ באַלויכטענע באַן און פירט מיט זיך קיין האַרטוויל, פּענסילוואַניע, דעם זעקס־און־צוואַנציק יאָריקן בען שאַרינסקי. דאָס פאָרט ער אַהיים, צו זיין מוטער, דער אַלמנה. אויף די האַרטלעך־געבעטע וואַגאָן־שטולן, מיט די ווייסע סערוועטקעס צוקאָפּנס שלאָפן זיצנדיק וועטעראַנען און ציווילע. אויך בען האַלט צוגעמאַכט די אויגן. ער שלאָפט יאָ און שלאָפט ניט. ער עפנט די אויגן, זעט די פיר רייען קעפּ לענג אויס דעם גאַנצן וואַגאָן. זיי וויגן זיך צום טאַקט פון די רוישנדיקע רעדער. פון וויטן זעט ער אַ פרויען־אָרעם אַרום אַ מאַנס האַלדז, איר באַק איינגעטוליעט אין זיינער. צוויי מענער רעדן שטיל צווישן זיך. אין צווייטן עק וואַגאָן, אַקעגן דעם רונדן שפּיגל אין דער וואַנט, דערזעט בען אַן אָנגעצונדן שוועבעלע ביי אַ לאַנגן, דינעם סיגאַרעט. דאָס האָט אַ פרוי פאַררויכערט. ער קאָן שוין איר פּנים. ער קוקט אויף דעם אין שפּיגל און אים דאַכט זיך, אַז זי שמייכלט צו אים.

וואו דער וואַלד איז געדיכט, בייט זיך דער קלאַנג פון די ברומענדיקע רעדער. די ענדערונג וועקט אויף בען׳ען. ער כאַפּט אַ קוק דורכן פענצטער. די ביימער לויפן דורך צוריקצעוועגס, ווי אַ שוואַרצלעכע וואַנט. זיי זיינען אויך שוואַרץ, ווען די באַן שטעלט זיך אָפּ. ער ווייסט, אַז די בלעטער זיינען גרין. ער קען זייער זאַפטיקע גרינקייט, אָבער די אָנהייב־חודשדיקע פינצטערניש האָט זיי איינגעהילט אין אַ שוואַרצלעכן שלייער, און דאָס דערמאָנט אים די פאַרקוילטע ביימער פון די פאַרוויסטע פעלדער אויפן שלאַכטפעלד.

עטלעכע מענטשן זיינען אויסגעשטיגן, אַ פּאָר זיינען אַריינגעקומען. ער וועט מער ניט אַרויסקוקן אין דרויסן, ביז די באַן וועט אַריין קיין פּענסילוואַניע. ער מאַכט צו די אויגן. אַ שטראָם פון ענערגיע טוט אַ פליי דורך דעם וואַגאָן. די באַן טוט זיך שטיל אַ גליטש פאָרזיכטיק

און געטריי, ווי זי וואָלט זיך געהיט צו שטערן דעם שלאָף פון די מענטשן. די ליכטער פון דער שטאָט ווערן זעלטענער. עס טוט נאָך אַ בליץ אַן עלעקטריש שילד, און אַלץ אַרום ווערט ווידער טונקל און פעלדיק, פול מיט נאַכט און מיט אַנקומענדיקער היים.

די היים, זיין היים, זיין אייגענע היים, נומער איין־און־אַכציק מאַגראַ פּלעיס. מיט זיין מי האָט ער דאָס שטיבל אויסגעקויפט. דאָס שטיבל, וואו זיין פאָטער, דער היימישער לאָטוטניק, האָט געוואוינט אין שכנות און פון דער פראָנט־רום געמאַכט אַ ווערקשטאָט צו פאַרריכטן שיך, באַלאַנגט איצט אינגאַנצן צו בענ׳ען, דעם אויסגעדינטן און מיט כבוד־באַפרייטן וועטעראַן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דער פאָטער איז געשטאָרבן, ווען בען איז אַלט געווען פערצן יאָר. דאָס יינגל איז אַרויס פון ערשטן יאָר היי־סקול און איז באַלד געוואָרן אַ פאַרדינער פאַר זיך און פאַר זיין מוטער. דעם טאַטנס מלאכה האָט ער ניט געוואָלט און ניט געקאָנט טאָן. צי דערפאַר, וואָס ער האָט דעם פאָטער שטענדיק געזען צוגעשמידט צום שוסטערשן ביינקעלע און האָט אים געהערט קרעכצן אין די נעכט, קלאָגנדיק זיך אויף ווייטיקן אין רוקן, צי איבער עפּעס אַנדערש, — נאָר בען האָט זיך פאַרדונגען צו אַ גרינס־הענדלער, און ער האָט אָנגעהויבן צו פאָרן.

דאָס ניט זיצן אויף איין אָרט, דאָס שטענדיקע באַוועגן זיך, דאָס פאָרעניש האָט אָנגענומען פאַרשיידענע פאָרמען און עס האָט אין מלחמה־צייט דערגרייכט די שטופּע פון פליען אין אַן עראָפּלאַן. עס האָט אויסגעזען, ווי בענ׳ען איז באַשערט „אָפּצופאָרן" שוין אויך פאַרן טאָטן . . .

ער האָט זיך אַלעמאָל באַוועגט. ער האָט געוואָלט ווערן רייך, אָבער ער האָט זייער ווייניק דערגרייכט. דאָס קליינע הייזעלע, וואו ער האָט מיט דער מוטער געוואוינט, איז שוין אָבער דאָך געווען זיין אייגנס, נאָך איידער די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. אויפן בוידעם האָט ער אַליין אויסגעבויט אַ צימער פאַר זיך און אינעם קליינעם, שמאָלן הויף, הינטער דער הויז, האָט ער אויסגעבויט אַ גאַראַזש, נאָך איידער ער האָט פאַרמאָגט זיין צווייטיריקן „דאָדזש".

אַ וואָך און אַ האַלב, איידער מען האָט אים צוגענומען אין דער אַרמיי, האָט ער די מוטער איבערראַשט און איז מיטן גענוצטן דאָדזש אַריינגעפאָרן אין גאַראַזש.

ניט דער דיל פונעם גאַראַזש ניט דער שמאָלער וועג פון דער גאַס

צו אים, זיינען געווען געפּלאָסטערט. דערויף האָט מען באַדאַרפט צייט און געלט. בעין האָט בײדע זאַכן ניט פאַרמאָגט.

ער האָט געדענקט דעם פאָטערס שאָפּ, וואָס מען האָט נאָך זיין טויט צוריק פאַרוואַנדלט אין אַ פּראָנט־צימער, זיין אייגן חדרל אויפן בוידעם, מיט די בילדער פון דזשעק דעמפּסי, דזשין טאָני, מעקס בער, דזשאָ לו־איס, הענק גרינבערג, בעטי גרעיבל, שוירלי טעמפּל און דאָלאָרעס דעל ריאָ. ביי דער וואַנט, לעבן דעם איינציקן פענצטער — דאָס שמאָלע, לאַנגע בעטל און דערביי דאָס טישל, וואָס „הינקט אויף אַ פיסל", מיט די פאַרביקע דעטעקטיוו־מעשׂיות אויף דעם... דער קליינער גאַראַזש מיטן קאָסע פלאַכן דאַך, מיט די ווילדע גראָזן אין הויף.

ער האָט אין די ווייטסטע ווייטן געטראָגן אין זיך זיין היים. ווינטער האָט עס דאָס אַלץ פון „דאָרט" זיך פאַרגעשטעלט פאַרשנייט, און זיין מאַמע ביים שלעכטן, קאַליע־געוואָרענעם אויוון. ער האָט פון דער ווייט געפילט דעם עסעריקן רויך און „געזען", דעם מאַמעס גוטע, אויגן רויט און פאַרטרערט. שטויב פון די קוילן איז אַ גאַנצער ווינטער געווען אויפן מעבל, אויף די געלעגערס און אַפילו אינעם געשיר.

ער האָט גוט געדענקט, און זיך געמיט צו פאַרגעסן די בלאָאויגיקע גרעיס. אַלעמאָל האָט זי געקייט און געלאַכט, מיט אַ פול מויל געלאַכט. זי האָט אים צוגעזאָגט... מאַלע, וואָס זי האָט אים צוגעזאָגט. נאָך פאַר־יאָרן האָט ער זיך אויף זיין פּאָסטן אינעם פאַרשאָלטענעם דייטשלאַנד, דערוואוסט, אַז גרעיס האָט חתונה געהאַט. ווער דאַרף זי? ער איז איצט געפאָרן צו זיין מאַמען, צו זיין צימער מיט די ליבע בילדער, צום קליינעם גאַראַזש מיטן צווייטיריקן דאַדזש.

יאָ, ער איז געפאָרן. ער האָט געהאַט אַ נאָגעדיקן פאַרלאַנג, אַז דאָס פאַרעניש, וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג צוריק אָנגעהויבן, זאָל זיך שוין ענ־דיקן. מיד איז ער געווען דערפון, ווי זיין פאַרשטאָרבענער פאָטער אַמאָל, ביים לעבן, פונעם בענקעלע, אויף וועלכן ער איז אַלע זיינע יאָרן אָפּ־געזעסן.

די סטאַטוע פון פרייהייט איז ביי זיין צוריקקומען געווען פאַר אים דער סימבאָל פון רו און די באַן, וואָס האָט אים געפירט קיין האַרטוויל, האָט אים געוויגט און פאַרוויגט.

ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געזען קליינע שטערן אין הימל. די באַן איז פלינק אַריבער פון ניו דזשוירזי אויף די פּענ־סילוואַניע'ר ערד. בעין האָט איינגעפּרעסט דאָס פּנים אין דער שויב. ער

האָט געוואָלט דערקענען די היימישע פּאַנאָראַמע. ער האָט גאָרניט גע־קאָנט זען. זיין פאַרשטעלונג האָט אים גערייצט ביז טרערן. ער האָט גוט געוואוסט, ווי די פעלדער אַרום קוקן אויס. ער האָט זיי שטענדיק גע־טראָגן אין זיך, ווי אַ טייל פון זיין היים. אָבער איצט האָט ער זיי גע־וואָלט דערזען, און ניט געקאָנט. האָט ער צוגעשלאָסן די מידע אויגן און זיך געלאָזט טראָגן פון דער באַן. ער האָט זיי באַלד צוריק געעפנט, און, שוין אינגאַנצן אַ וואַכענדיקער, אַ צערודערטער, צוגעפאָרן ביז „זיין" סטאַנציע.

די באַן איז געשטאַנען, און איר שווערער, הייסער אָטעם האָט געצי־טערט אין דער נאַכט.

— דזשי וויז! — האָט בעני אויסגערופן, דערזעענדיק די הויכע פענצטער פונעם היימישן וואָקזאַל, דורכגענומען פון אַ געלבלעכער שיין. ער האָט אַ נעם געטאָן זיין שווערן רוקזאַק און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

עס איז געווען צוויי דרייסיק ביינאַכט. בען האָט געזוכט היימישע מענטשן. ער האָט דערזען דעם שוואַרצן שוכפּוצער, דעם אַלטן פּאָל. יענער איז געשלאָפן, זיצנדיק אויפן פוס־בענקעלע, ביי דער שטיינערנער וואַנט. זיינע גרויע, ווי צעמענטענע קרוילן איינגעפּלעטשט אינעם שטייך, דאָס פאַרשמאָלצעוועטע היטל איבער די אויגן. פונעם האַלב־אָפענעם מויל האָט צווישן די ווייסע, קרומלעכע ציין אַרויסגעגלאַנצט איינער אַ גאָלדענער. בען האָט מיט ליבע באַטראַכט דעם אַלטן. און איז דורכגע־גאַנגען דאָס גאַנצע גרויסע צימער צו דער קעגנאיבערדיקער טיר.

ער איז אַראָפּ די פיר גרויסע, ברייטע טרעפּ און מיטן גוט־באַקאַנטן וועג זיך געלאָזט אַהיים. ער האָט געקאָנט נעמען אַ טעקסי. ער האָט עס אָבער ניט געטאָן: ער האָט געוואָלט שפּאַנען מיטן וועג, וואָס ער איז אַזוי פיל מאָל דורכגעגאַנגען און דורכגעפאָרן.

הינטער אים איז געבליבן דער ליידיקער וואָקזאַל מיטן איינציקן פּאָול ביי דער שטיינערנער וואַנט, און פאַר אים, האָבן ביי אַ האַלב מייל פון דאַנען, זיך געזען די גאַסן־לאָמפּן פון האַרטוויל.

ער האָט באַדאַרפט דורכגיין אַ שטיק פעלד. עס איז שוין ווירקלעך באַלד געווען האַרבסט, אָבער דאָס פייכטע גראָז האָט נאָך אַלץ געשמעקט פריש. פון דרום האָט געצויגן אַ ווייכער, וואַרעמער ווינט. שטערן האָבן זיך געלאָשן. אַנדערע האָבן זיך אָנגעצונדן, אַ ווילע געטליעט אין דער שוואַרצלעכער בלויקייט פונעם הויכן הימל און שטיל אויסגעגאַנגען.

עס איז אָנגעלאָפן אַ טעקסי מיט אַ שפּילנדיקער ראַדיאָ. די טעקסי האָט אַרומגעכאַפּט בעני'ן מיט אַ ווינט און אַוועק ווייטער, רייצנדיק די פינצ־טערניש מיט אַ קליין רויט לעמפּעלע איבער די הינטערשטע רעדער.

עס האָט זיך דערהערט, ווי די באַן גייט אָפּ, ווי זי אָטעמט שווערער און גיכער, ווי איר רויש שטייגט און דערווייטערט זיך. בען האָט זיך אָפּ־געשטעלט, זיך אומגעקוקט און געזען די באַליכטענע פירעקן שוועבן פאַרביי, ווערן שטילער און ווייטער און גייען אויס מיטן רויש און מיטן ליכט.

— סאָ לאָנג! — האָט ער הויך געזאָגט און דערהערט, אַז אין גראָז, ביי זיינע פיס, איז עפּעס דורכגעלאָפן מיט אַן אומרואיקן שורך.

ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער היים און געגאַנגען ווייטער. די גאָסן־לאָמפּן האָבן אַהערצו אויסגעזען, ווי גרויסע ברענענדיקע שנורן קרעלן. זיי האָבן זיך אין טאָפּלטע רייען געצויגן אין אַלע זייטן. ווען ער איז אַרויף דאָס הויכע בערגל ביי האַרטוויל, האָבן זיך די לויכטנדיקע שנורן מיטאַמאָל צעבראָכן, ווי זיי וואָלטן ערשט דערוואַכט אויפצונעמען דעם ליבן גאַסט פון דער ווייט.

אין גיכן איז ער געווען אויף מאַנראָ פּלעיס. אַלע געשעפטן דאָ אַרום, אפילו די גאַזאָלין־סטאַנציע זיינען געווען געשלאָסן.

ער איז צוגעקומען צו זיין שטיבעלע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. זיין האַרץ האָט שווער און הייס געשלאָגן. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שווערן רוקזאַק און אָנגעהויבן פאַנאַנדערקנעפּלען דאָס וואַרעמע מיליטערישע העמדל.

אויף אים האָבן שטיל געקוקט די פענצטער פון זיין הויז. פון יע־נער זייט טיר האָט געאָטעמט זיין מאַמע... זיין מאַמע! ער איז געווען אין כעס אויף זיך. ער האָט איר זעלטן געשריבן. ער האָט איר מודיע געווען, אַז ער קומט, אָבער ניט געשריבן ווען. ער האָט געהאַט אַ מיין דערביי... ווער ווייסט, צי זי לעבט? ער האָט געטאָן אַ לויף אַרויף די פינף שמאָלע, לאַנגע ,צעקרימטע טרעפּלאַך... פיר יאָר האָט ער ביי זיך באַהאַלטן דעם שליסל פון דער אייגענער טיר, און איצט האָט ער אים ניט געקאָנט געפינען. ער האָט געזוכט אין די קעשענעס מיט איין האַנט און מיט דער אַנדערער געקלאַפּט אין דער טיר.

דורך דער וואַנט האָט ער דערהערט דער מאַמעס קול, אַ שוואַכס און אַ פאַרדומפּנס, עפּעס אַזאַ אַלטס און אַ ווייטס, ווי עס וואָלט גע־שטאַמט ווער ווייסט ווי פון לאַנג צוריק:

— אָלרייט, אָלרייט... קאָמינג, קאָמינג.

שליאָפּענדיקע טריט האָבן זיך פון יענער זייט טיר דערנענטערט אַהערצו. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַ שפּאַן פון אים. דער מאַמעס קול האָט ווידער געציטערט שוואַך און אומרואיק:

— טעלעגראַם?... טעלעגראַם, האַ?

— מאַ! — מאַ! — האָט בען אויסגעשריגן און ער האָט געהערט, ווי די מוטער האָט זיך געמיט עפענען די טיר, און ניט געקאָנט.

באַלד האָט זי אים אַרומגענומען און ער האָט זי שטאַרק צוגעדריקט צו זיך.

זי האָט געעפּנט דאָס מויל צו זאָגן עפּעס, אָבער אירע ציין האָבן זיך פאַרקלעמט. איר קאָפּ אויף זיין אַקסל, האָט ער געפילט, ווערט שווערער. די בלייכקייט אויף איר פּנים איז דורכגענומען געוואָרן פון אַ געלקייט. ער האָט זי צוגעפירט צום שטול ביי דער וואַנט. ערשט האָט זי געזאָגט:

— סע גאָרניט. — ער האָט ליכטיק געמאַכט.

אַלץ איז אין צימער געשטאַנען אויף זיין אָרט. קיין זאַך ניט גערירט און ניט געענדערט. נאָר די פאַרב אויף די ווענט און אויף דער סטעליע איז געוואָרן אַלט און שוואַרצלעך.

ער האָט געקוקט אויף דער מוטער. זי איז קלענער געוואָרן. זי האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט און געגרייט צום טיש.

זי האָט אים אָנגעהאָדעוועט, אים נאָכדעם געגעבן ריינע וועש און אים געהייסן זיך גוט אויסוואַשן. זי האָט אים נאָך דער באָד געצוואונגען איינגעמען ביטערזאַלץ. ער האָט זיך געקרימט, געשריגן. זי האָט אים ווידער באַזעצט ביים טיש, אים צוגעהאַלטן די נאָז און אים איינגעגעבן די רפואה.

שפּעטער איז ער אַריין צו זיך אין צימער. ער האָט אָנגעדריקט דאָס עלעקטרישע קנעפּעלע אין דער וואַנט, ביי דער טיר. דאָס לעמפּעלע אין דער הויך, אין מיטן פון דער קאָסע בוידעם־סטעליע, אַ לענגעכדיקס, אַ לויטערס, ווי אַן אויסגעהוילטע שאָלעכטס, אַ דורכזיכטיק העמדעלע פון אַ באַרנע, האָט אויפגעבליצט און פאַרגאָסן ס׳גאַנצע צימער מיט אַ ווייס ליכט. דאָס חדרל איז געווען פריש געפאַרבט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען זיין מאַמעס אַרבעט. ער האָט זיך ניט פאַרגונען קוקן אויף דער ליכטיקייט און אויף דער ריינקייט און ער האָט אויסגעלאָשן דאָס לעמפּעלע.

ער האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט און געהאַט דאָס געפיל, אַז ער זינקט אין אַ בלינדער פינצטערניש. אַזוי איז ער געזונקען אין זיין עראָפּלאַן אויפן שלאַכטפעלד און ניט געוואוסט, צי פליט ער אַראָפּ, צי — אַרויף. די געדערים האָבן זיך געשפּאַרט צום שלונג. ער איז שיר דערשטיקט געוואָרן. די דערמאָנונג איז געווען אַזוי שאַרף, אַז ער האָט זיך דערשראָקן און ליכטיק געמאַכט.

ווידער איז דאָס צימער געווען בלענדנדיק ווייס און דאָס פענצטער — בלויליך שוואַרץ. פון דער וואַנט האָבן צו אים אַרונטערגעקוקט די שמייכלענדיקע פּנימער פון זיינע באַליבטע פויסטהעלדן און שיינהייטן. דאָס פּאַפּיר פון די בילדער איז געל געוואָרן. אויך די געזיכטער האָבן אויסגעזען אָפּגעטראָגן. נאָר אין די בליקן האָט גערוט אַן אַלטע, לעבע־דיקע וואַרעמקייט. ער האָט ממש געפילט די באַרירונג פון די קליינע שטראַלן, וואָס האָבן פון די אויגן אויף די פאָטאָגראַפיעס געשטראָמט צו אים. ער האָט זיך אויסגעטאָן, איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און אַרויס־געקוקט. ער האָט קוים געזען די קאָנטורן פונעם גאַראַזש־דאַך און אַ קליינעם טייל פון דער פאָדערשטער וואַנט, גאָר אויבן, ביים דאַך.

ער האָט געהערט, ווי די מוטער האָט געקרעכצט און עפּעס געפלי־סטערט. זי האָט צו אים אַרויפגעשריגן: זוכסט עפּעס?"

— ניין, ניין — האָט ער גיך געענטפערט.

— רו זיך אויס, מיין קינד! — האָט די מוטער געבעטן. יעדער זאָג דער מאַמעס, יעדער וואָרט אירס איז היינט געווען ווי ניט פאַרענ־דיקט, ניט דערזאָגט. אין דער דאָזיקער ניט־דערזאָגטקייט האָט זיך גע־פּלאָנטערט גרעי'ס נאָמען. די מאַמע, איז ער געווען זיכער, האָט אים עפּעס געוואָלט זאָגן — וועגן דער מיידל, וואָס האָט געזאָלט ווערן זיין ווייב, און חתונה געהאַט פאַר אַן אַנדערן.

ער האָט צוריק פינצטער געמאַכט און זיך געלייגט שלאָפן. דער גור־טער טעם פון דער מאַמעס היימישער שפּייז איז נאָך געלעגן אויף זיין גומען, און אַפילו דאָס ביטערניש פון דער זאַלץ האָט עס ניט געקאָנט צונעמען. ער האָט דערפילט אַ גליווערניש אין די שפּיצן פון די פיס־פינ־גער. די גליווערניש האָט זיך אָנגעשלאָגן אַן די קני, אין די עלנבויגנס, אין די אַקסלען און געבליבן הענגען אויף די שלייפן, ווי אַ נעפּל. דאָס האָט דער שלאָף אים אָנגעהויבן אַרומצואוועבן. ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט אַ בליק טאָן אויפן בלויען דאַדזש. ווידער האָט ער איבערגע־לעבט דאָס שאַרפע געפיל פון פאַרדראָס, וואָס ער האָט געהאַט פריער,

פאַרנדיק אין באַן. ער האָט דאָרט געוואָלט זען דעם אָרום, און ניט גע־
קאָנט. און דאָ — דעם דאַדזש, זיין בלויער דאַדזש מיט די איבערגע־
פאַרבטע שוואַרצע פליגל איבער די רעדער. ער האָט אים „געזען" שטיין
מיט היינטערטייל צו דער טיר און מיט די לאָמפּן צו דער קעגנאיבער־
דיקער וואַנט. ער האָט זיך געריסן פונם שלאָף אַראָפּצולויפן אַלע טרעפּ
און אַריין אין גאַראַזש. „מאָרגן" „מאָרגן" האָט ער ווידערהאָלט, ווי ער
וואָלט זיך מיטן וואָרט פאַרשלעפּן. מאָרגן — — — —ין — — — — ער וועט
צוגיין צו טאַמ׳ען אין דער געזאָלין־סטאַנציע און אים בעטן, ער זאָל
אים ברייינגען צופירן אַן אַנגעלאָדענע באַטאַרייע. טאָם וועט זיין צופרידן
אים צו זען. ער וועט נעמען מיט זיך דעם גאַסט. די באַטאַרייע וועט
„שטיין" אין טאַמ׳ס קאַר. בען וועט זיצן לעבן טאַמ׳ען און ער וועט אים
דערציילן, ווי גוט עס איז צו זיין אין דער היים. טאָם זאָל כאָטש ניט
פרעגן אויף גרעיס!... די מאַמע האָט איר נאָמען ניט דערמאָנט...
גרעיס, גרעיס! פאַרוואָס האָסטו אויף מיר ניט געוואַרט?

ער וועט געבן דער מאַמען אַ „רייד". ער ווייסט שוין, וואוהין די
מאַמע וועט וועלן פאָרן. אַוודאי צום טאַטן. מע דאַרף ווירקלעך זען, צי
ווערט דעם טאַטנס קבר געהאַלטן אין אָרדענונג.

די מאַמע האָט אויף איר געלעגער הויך געקרעכצט. ער האָט זי
געוואָלט פרעגן, וואָס סע טוט איר וויי, און עס איז אים שווער געווען צו
רעדן.

„מאָרגן" „מאָרגן" האָט ער אַלץ געפליסטערט.

ער האָט נאָך געהערט דאָס דורכפאָרן פון אַ פּאָר אויטאָמאָבילן, פון
אַ שווערן לאַסט־אויטאָ. די מאַמע האָט שוין מער ניט געקרעכצט. די
היימישע ריחות, וואָס האָבן דורך די אַלטע, סקריפּענדיקע טרעפּ און
דורך דער אָפענער טיר פון זיין צימער, זיך געטראָגן צו אים, האָבן אים
גע׳שיכור׳ט. דער חלום האָט זיך אָנגעהויבן, נאָך איידער ער איז איינגע־
שלאָפן. דער טרוים איז ווי פאַרוועבט געווען מיט דער ווירקלעכקייט.
בען איז געזעסן אינעם דאַדזש. לעבן אים, ענג איינגעטוליעט אין אים,
גרעיס. לעבן גרעיס׳ן, די מוטער. זיי פאָרן אויף קבר אָבות, און הינטער
זיי זיצט דער טאַטע און שווייגט. בען קוקט זיך איבער מיט גרעיס און
מיט דער מוטער. דער מאַמעס רויטע אויגן זיינען קיילעכדיק פון שרעק.
אפשר ווייזט עס זיך אים בלויז אויס? בען קוקט אינעם שפּיגעלע איבער
זיך, פאַר זיך. ער זעט דעם טאַטנס ניט־געגאָלט פּנים. איין אויג אַביסל
קלענער פונעם אַנדערן און דאָס ברייטע מויל שמייכלט אין דער קרום.

וואָס מער זיי דערגענטערן זיך צום הייליקן אָרט, אַלץ אומרואיקער ווערט בען. אַז זעט ער שוין גראָוו סטריט און די מצבות אויפן בית עולם. פון שרעק הויבט בעני אָן זאָגן קדיש און כאַפּט זיך אויף.

דאָס קישן איז געווען פייכט אונטער זיין פּנים. ער האָט זיך האַס־טיק אויפגעזעצט, איבערגעדרייט דאָס קישן מיט דער אַנדערער זייט אַרויף, זיך געלייגט אויפן רוקן און זיך איינגעהערט. עס איז געווען שטיל. דורכן טונקעלן פּירעק פונעם איינציקן פענצטער האָט ער געזען טליען אַ שטערן די גרויס פון אַ פּונק.

יאָ, מע וועט טאַקי דאַרפן צופאָרן צום בית עולם. באַלד נאָך פרישׂ־טיק וועט ער נעמען די מוטער מיט זיך און זיי וועלן פאָרן צו דער סע־מעטערי. די באַרירונג, וואָס ער האָט אין חלום געפילט צו גרעיס'ן, האָט אים נאָך געוואַרעמט. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און איז איינגעשלאָפן אַסך שפּעטער.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער דערהערט דאָס קלינגען פון דער לופט־רער אין טאַמ'ס גאַראַזש. דאָס האָט די רער, אָנפילנדיק אַ טיוב, סיגנאַליזירט און געציילט די פונטן לופט. בען האָט טיף אָפּגע־אָטעמט און זיך אויף אַ קול געקוויקט. זיין מאַמע האָט שוין פאַר אים געפּראַזשעט גרויפּענע קאַשע. ער איז געווען הונגעריק. ער איז שוין לאַנג אַזוי גוט הונגעריק ניט געווען. דעם טעם פון הונגער, וואָס שרעקט מיט טויט האָט ער געוואוסט, אָבער דער הונגער, וואָס שמעקט מיט דער־גרייכלעכער שפּייז, האָט אין אים געעפנט אַלע פאַרעס ... אוי, וועט ער עסן!!! „מאַ, וועט ער זיך וויצלען, באַהאַלט דעם גאַרבעדזש ...!"

ער איז אין די אונטערוועש צו צום פענצטער און דערפילט, אַז פון גרויס חידוש און איבערראַשונג זיינען אים די אויגן גרויס געוואָרן, ווי ביי דער מוטער אין חלום, ווען זי האָט דערפילט דעם פאַרשטאַרבענעם פאָטער היבטער אירע פּלייצעס. דאָס גאַנצע קליינע הויפל איז געווען גע־דיכט פאַרוואַקסן מיט ווילד גראָז „העכער פונעם גאַרטל" און ביי דער ברייטער, אַנגעשפּאַלטענער טיר פונעם גאַראַזש — אַ סאַסנע, ביי אַ פינף פוס די הויך. דער שטאַם געוואַקסן עטוואָס קרומלעך און קאַסע. דערפון זיינען די צווייגן פון איין זייט געווען געווענדט צו דער ערד און די פון דער אַנדערער זייט האָבן ווי אַריבערגעקוקט איבער זיי. די אוי־בערשטע עטלעכע צווייגלאַך זיינען געווען פאַרוועבט אין זייערע שפּיצן מיט אַ געדיכטער נעץ פון שפּינוועבס, דורכגענומען פון טוי. די מאָרגן־

פייכטקייט איז, אַ גרוילעכע, געלעגן אויף די גרינע נאָדלען און אַפילו אויפן טונקעלן שטאַם.

אַ בוים, אַ בוים!!! ווי קומט אַהער אַ בוים???! אמת, ער האָט דאָס גראָז אויך ניט פאַרפלאָנצט, אָבער ער האָט זיך אויף דעם ניט גע־חידושט: עס איז געווען נאַטירלעך, אַז גראָז וואַקסט אומעטום. אָבער אַ בוים?...

— מאַדהער! — האָט ער ווי אַ ייִנגל צודריִנגלאָך גערופן זיין מו־טער. זי איז באַלד אַרויפגעקומען און אים דערזען ביים פענצטער. זי האָט אים פאַרשטאַנען און אים דערציילט, ווי זי האָט „אויסגעוויינט די אויגן נאָך אים" ווי ער האָט איר פאַרשאַפט צער, איר ניט געשריבן זייער לאַנג און זי האָט ניט געוואוסט, וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען. האָט „גאָט דערהערט איר ביטער געוויין" און ער האָט איר „צוגעשיקט אַ טרייסט", דאָס ביימעלע. ווי נאָר עס איז אַראָפּ דער לעצטער שניי. (דאָס איז געווען זעקס חדשים נאָך בענ׳ס אַוועק אין „אומגליק אריין") איז זי געגאַנגען נאָך עפּעס אין גאַראַזש, עפּעס האָט זי געזוכט אין הויז, און ניט געקאָנט געפינען, האָט זי אָנגעשטעקט די גרויסע שיך און געגאַנ־גען. און ביי דער טיר פונעם גאַראַזש האָט זי זיך אָנגעשלאָגן אָן עפּעס מיטן גראָבן פינגער פון איר פוס.

„טפו, ניט געדאַכט זאָלסטו ווערן!" האָט זי בייז געזאָגט. זי איז גע־ווען זיכער, אַז דאָס איז אַ שטיינדל. האָט זי זיך אָנגעבויגן עס אַוועקצו־וואַרפן אָן אַ זייט. זי בויגט זיך צו צו דער ערד און טאַפּט אָן אַ שטאַמע־לע, צוויי פינגער די גרויס, מיט איין שפּיציק בלעטל פון אויבן. האָט זי „געבעטן מחילה ביי דעם" פאַר דער קללה, וואָס זי האָט דעם געגעבן און זי האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז דאָס האָט איר גאָט צוגעשיקט אַ טרייסט פאַרן צער וואָס זי האָט פונעם זון, און אַז „דאָס בוימעלע וועט וואַקסן, וועט אויך וואַקסן דאָס מזל פונעם זון.

„און אַזוי, — האָט די מוטער פאַרגעזעצט — וואַקסט עס זיך און עס ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג. עס איז בעסער פון דיר, מיין זון... איך האָב דערפון געהאַט ווינציקער צרות. איך האָב זיך ניט איינמאָל אויסגעוויינט פאַר דעם מיין ביטער האַרץ. לאַך ניט, חכם מיינער. עס איז מיר גרינגער געוואָרן. איך רייד צו דעם, און די בלעטלאָך שורפען. און ווינטער קרעכצט עס מיט די צווייגן. און זומער זעצן זיך פייגעלעך אויף דעם און זינגען. עס איז אַ לעבעדיקע זאַך, כאָטש סע קאָן ניט רעדן. איך האָב די גאַנצע צייט געקוקט אויפן בוימל. איך האָב עס

געזען און געוואוסט, אַז דאָס וואַקסטו, אַז דאָס וואַקסט דיין מזל... זעסט דאָך. און דו שמייכלסט. ביסט אַ גאַנצער חכם. וואָס שווייגסטו?... קוקסט אויף דעם, ווי אַ גזלן און שווייגסט... וואָס איז דער מער?

— מאַמע, ווי וועל איך עפענען דעם גאַראַזש? איך דאַרף דאָך אַרויסנעמען די קאַר!

— וועסטו ניט אַרויסנעמען.

— מאַמע! — בען האָט געלאַכט — וואָס רעדסטו, מאַמע?

— דאָס איז דיין מזל, און מיט מזל שפּילט מען זיך ניט.

— וואָס רעדסטו, מאַמע? דו ווייסט, וואָס דו זאָגסט? וואָס הייסט, איך וועל ניט אַרויסנעמען די קאַר? מיר דאַרפן דאָך פאָרן אויף קבר אָבות! און די קאַר וועט בלייבן אין גאַראַזש?

— דיין טאַטע האָט אויסגעלעבט די יאָרן אָן אַ קאַר, וועסטו זיך אויך באַדרייען.

— הער, מאַמע. — האָט ער אָנגעהויבן. זי האָט אים ניט געוואָלט הערן. זי איז אַרונטער די טרעפּ. זיי האָבן געסקריפּעט אונטער אירע טריט. זי האָט אים גערופן עסן. ער האָט איר צוליב געטאָן. ער איז אָבער געווען אַזוי צערודערט, אַז די גוט־איינגעפּראַזשעטע קאַשע איז אים ניט איינגעגאַנגען.

ער איז באַלד נאָכן עסן אַרויס אין הויף, געעפנט די טיר פונעם גאַראַזש. זי האָט זיך באַלד אָנגעשפּאַרט אָנעם שטאַם פונעם בוימל.

— דזשי וויז! — האָט בען רחמנות׳דיק געזאָגט. ער האָט אַריינגעקוקט דורך דער שמאָלער עפענונג. דער דאַדזש איז געשטאַנען פונקט אַזוי ווי ער האָט זיך אים פאָרגעשטעלט. ער איז געווען גרוי פון שטויב, ער האָט זיך צוגעבויגן צו דער ערד. אויך דאָ, אינעם גאַראַזש איז געוואַקסן גראָז. די רעדער זיינען געשטאַנען, ווי אַרומגעוואַקסענע, און עס איז געווען שווער צו זען, צי האָבן זיי לופט אין זיך, צי — ניט. ער האָט זיך קוים דורכגעשטופּט, אַריין אינעווייניק און זיך געזעצט ביים רודער, מיטן פּנים צו דער הינטערשטער וואַנט. ער האָט געדריקט דעם קנאָפּ פונעם האָרן. ער איז געווען קלאַנגלאָז. ער האָט געפּרואווט דאָס ליכט, פינצטער. ער האָט אָנגעטראָטן אויפן אַקסעלעראַטאָר — ווי אויף אַ שטיין.

ער איז אַרויס פון זיין גאַראַזש, אַוועק צו טאָמ׳ען. יענער, אינעם לעדערנעם היטעלע, מיט די שווערע ברילן אויף די גרויע אויגן, האָט

זיך מיט בענ׳ען דערפרייט. בען האָט אים דערציילט פונעם בוימעלע. טאַם האָט אים געגעבן אַן עצה: עס איבערפלאַנצן. דאָס איז געווען אַזוי גלייך און שכלדיק, אַז בען איז, אַ דרעפרייטער, אַוועק צו דער מוטער און איר איבערגעגעבן דעם גלייכן געדאַנק. די מאַמע האָט אַפילו ניט גע־וואָלט הערן דערפון.

— דו האָסט עס ניט פאַרפלאַנצט און דו וועסט עס ניט איבערפלאַנצן — האָט זי שטרענג געפסקנט.

— איך וועל עס אויסהאַקן. אַ געשעפט האָב איך דערמיט...

— איך וואָלט עס געוואָלט זען. — האָט די מוטער געדראָט.

ער האָט זיך דערוואַרט, ווען די מוטער איז אַוועק איינקויפן שפייז. ער איז צו צום בוימל, עס אָנגעכאַפּט מיט די הענט און אַ ריס געטאָן איין מאָל און נאָך אַ מאָל. דאָס בוימל האָט אים געשלעפּט צו דער ערד.

אויף דער הויט פון זיינע הענט האָבן זיך איינגעפּרעסט קנייטשן, סימנים פון דער יונגער האַרטער קאָרע. די הענט האָבן געברענט. ער האָט געקוקט אויפן בוימל. עס איז שוין געווען טרוקן פון ראָסע. אין גראָז דערביי האָבן זיך געזען אָפּגעפאַלענע נאָדלען.

— וויהאָט עי ניוסענס! — האָט ער מיט פאַראַכטונג געזאָגט. ער איז אַרויף צו זיך אין צימער, זיך אין אָנטאָן געלייגט אין בעטל און געטראַכט. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין מוטערס פּנים, בשעת זי האָט גערעדט פונעם בוימל. ער האָט געזען די עקשנות, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון אירע גוטע רויטע אויגן. „זיין מזל איז דאָ געוואַקסן, און ער האָט גאָר דערפון ניט געוואוסט", האָט ער סאַרקאַסטיש געטראַכט. דער פאַרלאַנג צו פאָרן אין זיין קאָר האָט אים געמוטשעט ביז טרערן. טאָמ׳ס עצה האָט ניט געקאָנט אָנגענומען ווערן, און מען האָט געמוזט צוקלערן עפּעס אַנ־דערש. אפשר וועט זיך דאָס בוימל לאָזן בייגן?

ער איז אַרויס אין דרויסן, אַ ריס געטאָן די טיר פונעם גאַראַזש. זי האָט זיך אָנגעקלאַפּט אָנעם שטאָם פונעם בוים. פונעם שטאַרקן זעץ האָט זיך דאָס אַלטע, טרוקענע ברעטל איבערגעבראָכן. אַ שוואַרצלעכער שטויב איז דערפון געפאַלן אויף בענ׳ס שיך.

„אויפברעכן די טיר" האָט בען אַ קלער געטאָן און באַלד זיך גע־כאַפּט. ווי־זשע וועט די מאַשין אַריבער דאָס בוימל???

די מאַמע איז צוריקגעקומען, אים ווידער געגעבן עסן און אים גע־זאָגט, אַז ס׳איז שוין צייט צו פאָרן צו דער סעמעטערי.

ער איז נאָכגעגאַנגען דער מוטער.

זי איז געשטאַנען ביי דער מצבה פונעם טאַטן און גערעדט צום פאַ־טער און זיך אויסגעוויינט פאַר אים. בען איז געשטאַנען, געקוקט אויפן גלאַנציקן, גרויען שטיין. ער האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט. ערגעץ אין אים, האָט ער געפילט, שטראָמט אַ געוויין. עס צעגייט איבער זיינע ביי־נער און גרייכט דאָס האַרץ. אָבער די אויגן זיינען געווען טרוקן און הייס. ער האָט זיך געשעמט פאַר דער מוטער, פאַר דער מצבה. ער האָט געהערט, ווי די מאַמע פרעגט דעם טאַטן עצות און בעט אים און באַ־שווערט אים, ער זאָל זיך מיען פאַר איר „און פאַר אַלע ליבע און אייגע־נע", און אים בענ׳ען, איז געקראָכן איין נאַרישער געדאַנק אין קאָפּ אַריין: ער האָט געוואָלט פרעגן דעם פאָטער איין פראַגע, אַן עצה, וואָס צו טאָן מיטן בוימל.

ווען זיי זיינען צוריקגעקומען פונעם הייליקן אָרט, האָט אים די מאַמע געבעטן, ער זאָל טעלעפאָנירן דעם אָנקל דזשאָ קיין העריסאָן און דער טאַנטע קלאַרע קיין טשאַטעס. ער האָט איר צוליב געטאָן. די קרובים זיינען געקומען. די מאַמע האָט דערלאַנגט צום טיש טרינקען און פאַר־בייסן. עס זיינען אַריינגעקומען אַ פּאָר שכנים. די מאַמע האָט אָנגע־שטעלט די אַלטע וויקטראָלע. עס האָט אויפגעשפּילט אַ קאַזאַטשאָק. דער אָנקל דזשאָ, אַ טראָק־דרייווער, אַ הויכער, אַ דאַרער, דורכגעסמאַ־לעט פון זון און ווינט, האָט זיך געלאָזט טאַנצן און די מאַמע איז אַוועק קעגן אים. די געסט האָבן געלאַכט און צוגעפּליעסקעט. בען האָט גע־שמייכלט צו די טאַנצנדיקע, ווי צו קליינע קינדער. איין געדאַנק האָט אים באַהערשט, איין פאַרלאַנג האָט אים געפאַנגען: דער בוים, זיין „מזל".

די געסט זיינען זיך צעגאַנגען, צעפאָרן. עס איז ווידער שטיל גע־וואָרן. און מיט דער שטילקייט איז דער געדאַנק וועגן דעם בוים אויס־געוואַקסן צו אַזאַ גרויס, אַז ער האָט די וועלט פאַרשטעלט מיט זיך. אַפילו גרעיס איז ערגעץ פאַרשוואונדן.

די מוטער האָט זיך געבעטן ביי בענ׳ען, ער זאָל איר העלפן צוראַמען דאָס הויז נאָך די געסט. ער האָט איר אַפילו ניט געענטפערט. עס איז נאָך געווען פרי אין אָוונט. ער האָט זיך אָבער געלייגט שלאָפן. ער האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט און געטראַכט. ער האָט גאָרניט געקאָנט צור־קלערן. ווען ער איז שפּעטער איינגעשלאָפן, האָט ער אַפילו אין חלום ניט געוואָגט רירן דעם בוים. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אויפגעכאַפּט אין מיטן נאַכט און איז קיין איינציק מאָל ניט צוגעגאַנגען צום פענצטער.

ער איז אויפגעשטאַנען שפּעט. די מוטער איז ערגעץ אַוועקגעגאַנ־גען. ער האָט זיך אַפּאַטיש אָנגעטאָן, זיך נאָכלעסיק אָפּגעוואַשן, זיך ניט געגאָלט. ער האָט אויסגעטרונקען זיין קאַפע.

ער איז אַרויס אין דרויסן, איז אין הויף ניט אַריין, נאָר אַוועק צו דער גאַס און צו דער הויז, וועמעס הויף האָט זיך געגרענעצט מיט זיין הויף. די שכנה, אַ האָלענדישע פרוי, אַ ליכטיקהאָריקע מיט אַ שטענ־דיקן שמייכל אויפן ברייטן מויל האָט אים געגריסט און האָט אים גע־זאָגט, אַז גאָט האָט רחמנות געהאַט אויף זיין אָרעמער מוטער.

— — — ... אָבער, יאַנג מען, וואָס קוקסטו עפּעס אַזוי פאַר־זאָרגט?... אָ, איך ווייס, איך ווייס! — האָט זי אויסגערופן אַזוי ווי נעכטן די מוטער, און ניט דערזאָגט. זי האָט געוואוסט וועגן גרעיס׳ן.

ער האָט געבעטן דערלויבעניש אַריינגיין אין איר הויף. ער דאַרף באַטראַכטן די הינטערשטע וואַנט פון זיין גאַראַזש.

— וואַי נאָט? (פאַרוואָס ניט) — האָט זי געזאָגט צופרידן.

ער איז צו צו דער וואַנט און שטיין געבליבן. אַלץ איז געווען אויס־גערעכנט, אָבער ניט קלאָר. איצט איז ער געשטאַנען אַ דורכגענומענער פון אַ גליקלעכן געדאַנק, אַ גוטער איינפאַל, וואָס האָט געהאַלטן אין פאַר־ווירקלעכט ווערן: מע האָט געדאַרפט אויפברעכן די הינטערשטע וואַנט און דאָ אַרום אַרויסקריגן דעם דאַדזש. עס איז געווען אַזוי קלאָר, אַזוי פּשוט און אַזוי נאָענט! עס איז מעגלעך געוואָרן!

ער האָט באַלד אָהער געבראַכט די שווערע האַק, וואָס די מאַמע שפּאַלט האָלץ מיט איר און זיך גענומען צו דער אַרבעט. די שכנה איז געקומען צולויפן, דערהערנדיק די שווערע קלעפּ פון זיין גרויסער האַק. ער האָט איר דערציילט די געשיכטע מיטן בוימל, און זי האָט געלויבט זיין חכמה.

שפּעטער איז אויך די מוטער אָנגעקומען. זי האָט געקוקט אויפן פאַרשטויבטן, פאַרשמירטן זון, אויפן לאַך, וואָס האָט זיך געשוואַרצט אין דער דורכגעהאַקטער וואַנט, און גרויסע, ווי אַנגעשוואָלענע טרערן זיינען גערונען פון אירע גוטע, רויטע אויגן.

# די באָבע שיינע רחל

אין אונדזער געגנט זיינען פאַראַן אַלטע לייט, לאַנג לעבן זאָלן זיי, אָבער קיינער פון זיי געדענקט ניט, ווי אַלט אונדזער שכנה, שיינע רחל, איז. די אַלטיטשקע אַליין זאָגט אויך, אַז זי ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ יאָר זי איז געבוירן געוואָרן, אָבער קיינער גלויבט איר ניט...

— וואָס קומט מיר אַרויס, אַז איך לעב, אַז איך האָב מיינע שוועסטער און ברידער אַזוי יונג באַגראָבן? — זאָגט זי און צעוויינט זיך באַלד.

צוויי ברידער מיט דריי שוועסטער זיינען זיי געווען, און אַלע פיר זיינען פון דער ליכטיקער וועלט אַוועק. און דערצו איז שוין איר מאַן אויך ניטאָ.

וואָס־זשע קומט איר אַרויס, אַז זי לעבט? איינע אַליין אין צוויי גרויסע צימערן, וואָס איר פאַרמעגלעך אייניקל האָט פאַר איר געדונגען. זי וואָלט בעסער געגאַנגען אין מושב זקנים, לאָזן זי די קינדער ניט.

נו, איז זיך שיינע רחל אַ באַלעבאָסטע. און אַ בריה אַ יידענע איז זי. שטייט זי אויף מיטן טאָג גלייך. זי דאַוונט פּאַוואָלינקע אָפּ, טרינקט אָפּ טיי און נעמט זיך ראַמען. זי קערט אויס די דילן. און נאָכדעם נעמט זי אַרויס פונעם אַלמער אַ ריין טיכעלע און ווישט דערמיט אויס די פּיל־צאָליקע פאָטאָגראַפישע בילדער פון אירע קינדער און קינדס־קינדער. דאָ זיינען אויך פאַראַן בילדער פון די פאַרשטאָרבענע שוועסטער און ברידער און פונעם מאַן. די דאָזיקע פאָטאָגראַפיעס ווישט זי אויס צום ערשטן. און ווען זי ווערט פאַרטיק מיט זיי, נעמט זי זיך צו די לעבע־דיקע.

קינדער און קינדס־קינדער האָט זי, קיין עין הרע, ניט צו ציילן, כן ירבו. אייניקע פון זיי זיינען אַראָפּגענומען אין פאַרשיידענע פּאָזעס, אַזוי אַז כמעט אַלע ווענט זיינען באַהאַנגען מיט בילדער... וואו די אַלטיטשקע טוט זיך נאָר אַ קערעווע, — אַ זון, אַ טאָכטער, אַן איידים, אַ שנור... די מערסטע שוין אַלט און צעקנייטשט מיט באַזאָרגטע געזיכטער.

נאָר אָט לאַכט אַראָפּ פון אַ בילד דער גרוי־איגיקער סאָלי, דאָס איי־ניקל, וואָס איז פאַראַיאָרן געוואָרן לאַיער ... דאָרט שטייען דער טאָכ־טערס דריי מיידלאַך און שמייכלען ליב ... ווייטער קוקן לעבעדיק אַרונטער, אירע אייניקלאַך, צוויי ייִנגלאַך און צוויי מיידלאַך ... אַלע קוקן אויף דער באָבען און שמייכלען, אַ געזונט אין זיי! ... און דאָ ליגט דאָס אוראייניקל, דזשייקעלע, איינגאַנצן אַ נאַקעטינקער, און דאָס פּעטע זייטעלע פאַרקנייטשט. דזשייק איז שוין איצט צוועלף יאָר אַלט.

— אַ גוט מאָרגן אייך, און וואַקסן זאָלט איר! — זאָגט זי צו די קינדער און די עלטערע גיט זי אויך אָפּ אַ גוט מאָרגן און ווינטשעוועט זיי לאַנג לעבן.

נאָכדעם נעמט זי זיך קאָכן וואַרעמעס פאַר זיך. זי שטעלט צו דאָס קליינע טעפּעלע געקעכטס און גייט אַרויס אין דרויסן. דאָרט טרעפט זי שוין אָן די שכנות. כאָטש זיי זיינען פאַרנומען, אַפילו שטאַרק פאַר־נומען, אָבער מע רעדט זיך דורך. מע דערציילט זיך אויס איינע פאַר דער אַנדערער, וואָס מע ליידט זיך אָן פון די קינדער. מע רעדט מיט אָנגעבראָכענע שטימען און אייניקע פון שיינע רחלס חברטעס לאָזן טאָקי אַ טרער. נאָר שיינע רחל באַקלאָגט זיך ניט. זי הערט אַלעמען אויס, וואַרפט פון צייט צו צייט אַריין אַ וואָרט און שמייכלט שטיל.

— מע דאַרף ניט רעדן, זאָגט זי, קינדער זיינען קינדער ...

נאָר אָט גייען די שכנות אַוועק. שיינע רחל קומט צוריק אַריין אין קיך. זי טוט אַ קוק צו איר טעפּעלע, וואָס זידט שטיל און זי נעמט זיך שטריקן אַ סוועטער, אַ וואָלן לייבל פאַרן זון, כייקל, וואָס דאָ אין אַמע־ריקע, הייסט ער טשאַרלי. ער איז שוין ווייט אַריבער די זעכציק און עס איז אים קאַלט אַפילו זומער ...

וויפל סוועטערס שיינע רחל האָט שוין אויסגעשטריקט! אַזוי לאַנג ווי די אויגן לויכטן און גאָט גיט כוח די הענט, דאַרף מען די קינדער ניט פאַרלאָזן און זיי וואַרעמען מיט וואָס מע קאָן נאָר.

נאָך מיטיק לייגט זי זיך צו שלאָפן. זי שלאָפט ניט לאַנג, אָבער זי ליגט ביז פאַרנאַכט. נאָכדעם דאַוונט זי מנחה.

און אָט קומט די נאַכט.

די צימערן ווערן גרויס און אויסגעהוילט און די אויסגעהוילטקייט זייערע איז פול און פול מיט סומנע פינצטערקייט, וואָס בלענדט און קלינגט איר אין די אויערן.

אין דרויסן לויפן אויטאָס. ערגעץ פייפן באַנען און שיפן. קינדער

ליאַרעמען אונטער די פענצטער ביז שפּעט אין דער נאַכט. קינדער לאַכן און פרייען זיך אין דרויסן, אָבער דאָ, אינעווייניק איז שטיל און אומעטיק. אין די צוויי גרויסע צימערן ברענט ניט לאַנג קיין ליכט. די אַלטע ליגט אינעם גרויסן בעט און קוקט פאַר זיך.

אַזוי גייט אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג און אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט. און אָט דערנענטערט זיך זונטיק. שבת איז דאָך אַ געבענטשער טאָג, פון זיין ליב־הייליקן נאָמען געגעבן געוואָרן, אָבער זונטיק איז ביי שיינע רחלען דער אמתער יום טוב, מחמת אין יענעם טאָג קומען אירע קינדער צו איר צו־גאַסט. עס קומען די זין, די טעכטער, די שניר, די איידימס. די אייניקלאַך מיט זייערע קינדער, און די צימערן ווערן, קיין עין הרע, אַזוי קליין, אַז עס איז זיך ניטאָ וואו אַ ריר צו טאָן.

שיינע רחל וואָלט געדונגען נאָך אַ צימער, ווען איין קינד כאָטש וויל בלייבן מיט איר... נו, מילא, זאָלן זיי זיין געזונט... קינדער זייַנען קינדער... און זי האָט זיי אַלעמען גלייך ליב... און נאָר מיט די מעוברתע פילט זי זיך ניט באַקוועם. שוין יאָרן און יאָרן אַזוי. זי איז נאָך דאַמאָלט אַפילו קיין זיבעציק יאָר ניט אַלט געווען. האָבן די מעוברתע קינדער געקוקט קרום אויף איר. אַזוי האָט זיך איר געדאַכט. זיי האָבן געוואָלט געבן נאָך איר אַ נאָמען, אַז זייערע קינדער זאָלן לעבן אַזוי לאַנג ווי זי... און זיי האָבן גאָר געמוזט אַ נאָמען געבן זייערע קינדער, אָדער נאָך יונג־פאַרשטאָרבענע קרובים, אָדער גאָר נאָך פרעמדע מענטשן.

איצטער זייַנען צוויי אייניקלאַך מעוברת. און עס דאַכט זיך שיינע רחלען אויס, אַז ביידע קוקן קרום אויף איר. זי מיידט אויס זייערע בליקן, און זי זעט זיי. זי קאָן זיי אין די אויגן ניט קוקן...

„אפשר זייַנען זיי גערעכט" טראַכט זי. אָבער באַלד באַשליסט זי:

„גיין, גאָט ווייסט בעסער, וואָס ער טוט. עס איז נאָך אפשר ניט געבוירן געוואָרן דאָס קינד, וואָס זאָל זוכה זיין צו טראָגן איר נאָמען וואָס זאָל זיין געבענטשט מיט אַסך יאָרן און זיין אַ מופלג בישראל, ער זאָל האָבן גענוג צייט צו לערנען גאָטס תורה און פאַרשפּרייטן איר ליכט איבער דער גאָרער וועלט".

